א. רייזען

# דערציילונגען

קאָאָפּעראַטיווער פאַרלאַג „קולטור-ליגע“
קיעוו — 1929

# אינהאלט

# אַווראָם רייזען

I

פון ייִדישע ווערטער אַלטמאָדישע,
פון איינפאכע רייד אָן א קלאנג,
פון טענער אָפט ווייניק מעלאָדישע —
פארפאס איך מייַן פּראָסטן געזאנג.

זיי זייַנען דער אָפּקלאנג פון טעגלעכע
פארשטיקטע געשרייען פון פאָלק, —
דאָס מאכט די מוזיק פאר א קלעגלעכע,
דעם טעקסט — פאר א זיפץ אָן א טאָלק.

— — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — —

ווי לאנג נאָך די קנעכטשאפט וועט דויערן,
ווער ווייס — אָך, ווער ווייס נאָך ווי לאנג!
איך ווייס נאָר, אזוי לאנג וועט טרויערן
מייַן ליד מיט זייַן טרויער-געזאנג.

דאָס איז פון מאָריס ווינטשעווסקיס א ליד אינמיטן די 90־ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט (אין 1895 יאָר). דיראָזיקע ליד אנטהאלט אין זיך א מין כאראקטעריסטיק פון דער נייַער ווענדונג, וואָס די ייִדישע דיכטונג האָט דאן, אין די 90־קער יאָרן, באזונדערס וואָס נעענטער צו דער צווייטער העלפט זייערער, אָנגענומען. „פון ייִדישע ווערטער אלטמאָדישע”, וואָס „זייַנען דער אָפּקלאנג פון טעגלעכע פארשטיקטע געשרייען פון פאָלק”, שאפן „טעקסט פאר א זיפץ אָן אַ טאָלק”, — אָן א באשטימטער בוילעטער אידעאָלאָגישער אָריענטאציִע.

וואָס האָבן מיר געהאט ביז דאן אין דער ייִדישער דיכטונג, אין דער מאָדערנער, ניט פאָלקסלידישער דיכטונג?

מיר האָבן געהאט, ערשטנס, פרוגס באלעבאטיש-נאציִאָנאליסטישן קוואטש.

דער שטורעם העלפט מיר בלאָזן טקיעס
— — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — —

מיר זינגט די זון „מכלכל חיים״,
הוישײַנעס שלאָגט דער ווינט באַם טײַך,
און מיט א ניגן גאָר א נײַעם
וויל איך די לידער זינגען אײַך.

מײַן הארץ איז אָבער ווי אין רינגען
געפּאַסט, און ווײנען ציט עס מיך:
מיט וואָס איך הייב ניט אָן צו זינגען, —
מיט „מן המצר״ ענדיק איך.

בא אזא נאציאָנאליסטיש־קאָנפעסיאָנעלן באנעמען די נאטור און די סאָציאַלע וועלט האָט פרוג ניט געקאָנט „פון יידישע ווערטער אלטמאָדישע״ פארפאסן „פראָסטן״, האָרעפּאַשנעם געזאנג. אדערהבא, צו דידאָזיקע ווערטער, צום גאנצן יידיש האָט ער זיך באצויגן פון אויבן אראָפּ — אין בעסטן פאל, ווי צו א נעבעכדיקן מאמע־לאָשן, אין ערגסטן — ווי צו א „גאָלעסדיקן״ דינסטמוידן־לאָשן. ס׳האָט בא אים אויסגעזען, ווי א יידיש־נאציאָנאלער פלעק אין דער פעלקער־מישפּאָכע. עס גייען דורך פארשיידענע פעלקער: ענגלענדער, גריכן, ציגײַנער, טאָטערן, פראנצויזן אראבער — יעדער מיט זײַן שפּראך, מיט אן „אייגענעם לאָשן״, און אלע קוקן זיי אף „יִסראָלעקן״ מיט זײַן יידיש, ווי „אף עפּעס א כידעש״.

און דאָרטן, פון ווײַטנס, זעט אונדזער יִסראָלעק,
שטייט איינער, א גרויער, אן אלטער,
ארומגעכאַפּט און צוגעטוליעט צום הארצן
צוויי לוכעס פון מירמלשטיין האלט ער.

מיט איין וואָרט, באלעבאַטישע לעכצענישן נאָך דער טוירע־לאָשן, נאָך לאָשנקוידעש.

אפן צווייטן, דיאמעטראל קעגנזעצלעכן פלאנג פון דעמזעלבן קלאס האָט אָנגעהויבן אופגיין פּערעצעס שטערן. דאָס איז געווען די מאָדערנע בורזשואזע פערזענלעכקײַט, וועלכע האָט געזוכט א הויבער, קעדיי איבערצוקערן דאפקע די וועלט פונעם יידישלעך־קאָנפעסיאָנעלן מיטלאלטער, נאָך וועלכן ס׳האָט אזוי געלעכצט, פרוג. דעם הויבער האָט ער געהאט דערזעען אין די יידישע פאָלקס־מאסן. אָבער דידאָזיקע מאסן זײַנען פאר אים געווען ניט קיין זעלבסטווערדיקע קראפט, וועלכע פירט צו דער הערשאפט פונעם קאָלעקטיוו, נאָר א טראמפּלין פארן שאפונג־שפּרונג פון דער נײַער, באפרײַטער פערזענלעכקײַט. האָט פּערעץ אָנגענומען די שפּראך פון די פאָלקס־מאסן, יידיש, אָבער ניט צוליב דער סאָציאַלער שלאכטפעיקייט פון אָט דער שפּראך, נאָר צוליב איר ווײַטשלאָגעוודיקײַט. יידיש ציט אים ניט ווי א מעכטיק מיטל צו באהעפטן זיך מיטן האָרעפּאַשנעם קאָלעקטיוו. ניט דאָס אימפּאָ־

נירט אים אין יידיש — ער וויל, פארקערט, מיטן האמוינישן יידיש באפרישן דאָס שלאבערדיקע בלוט פון דער איינצעלנער פערזענלעכקייט, אקטיוויזירן אירע „דער-הויבענע" און ראפינירטע איבערלעבונגען און געפילן. ער קלאָגט זיך:

אונדזער יידיש האָט נאָר וויצן,
האָט נאָר שפּיצן, בלאנקע בליצן, —
ווערטער, ווי פארסאמטע שפּיזן!
אין אים לאכן, וויינען ריזן.
— — — — — — — —
ר'איז איינגאנצן בלוט און טרערן!

דוכט זיך, די בעסטע קוואליפיקאציע פון א קאמף־שפּראך פאר אזא קעמפע-רישן שרייבער, ווי פערעץ?

און דאָך:

אנדערש וואָלט מיין ליד געקלונגען,
כ'זאָל פאר גאָיִם גאָיִש זינגען,
נישט פאר יידן, נישט זשארגאָן, —
קיין רעכטער קלאנג, קיין רעכטער טאָן!

וואָס איז די מייסע?

„ס'האָט פאר ליבע, פאר געפיל,
ניט קיין פאסנד וואָרט, קיין סטיל".

די אומצופרידנקייט מיט דער סטיל-באַגרענעצטקייט פון די „יידישע ווערטער אלטמאָדישע", דער בונט קעגן איר איז בא פערעצן געווען, צום אונטערשייד פון פרוגס „מן המצר"-באנעם, העכסט פרוכטבאר, — עס האָט אים געבראכט צו שאפן א נייעם סטיל אין יידיש, צו באררייכערן די שפּראך מיט אָן א שיר נייע, מאָדערנע באגריפן, צו מאכן אים, פערעצן, פאר א שותף מיט די ארבעטער-מאסן אין זייער אומוואנדלען דעם „זשארגאָן" אין דער נאציאָנאלער שפּראך פונעם יידישן ארבעט-פאָלק. אָבער דער ס אָ צ י א ל ע ר ק וו א ל פון דערדאָזיקער אומצופרידנקייט איז געווען א פרעמד-קלאסאָווער, פון אים האָבן זיך געצויגן פארבאָרגענע וועגן צו דעם יידישקייט-ווינקעלע, וואָס פערעץ האָט פאר זיך העט שפּעטער אויסגעבויט אינעם יאצקאנישן „היינט"...

## II

גאָר אן אנדער כאראקטער האָט געהאט די פּראָלעטארישע דיכטונג, וועלכע האָט אויך דאן, אין די 80-קער יאָרן, אָנגעהויבן אופגיין, — די דיכטונג פון מאָריס ווינטשעווסקי, דאָוויד עדלשטאט און יאָסף באָוושאָווער.

ניט פון „אלטמאָדישע" יידישע ווערטער האָבן דידאָזיקע דיכטער פארפאסט זייער געזאנג, — זיי האָבן באשאפן נייע, מאָדערנע ווערטער, גאָר א נייעם, אין

דער יידישער שפּראַך ניט־געוועזענעם לעקסיקאָן פון רעוואָליוציאָנערן אַרבעטער־קאַמף. ניט „איינפאַכע רייד אָן א קלאַנג״ זיינען געווען זייערע לידער, נאָר רייד דערהויבענע, וועלכע האָבן זיך אָפּט געבעטן גלייך איבערצוגאָסן צו ווערן אין קלינגעוודיקע, זינגעוודיקע שלאַכט־לידער. צום ערשטן מאָל האָבן זיך ניט נאָר אין דער יידישער דיכטונג, נאָר אין דער יידישער שפּראַך איבערהויפּט באַוויזן אַזעלכע ווערטער, ווי קאַמף, באַוווסטזיין, רויטע פאַנע, רעוואָליוציאָן, אַרבעטסמאַן און דער איבעריקער ווערטער־אוצער פון אַרבעטער־קאַמף.

אויב פרוגס דיכטונג האָט זיך אויסגעפורעמט אונטער דער ווירקונג פונעם קרעמערשן בעסמעדרעש און בעסמעדרעשדיקער קרעמעריי, אויב פערעץ הייבט אָן מיט עראָטישע און פריידענקערישע מאָטיוון פון א פאַרשפּעטיקטן אין דער יידישער סוויווע אופקלערער־ענציקלאָפּעדיסט, — האָט זיך די פּראָלעטאַרישע דיכטונג פון ווינטשעווסקי—עדלשטאַט—באָוושאָווער אויסגעפורעמט אונטער דער אייגנאַרטיק געמישטער ווירקונג פון דעם רוסישן רעוואָליוציאָנער־פאָלקיסטישן „ראַזנאָטשינעץ״ און דעם קליינבירגערלעך־אַנאַרכיסטישן יידישן אַרבעטער־עמיגראַנט פון אַזעלכע צענטרען, ווי לאָנדאָן און ניו־יאָרק.

דער כאַראַקטער און צושטאַנד פון דער פּראָלעטאַרישער דיכטונג האָט דאַן אַנטשפּראָכן דעם כאַראַקטער און צושטאַנד פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין דער יידישער סוויווע סיי אין רוסלאַנד און סיי אין די עמיגראַציע־צענטרען. די באַוועגונג האָט דאַן נאָך איבערגעלעבט איר קריייזל־עפּאָכע, זי האָט נאָך גע־האַלטן בא פאַרטיפּטער פּראָפּאַגאַנדע אין שמאָלע אַרבעטער־קרייזן. האָט זי נאָך אָפּט געטראָגן אַן אַבסטראַקט־סעקטאַנטישן כאַראַקטער. אין דער דיכטונג האָט ער געבראַכט צו אומשטייגערישע אַבסטראַקציעס, צו אַנאַרכיסטישן קאָסמאָפּאָליטיזם אַנ־שטאָט מאַרקסיסטישן אינטערנאַציאָנאַליזם. אין דער פאָרם האָבן מיר דאָ אַנשטאָט בילדערישקייט געהאַט פּובליציסטיק, אין דער שפּראַך—צייטונגסמעסיקייט אַנשטאָט פאָלקסלידערישער יאָדערדיקייט. בא ווינטשעווסקין האָבן מיר געהאַט מער פאָלקס־טימלעכקייט אין דער שפּראַך, בא באָוושאָווערן—מער בילדערישקייט אין דער פאָרם די אויבנאָנגעוויזענע שטריכן האָבן זיך אַמערסטן פאַרקערפּערט אין עדלשטאַטס דיכטונג.

דידאָזיקע פּראָלעטאַרישע דיכטונג האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט א גרויסן סאָ־ציאַלן אופרייס־מאַטעריאַל, זי האָט אָפּגעשפּיגלט א קאָלאָסאַלע ראָלע אין אונדזער ליטעראַטור. זי געהער צו דעם מין זינגעוודיקע ליטעראַטור, וואָס אויב זי האָט ניט זויכע געווען צו אַנערקענונג בא אונדזער באַלעבאַטישער קריטיק, האָט זי דער־פאַר געהאַט דאָס גרויסע גליק אַרייַנצוקומען גלייך אינעם זינג־אוצער פון די רע־וואָליוציאָנערע אַרבעטער־מאַסן. אָבער לויט איר אינערלעכן סאָציאַלן טאָך איז די־דאָזיקע דיכטונג געווען דער אויסדרוק פונעם געפילן־ און געדאַנקען־גאַנג בא נישט־אופוואַכנדיקע אין קלאַסן־זין אַרבעטער־געזעלן, וועלכע זיינען נאָך ניט דערוואַקסן צום באַוווסטזיין פונעם קלאַס—העגעמאָן, וועלכער פירט נאָך זיך אַלע געיאָגטע און געפּלאָגטע, אַלע אונטערדריקטע מאַסן. הינטער דערדאָזיקער דיכטונג האָט זיך ניט געפילט קיין לעבעדיקער מאַסנשטייגער, קיין בלוט און פלייש פון צאַפּלדיקע מאַסן,—ס׳איז געווען א דיכטונג, וועלכע צילט ניט צו קיין צוזאַמענשטויס מיט קיינעם אויסער דעם „שאַפּ״...

III

אין די 90־קער יאָרן איז געקומען דער איבערבראָך. די סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז אריבער פון פראָפּאַגאַנדע צו אגיטאַציע, פון א קרײַזל-פּאַרנעם צו א מאסן־מאסשטאב.

דאָס איז געווען א דיאַלעקטישער פּראָצעס. פון איין זײַט, האָט דאָס באַטײַט, אַז די באַוועגונג איז אריבער אַף א העכערער אַנטוויקלונג-שטופע: עס זײַנען אין איר צוגעצויגן געוואָרן גרעסערע מאסן, זי איז געוואָרן שלאַכטפעיִקער, לעבנס-האַפטיקער. פון דער צווייטער זײַט, האָט עס אָבער אויך באַטײַט, אַז זי האָט פאַרלאָרן איר פריִערדיקע קרײַזל-„אומשולד״: זי האָט זיך ניט נאָר דורכגעדרונגען מיט דער קראַפט פון די מאסן, נאָר אויך מיט זייערע שוואַכקייטן, ניט נאָר זי האָט געווירקט אַף זיי מיט איר רעוואָלוציאָנערישקייט, נאָר אויך זיי האָבן געווירקט אַף איר מיט זייער אָפּגעשטאַנענקייט.

אַנשטאָט דעם „קריטיש-דענקענדיקן״ פּאָלקיזם פונעם רוסישן „ראַזנאָטשינעץ״ איז געקומען די לעבעדיקע פּאָלקסטימלעכקייט פונעם יידישן מאסן-אַרבעטער; אַנשטאָט דעם קליינבירגערלעך-בונטאַרישן אַנאַרכיזם פונעם אַרבעטער-עמיגראַנט אין דער פרעמד איז געקומען דער נאַטירלעכער צוזאַמענשטויס פון דער אַרבעטער-מאסע מיט די ניט-פּראָלעטאַרישע האַרעפּאַשנע שיכטן, וואָס זײַנען מיט זיי אָרגאַניש פאַרבונדן אין שטייגער, אין לעבעדיקן לעבן.

עס איז געקומען דער מאסן-פּאַרנעם. ער האָט אָבער מיט זיך געבראַכט אויך אָפּאָרטוניזם, נאַציאָנאַליזם, מאַרטאָווס „ווענדפּונקט אין דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג״; עס איז אַנטשטאַנען א גרויסע מאסן-אָרגאַניזאַציע — אָבער אין דער פאָרם פונעם „בונד״ מיט זײַן „איינציקער פאָרשטייערשאַפט״. עס האָט זיך אָנגעהויבן די פאַרצויגענע עפּאָכע פונעם „נאַציאָנאַלן״ סאָציאַליזם אין דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג.

די דיכטונג האָט עס גלײַך דערפילט, פאַרעגיסטרירט, אויסגעדריקט. זי איז געוואָרן פילטאָניקער, פילאַרטיקער, בילדערישער, בויגעוודיקער, אַרומגעוואָקסן מיט מאסנשטייגער, מיט פּאָלקסטימלעכער קולטור. זי האָט אָבער צוזאַמען דערמיט פאַרלאָרן אין אידעאָלאָגישער בוילעטקייט, אין קלאָרער קלאַסאָווער צילגעווענדטקייט. טאַקע:

פון יידישע ווערטער אַלטמאָדישע,
פון איינפאַכע רייד אָן א קלאַנג,
פון טענער אָפּט ווייניק מעלאָדישע
פאַרפאַס איך מײַן פּראָסטן געזאַנג, —

אָבער ס׳איז שוין „טעקסט פאַר א זיפץ אָן א טאָלק״, ווײַל ס׳איז שוין דער זיפץ פון „געיאָגטע און געפּלאָגטע״ בכלל, דער פּראָטעסט פון „אַביונים וועעוויונים״, ניט לידער פון קאַמף, נאָר דעריקער לידער פון נויט:

כ׳האָב דאָס לעבן אַף דער פידל
פאַר דער נויט געשפּילט קאָנצערט,
און די נויט האָט אַפּלאָדירט מיר
און מיט גרויס געפיל געהערט (רייזען).

עס איז געקומען די צוזאמענשלוס-דיכטונג, וואָס איר ערשטער אָנזאָגער איז נאָך געוועזן מאָריס ראָזענפעלד און וואָס איר עכטער אויסדריקער איז געוועזן און איז פארבליבן ביז איצט אווראָם רייזען.

## IV

דער צוזאמענשלוס האָט אין דער יִדישער סוויווע, ביזן אופקומען פון א יִדיש פויערטום אין ראטנפארבאנד, געקאָנט טראָגן—און עס האָט טאַקע גע-טראָגן—נאָר א שטאָטישן (אָדער שטעטלשן) כאראקטער. ביז אונדז האָט געקענט גיין א רייד ניט וועגן א צוזאמענשלוס פונעם פראָלעטאריאט מיטן פויערטום, נאָר מיר שטאָטישע געיאָגטע און געפּלאָגטע, מיט די „אניִים וועעוויוינים״. האָבן מיר טאקע ניט געהאט קיין פויערשע דיכטונג, נאָר א דיכטונג פון שטאָטישע און שטעטלשע „אניִים וועעוויוינים״.

צוויי צדאָדים זײַנען פאראן אינעם צוזאמענשלוס: דער פראָלעטאריאט און די ניט-פראָלעטארישע האָרעפאשנע מאסן, וואָס דער פראָלעטאריאט דארף זיי נאָך זיך פירן. פאסירט, אז דער פראָלעטאריאט שטרעקט דער ערשטער אויס די האנט צו דידאָזיקע מאסן און פארזיכערט זיי מיט זײַן שטיצע און אָנפירונג, און עס פא-סירט אויך, אז די ניט-פראָלעטארישע האָרעפאשנע מאסן דערפילן אליין א דראנג צו גיין מיטן ארבעטער-קלאס, צו שטיצן אים, צו פארלאָזן זיך אף אים.

רייזענס דיכטונג, זײַן גאנצע שאפונג איז דער אויסדרוק פון אזא צוזאמענ-שלוס, וואָס די איניציאטיוו גייט פונעם צווייטן צאד — פון די שטאָטישע און שטעטלשע געיאָגטע און געפּלאָגטע, אָרעמע און לײַדנדיקע.

דידאָזיקע שיכטן זײַנען פיל אָרעמער אין שפראך, אין אויסדריקן, אין בא-גריפן, ווי די פראָלעטארישע מאסן, — אָבער אף יעדן וואָרט און באגריף פאלט א גרויסע שטייגער-אָנלאָדונג, אן אָנלאָדונג פון דוירעסדיקער מאסן-אויסקומעניש און אָפּקומעניש. זייער שפראך איז שטארק אָרעם אין מאָדערנע קאמפס-ווערטער, אין שלאכט-אויסדריקן, — דערפאר האָבן זיי זיך אויסגעארבעט א סטיל פון א מין אופרײַסנדיקער, אָפּלייקענענדיקער רעזיניאציִע, קלוימערשטער האכנאָע, בײַסנדיקער און שמײַסנדיקער „א ברייִרע האָב איך?״

אווראָם רייזען פארמאָגט אין זײַן דיכטונג א פיל אָרעמערן קאמפס-לעקסיקאָן, ווי ווינטשעווסקיס, עדלשטאטס און באָווּשאָווערס דיכטונג, — אָבער יעדער וואָרט אָטעמט באַ אים מיט א צאפּלדיקן זײַן פון לעבעדיקע און בלוטנדיקע מאסן, מיט זייער וויי, מיט זייער נויט. ער איז ניט מארישוילעם מיט וועלט-געשרייען — עס פעלט אים דערצו דער דיִאפאזאָן, ער לעכערט אָבער די הערצער מיטן שטילן צאָרן פון זײַן אופרײַסנדיקער רעזיניאציִע.

אונדזער סייכל, אונדזער כאָכמע,
אונדזערע קלוגע שארפע ווערטער
הערט מען ניט אין קיין געזעלשאפט,
קלינגען ניט אין קיינע ערטער,

שטארבן אָפּ מיט אונדז צוזאמען, —
שטארבן אָפּ מיט אונדז, קאפּצאָנים, —
קיינער ווייס פון אונדזער סייכל.
און מיר הייסן די נאראָנים.

פארגלײַכט אָט די פארבּיטערטע רעזיגניאציִע, לעמאָשל, מיט בּאָוושאָווערס קנאלן:

איך קום, ווי א שטאָלצער קאָמעט, ווי די זון, ווען עס
הייבּט אָן צו טאָגן,
איך קום, ווי א בּייזער געוויטער פון בּליץ און פון
דונער געטראָגן,
איך קום, ווי א בּלוטיקע לאווע פון וואָלקן-בּאדעקטע
ווולקאנען, —
איך קום, ווי דער שטורעם פון צאָפן, וואָס וועקט און
דערשרעקט אָקעאנען.

אזוי דערקלערט וועגן זיך די רעוואָלוציִע. בּא רייזענען הייסט עס:

הוליעט, הוליעט, בּייזע ווינטן,
איצט איז אײַער צײַט!
לאַנג וועט דויערן דער ווינטער,
זומער איז נאָך ווײַט.

אזוי זײַנען גרייט צו דולדן די בּיטערע צײַט די געיאָגטע און געפּלאָגטע, וועלכע וו א ר ט ן א ף ד ע ר ל ײ ז ו נ ג פונעם פּראָלעטאריאט...

נאָר אווראָם רייזען איז ניט נאָר קיין דיכטער, — ער איז אויך א דערציילער, א נאָוועליסט. אויך אין דעם געביט בּלײַבּט ער טרײַ זײַן צוזאמענשלוס-נאטיר. ער דערציילט אונדז ניט קיין וועלט-אופטרייסלענדיקע געשיכטע, ער שילדערט ניט קיין גרויסע טראגעדיִעס פון מערקווירדיקע פּערזענלעכקײַטן, ער הייבּט ניט אוף קיין טיפע פּראָבּלעמעס, — קלייניקע געשיכטעלעך פון קלייניקע מענטשעלעך, וואָס געפינען זיך אין וואָכנדיקן קלעם פון אלטעגלעכער נויט. אָבער די נויט איז ניט קיין אינדיווידועלע, קיין צופעליקע, — זי איז א רעזולטאט פון דער קאפּיטאליסטישער עקספּלואטאציִע, פון דער בּורזשואזער הערשאפט.

אַ קליינע „דראמע איבּער 5 קארטאָפלעס״; א פּרימיטיוו-געשטעלטע פּראָבּלעם — די „נײַע שײַלע״, צי מעג אַן אַרבּעטער-קעמפער זיך פארליבּן אין א גווירס טאָכטער; גוטמוטיקער כויזעק איבּער אָקאָרשט געוועזענע רעוואָלוציאָנערן, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט מיצוועס מילע, און נאָך און נאָך אזעלכע קליינע עפּיזאָדן, וואָס אין זייער סומע גיבּן זיי דאָס פּאנאנדערגעוויקלטע בּילד פון דער בּורזשואַזער קלאסן-געזעלשאפט מיט איר אומרעכט און אומזיטלעכקײַט אין דער אופאסונג בּא א דיכטערישן פאַרשטייער פון די „געיאָגטע און געפּלאָגטע״, וואָס ציִען זיך מיט זייער גאנצער בּעשאָמע צום רעוואָליוציאָנערן אַרבּעטער-קלאס.

אווראָם רייזען האָט די מאסן, וואָס זייער געפילן- און געדאנקען-גאנג דריקט ער אויס אין זײַן דיכטונג, אָריִענטירט אף דער ייִדישער ארבעטערשאפט. האָט דידאָזיקע ארבעטערשאפט אין איר גרעסטן מאסיוו אידעאָלאָגיש געבלאָנדזעט, איז אָפט רייזענס דיכטונג אין אידעאָלאָגישן זין געווען א „טעקסט פאר א זיפץ אָן א טאָלק״. האָט אָבער די ייִדישע ארבעטערשאפט מיט דער אָקטיאבער-רעוואָליוציִע איר ריכטיקן וועג געפונען,—האָט זיך אויך אווראָם רייזען געפונען און ער שאפט שוין ווידער רעוואָליוציאָנערן געזאנג „מיט א טאָלק״.

מ. ליטוואקאָוו.

# דאָס קליינע שטיבל

דאָס שטיבעלע, ווו ארן־לייב, אַן אָרעמער־טווּע־הענדלער, האָט געוווינט מיט זײַן זעקס־נעפּאַשעדיקער פאמיליע, — דאָס שטיבעלע איז געווען אַ קליינס און איז באַשטאַנען נאָר פון צוויי כאדאָרים, אויב מ׳זאָל דעם אויוון, וואָס איז געווען קלוימערשט אָפּגעצוימט מיט א דורכגעלעכערט שפּאניש ווענטל, אויך ארײַנ־נעמען אין כעשבן. אַרן־לייב איז געווען אין כאדאָרים ניט שטארק געניט, און דער אָפּגעצוימטער אויוון איז בא אים געווען פארעכנט פאר א באזונדער כיידער. דערפאר אָבער דאָס ווײַב, ביילע, וואָס האָט געשטאמט שוין פון א רײַכערער פאמיליע, האָט דערפון כויזעק געמאכט און שטענדיק פאָרגעוואָרפן אַרן־לייבן זײַן נאַכלע, און אויב אַרן־לייב פלעגט זיך אײַנאַקשענען און האַלטן זיך באַ זײַנס, אַז דאָס שטיבל באַשטייט בעפיירעש פון צוויי כאדאָרים, ווײַל דער אויוון איז פאָרט אָפּגעצוימט, פלעגט זיך ביילע ניט פוילן, אופהייבן מיט די הענט דאָס גאַנצע שפּאַנישע ווענטל און פאַרוואַרפן אַפן אויוון, דעמאָלט פלעגט ערשט אַרן־לייב מוזן—מיט שווײַגן—אַליין מודע זײַן, אַז זײַן שטיבל האָט טאַקע נאָר איין כיידער. נאָר אַרן־לייב פלעגט אויך דעמאָלט זײַן שטאָלץ ניט פאַרלירן, אַדעראַבע, ער פלעגט נעמען אין האַנט אַרײַן די גראָוו־געוואָרענע באָרד, א הוסט טון, מיט אַ ראַכוועס אויסשפּײַען אַפן מיטן פּאָדלאָגע, מײַסע באַלעבאָס, און זיך אָנרופן:

— אַבי אַן אייגנס! קיין שאָכנטע ביסטו גאָט צו דאַנקען ניט!

ערשט דעמאָלט פלעגט ביילע ווייכער ווערן, אַראָפּנעמען צו־ריק פון אויוון דאָס שפּאנישע ווענטל, אַוועקשטעלן אַפן פריִערדיקן פּלאַץ און פלעגט מודע זײַן:

— אַן אייגנס איז טאַקע אַן אייגנס.

דערזעענדיק צוריק דעם אויוון אָפּגעצוימט מיטן ווענטל: פלעגט אַרן־לייב ווידער זיך ניט קענען איינהאַלטן און אויסרופן,

— עס איז פּאָרט צוויי כּאדאָרים !...

— טעראַך !—פלעגט שוין ביילע ווידער בייז ווערן,—זאָג כאָטש א כיידער מיט אַ קיך !...

אַף דער פּשאָרע פלעגט שוין אַרן־לייב איינגיין.

— אַ קיך, — פלעגט ער גוטמוטיק מורמלען, — גייט אויך ניט באָרוועס...

און מאַן און ווייב פלעגן אַף אַ צייט שאָלעם ווערן...

דאָס ענגשאַפט פון שטיבל וואָלט שוין ניט אַזוי אויס געמאַכט, ווי דאָס, וואָס דאָס שטיבל איז געווען אַ צו אַלטס און ניט נאָר אין דער צאָל פון די כאדאָרים איז מאַן און ווייב נט געווען איינשטימיק, נאָר אַפילע אין דער צאָל יאָרן, וואָס דאָס קליינע שטיבל האָט געציילט. לויט אַרן־לייבס רעכענונג איז דאָס שטיבל אינגאַנצן אַלט געווען אַ יאָר אַכציק, נײַנציק, ד. ה. געבויט האָט עס זײַן זיידע. ביילע אָבער, וואָס איז אויך געווען אַ געבוירענע אין דעמזעלבן שטעטל און ווייסט די גאַנצע גע־שיכטע פון אַרן־לייבס מישפּאָכע, — ביילע האָט היסטאָרישע דאָ־קומענטן, אַז דאָס שטיבל איז שוין אַלט אַ יאָר הונדערט פופציק. און אַז אַרן־לייבן פלעגט שווער אָנקומען אופצווייזן די עמעסע עלטער פונעם שטיבל, פלעגט ער זיך ווידער לאָזן אַף אַ שאָלעם:

— און אַז הונדערט פופציק יאָר, ביסטו בעדאַלעס ! אַדעראַבע, וואָס עלטער, איז בעסער. האַלעוואַי זאָלן מיר דעם שטיבעלעס יאָרן דערלעבן.

פלעגט אָבער ביילען אויסווייזן, אַז דאָס שטיבל שמעקט שוין מיט קוואָרעס־בלעטער, פון די שינדלען פין דאַך איז קיין זייכער ניט געבליבן, און ווען ניט דער דיק־באוואַקסענער מאָך אַפן דאַך, וואָלט דער רעגן און שניי אין שטוב אינעווייניק אַרײַנגעקאַפּעט.

— און האַלעוואַי זאָל איך ליגן זאָגן, — פלעג זי ענדיקן שטאַרק פּעסימיסטיש, — דאָס שטיבל וועט אַמאָל באַ אַ זאַווערוכע נאָך

אײַנפֿאַלן, און זאָל גאָט נאָר אויסהיטן, וואָס פֿאַר אַן אומגליק עס קאָן טרעפֿן...

אַזאַ נעווע האָט אַרן־לײבן צײַטנווײַז געשראָקן. און אַרויס־גײענדיק פֿון שטוב אינדערפֿרי דאַוונען, פֿלעגט ער ניט אײנמאָל זיך אָפּשטעלן באַם שטיבל, באַטראַכטן די ווענט, דעם דאַך און פֿלעגט מעשאַער זײַן, אַז דאָס שטיבל שטײט טאַקע בעכוז־קעס סאַקאָנע... און אין יענעם טאָג פֿלעגט ער באַם בענטשן שטאַרק מעכאַוון זײַן דאָס וואָרט „את ביתי", טײַטשנדיק אין געדאַנק ניט ווי דער פּשאַט איז—מײַן הויזגעזינד, נאָר—מײַן שטיבל... און כאָטש ער האָט געוווסט, אַז גאָט איז אַ יודייע מאַכשאָוועס, פֿלעגט ער דאָך זיך ניט פֿאַרלאָזן אַף דער מאַכשאָווע אַלײן און פֿלעגט מיט די ליפּן שטיל אויסרײדן: עס בײסי — מײַן שטיבל...

אַז ער באַגײט ניט קײן אַוולע קעגן זײַן הויזגעזינד, איז ער געווען זיכער, וואָרעם אויסער „ביתי" איז דאָך דאָ בעפּײרעש „את אשתי ואת זרעי". און עס איז טאַקע אַ סוואָרע, באַדאַכט ער זיך דעמאָלט, אַז „את ביתי" מײנט מען טאַקע אין פּאשטעס דאָס שטיבל, וואָרעם ווען ניט, צו וואָס דאַרף שטײן „את אשתי ואת זרעי"?...

אָבער אַפֿן בענטשן אַלײן פֿאַרלאָזן זיך איז צו ריזיקאַליש, כאָטש אַרן־לײב איז אַ ייִד אַ מאַמין... און אז דאָס שטיבעלע האָט אין אַ ווינטערדיקן אָוונט באַ אַ גרויסן שטורעם אַזוי ווי אַ קנאַק געטון, איז אַרן־לײב, וועלכער איז דער אײנציקער אין שטיבל נאָך ניט געשלאָפֿן, שטאַרק אומרויִק געוואָרן: גאָט זאָל היטן וואָס קאָן זיך טרעפֿן. דאָס שטיבל שטײט שוין בעעמעס אַף מישקוילעס.

אַף מאָרגן האָט ער גײענדיק צוריק פֿון דאַוונען אָפּגעשטעלט לײזער דעם טעסלער, וועלכער איז אויך געגאַנגען פֿון דאַוונען, און ווי א כוילע ווענדעט זיך צו אַ דאָקטער, האָט ער זיך געווענדעט צום אַלטן טעסלער:

— איך האָב געוואָלט באַ אײַך עפּעס אַ פֿרעג טון, רעב לײזער.

— נו, נו...— האָט דער טעסלער רויִק, ווי זײַן שטײגער, אָפּגעענטפֿערט און געפּיפּקעט די לאַנגע ליולקע...

— דאָס הייסט, איך האָב געוואָלט, אַז איר זאָלט זיך מאַ־טריִעך זײַן אָנקוקן מײַן שטיבל... עפּעס דאַכט מיר, אַז עס זינקט אונטער אַביסל אין דער ערד אַרײַן... עס הייסט, ניט קיין סאַך, גאָט צו דאַנקען, די פּענצטער דערגרייכן נאָך, גאָט צו דאַנקען ביז די פּריזבעס, נאָר דער פונדאַמענט, וואָלט איך שווערן, איז אַרײַן אַביסל אין דער ערד, דאָס הייסט, עס האָט זיך אַראָפּ־געזעצט...

— מיר וועלן אָנקוקן, וועלן מיר זעען... — האָט לייזער גע־ענטפערט רויִק, טאַקע ווי אַ דאָקטער, וואָס האָט צו טון מיט אַסאַך כוילאָים, און וואָס, מישטיינס געזאָגט, גייט אים אָן, וואָס איין מענטשעלע איז ערגעץ מעסוקן קראַנק.

און כאָטש אַרן־לייב איז געווען אַ ייִד אַ באַלעבאָס, אַ לאַמדן, אַ יאַכסן, און לייזער דער טעסלער — ניט מער ווי אַ ייִד אַ באַל־מעלאָכע, האָט דאָך אַרן־לייב אין דער מינוט געפילט אַ טיפע אַכטונג צום לעצטן און האָט זיך געפילט, אַז אין יענעמס הענט ליגט זײַן גאַנץ לעבן... זאָל נאָר יענער אויסריידן אַ שלעכט וואָרט, און דאָס שטיבעלע איז קאַפּוט.

דעריבער האָט ער גייענדיק ניט געהאַט קײַן האַזע קיין סאַך צו דולן אַ קאָפּ לייזער טעסלער, נאָר נאָך אַ לאַנגער פּויזע האָט ער איידל און ווייך אַ פרעג געטון:

— איר קענט דאָך, רעב לייזער, מײַן שטיבל...

— אַ שײַלע! — האָט לייזער אָפּגעענטפערט, און אַרן־לייב איז געוואָרן פון ענטפער ווי געהויבענער...

צוקומענדיק צום שטיבל, האָט אַרן־לייב זיך דער ערשטער אָפּגעשטעלט און זיך געווענדעט מיט האַכנאָע:

— איצט, זײַט מויכל, רעב לייזער, באַטראַכט עס און זאָגט אײַער מיינונג...

— מיר וועלן שוין זאָגן! — איז לייזער שוין בעעמעס שטאָלץ געוואָרן און גענומען אָפּגעבן זיך אליין גרויס קאָוועד, רעדנדיק אַף „מיר", האָט אַרויסגענומען די ליולקע פון מויל, ווי זי וואָלט אים געשטערט צו קוקן, און אַרײַנגעלייגט אין בוזעם, צוגעגאַנגען צו די פּריזבעס, וואָס זײַנען געווען פאַרוויט מיט שניי, אַ טאַפּ געטון די ווינקלען פון די ווענט, פון איין אָרט אַרויסגעשלעפּט

אַביסל טרוקענעם „פּולווער״, געריבן עס מיט גרויס מעווינעס צווישן די פינגער, אַרויסגענומען פון בוזעם צוריק די ליולקע און געשוויגן.

— איז וואָס זאָגט איר, רעב לייזער?... — האָט אַרן־לייב ניט געקאָנט אויסוואַרטן...

— וואָס איז דאָ וואָס צו זאָגן? — האָט רעב לייזער געענט־פערט און האָט פאַרויכערט צוריק די ליולקע, — דאָס שטיבל דאַרף האָבן אַ טיקן...

— אַ גרויסן טיקן?... — האָט אַרן־לייב מיט דערשראָקענע אויגן איבערגעפרעגט.

— פאַרשטייט זיך, אַז ניט קיין קליינעם... — האָט לייזער זיך אַלץ געהאַלטן בײַ זײַן רויִקן, קאַלטן טאָן. — מע דאַרף עס אונ־טערהייבן אַף אַכט בערוועגעס אין אַ וואַנט, און מע דאַרף אַ נײַעם פונדאַמענט, און מע דאַרף נײַע באַלקנס, און אַ דעכל אַ נײַס וועט מען שוין בעמיילע דאַרפן...

— דאָס הייסט, מע דאַרף בויען אַ נײַע שטוב, — האָט אַרן־לייב ביטער געשמייכלט... — דאָס איז אָבער ניט בײַ מײַנע קויכעס... איך וויל נאָר וויסן, צי איז כאָלילע קיין סאַקאָנע ניטאָ דערווײַל, ביז גאָט וועט העלפן, צו בלײַבן וווינען נאָך...

— קיין גאָט בין איך ניט, — האָט לייזער ווי כויזעק געמאַכט, — אַז עס זאָלן זײַן שטילע פּאָגאָדעס, איז קיין סאַקאָנע ניט...

„אָפּגעזאָגט, הייסט עס״, האָט אַרן־לייב אין געדאַנק אויס־געטײַטשט רעב לייזערס ענטפער און מיט אַ געבראָכענעם קאָל האָט ער געזאָגט:

— אַזוי צי אַזוי, א יאַשער אײַך, רעב לייזער, פאַר אײַער טירכע.

פון דעמדאָזיקן יאַשער איז דער רויִקער רעב לייזער אַביסל ווייכער געוואָרן און האָט דאָך געפונען אַ טרייסט־וואָרט:

— עט... קיין סאַקאָנעס איז ניטאָ... מע וווינט אין ערגערע שטיבלעך בײַ אונדז... גאָט איז אַ פּאָטער...

און איז אוועק...

כאָטש די לעצטע ווערטער פון רעב לייזערן האָבן אַרן־לייבן אַביסל צוריק באַרויִקט, איז ער דאָך אַ גאַנצן טאָג אומגעגאַנגען

ווי צעדולט. אַלע ווײַלע געהויבן די אויגן צום באַלקן, געטאַפּט אינעווייניק די ווענט, די פּענצטער, אַזוי אַז ביילע האָט עס באַמערקט און געפרעגט אים:

— וואָס טאַפּסטו אַ גאַנצן טאָג ?..

— וואָס טאַפּ איך, וואָס, — האָט ער צעדולט געענטפערט, — איך טאַפּ גאָרניט...

און אינאָוונט, ווען אַלע זײַנען אין שטיבל געשלאָפן, האָט ער אַראָפּגענומען פון אַלטן אַלמער דאָס צוויי־קאָפּיקענע לועכל און געזוכט די „וועטערונג".

דער לועך האָט צוגעזאָגט אַף אַ פּאָר כאַדאָשים פרעסט, שפּעטער רעגנס, ווינטן—ערשט אין אַ האַלב יאָר אַרום...

און אַרן־לייב האָט זיך אַביסל באַרויִקט...

# דער פּוילישער גאַלעך

נאָך מינכע, ווען דער שאַבּעס פּלעגט זיך פּאַקן אין וועג אַרײַן, און די ייִדן פון שטעטל פּלעגן אַרויס אַפן גאַס, ווי זיי וואָלטן וועלן אים באַגלייטן, פּלעגן די גלעקער פון די צוויי קלויסטערס — פונעם רוסישן און פון פּוילישן — אָנהייבן צו קלינגען אַף כאָגע.

דאָס קלינגען פּלעגט די שטעטלשע ייִדן דערמאָנען דעם מאָרגנדיקן מאַרקטאָג, און אַנדערע, מיט מינעס פון שטערנזעער, פּלעגן פאַרײַסן די אויגן צום הימל און נעוויִעס זאָגן, וואָס פאַר אַ וועטער מאָרגן וועט זײַן, צי עס וועט זײַן אַ „גרויסער מאַרק" צי נישט.

און דעם „מאַרק" האָבן די שטעטלשע ייִדן געדאַרפט האָבן נייטיק ווי דאָס לעבן. דאָס גאַנצע שטעטל האָט געצויגן די כיִונע פון דעם זונטיקדיקן מאַרק. נישט נאָר קרעמער און הענדלער, אַפילע שנײַדער, שוסטער און אַנדערע באַלמעלאָכעס פּלעגן אָן דעם מאַרק נישט קענען אויסקומען. משטיינס געזאָגט, וואָס מע קען פון אַ ייִדן פאַרדינען!

און די מערק זײַנען טאַקע געווען גרויסע. אויסער אין רעגנדיקע אָדער שנייִקע טעג פּלעגן פון ווײַטע דערפער גאָיִם ניט קומען צו פאָרן, און די ייִדן פון שטעטל פּלעגן מוזן פאַר ליב אָנעמען אַ קליינעם מאַרק, האָפנדיק אַף דער קומענדיקער וואָך.

עמעס, בּיז 12 אַזייגער פּלעגן די קראָמען און די שענקען מוזן זײַן פאַרמאַכט. „די מאָליטווע גייט אָן אין קלויסטער", — פּלעגט דער באַקאַנטער סאָטסקי דערקלערן זײַנע אונטערטעניקע — „מע טאָר נישט"!... נאָר קיין גרויס בּייז פּלעגט נישט זײַן, ווען

אַ קרעמער צי אַ שענקער פֿלעגן אויך ביז צוועלף כאַפּן לייזן עטלעכע גראָשן, דען כאָטש דער סאָטסקי איז אַ פֿרומער גאָי געווען, האָט ער אָבער געראָכערט אַ ליולקע און געטרונקען, און פֿלעגט צוליב די ביידע שוואַכקייטן זינדיקן אַמאָל קעגן דער עמונע און קוקן ווי דורך די פֿינגער אַף דעם פֿידיען, וואָס עס פֿלעגט בעשאַס „מאָליטווע" פֿאָרקומען.

וואָס טוט ניט אַ סאָטסקי צוליב אַ פֿעקל מאַכאָרקע און אַביסל בראָנפֿן?

און די ייִדן פֿון שטעטל זײַנען געווען צופֿרידן מיט זייער סאָטסקי און מיט דעם זונטיק און האָבן גאָט געדאַנקט, וואָס ער האָט באַשאַפֿן אַסאַך פֿעלקער, ווי פּראַוואָסלאַוונע און קאַטאָליקן, וואָס האָבן צו באַזונדערע קלויסטער, וווּהין זיי קומען אַלע זונטיק צו פֿאָרן „מאָליען" זיך, אָנקויפֿן נייטיקע זאַכן און טרינקען.

איינמאָל, שאַבעס נאָך מינכע, ווען די שטעטלשע ייִדן זײַנען געשטאַנען אין דרויסן, און אַנדערע, ווי שטערנזעער, האָבן געקוקט אַפֿן הימל, צי עס וועט זײַן מאָרגן אַ שיינער טאָג, און האָבן באַשלאָסן אַף יאָ, און האָבן פֿאַר צופֿרידנהייט געריבן אַ האַנט אָן אַ האַנט און פֿרום געגלאָצט די אויגן און האַרציק אונטערגעזיפֿצט,— האָט זיך פֿלוצלינג איין ייִד, כאַיִם דער קרעמער, אָנגערופֿן מיט אַ געלעכטערל:

— דער פּוילישער קלויסטער, וואָלט איך שווערן, קלינגט הײַנט ניט.

— פֿאַרוואָס זאָל ער עפּעס נישט קלינגען?— האָט געפֿרעגט נאָך אַ קרעמער.

אייניקע פֿונעם רעדל ייִדן, וואָס זײַנען אַף דער גאָס געשטאַנען, האָבן אָנגעשטרענגט דעם כוש האַשמיִע, און אין אַ ווײַלע אַרום האָט איינער באַשטעטיקט:

— יאָ, דער רוסישער קלינגט, און דער פּוילישער נישט.

און ווירקלעך האָט זיך געהערט אַ שטאָלץ קלינגען פֿון רוסישן קלויסטער אַליין, ווי ער וואָלט זײַן צופֿרידן, וואָס זײַן ריין־רוסישער „בים־באָם" צעמישט זיך ניט מיט דעם פּוילישן, ווײַלכן ער האָט נישט באַזונדערס ליב.

— דאָס איז ניט קיין גלאַטע מעַסע! — האָט איינער פון דעם רעדל, וואָס האָט אַלץ געקוקט אַפן הימל און גאָר אָנגעקוואָלן פון דעם שיינעם קומענדיקן טאָג, זיך אָנגערופן, — איך בין אַ באַלן אַריבערצוגיין צום קלויסטער און געוואָרע ווערן.

— וואָס דאַרפסטו גיין? אָט גייט אָנופרי, ער איז אַ קאַטאָליק, ווען מיר אים פרעגן.

אָנופרי, אַ הויכער קריסט מיט גרויסע וואָנצעס, איז פאַרבײַגעגאַנגען.

— דאָברי וועטשער! — האָט אים איינער פון רעדל פאַרהאַלטן.

— נאָר רעד נישט קיין נאַרישקײַטן, — האָט מען דעם ייִדן געוואָרנט — דו ווייסט דאָך, זיי זײַנען האָנאָראָוואַטע, די פּוילישע...

— אַף מיר מעגסטו זיך פאַרלאָזן... — האָט יענער מיט גאַדלעס געענטפערט און האָט זיך ווידער געווענדעט צו אָנופריען:

— וווּהין גייט דער יעגאָמישטש? אַוואַדע אין קלויסטער?

אָנופרי האָט אַ זיפץ געטון און האָט ייִעשדיק אַ מאַך געטון מיט דער האַנט.

דאָס רעדל האָט זיך גלײַך דורכגעדרונגען מיט אָנופריס שטימונג און האָט געוואַרט אַף אַ דערקלערונג, אונטערזיפּצנדיק.

— נישטאָ קיין קלויסטער... נישטאָ קיין גאַלעך... — האָט ער ווי אַן אָוול גערעדט.

— וואָס, וואָס? — האָבן זיך די ייִדן אַלע אופגעכאַפּט ווי פון אַ ביס.

— מע האָט הײַנט באַנאַכט צוגענומען דעם גאַלעך און פאַרכאַסמעט דעם קלויסטער, — האָט אָנופרי מיט אַן אָוולדיקן קאָל דערציילט.

— סטײַטש, פאַרוואָס? — האָבן די ייִדן אין איין קאָל אויסגעשריגן.

— פאַרוואָס? דערפאַר וואָס מע דריקט אונדז, — האָט דער פּאָליאַק געענטפערט, — דער גאַלעך האָט געפירט די טפילע אַף אונדזער לאָשן, האָט מען אים געמאַסערט...

— אַי־אַי־אַי! — האָבן די ייִדן מיטגעפילט און האָבן נישט געוווּסט, ווי אַזוי צו טרייסטן אים.

אָנופרי איז מיט אַן איַינגעבויגענעם קאָפּ אַוועקגעגאַנגען, און די ייִדן האָבן זיך גענומען קראַצן אין די פּאָטילנעצעס, שווייַגנ־דיק אַ קורצע צייַט.

— איר ווייסט, ייִדן, אַז דער גאַלעך וועט א ו נ ד ז מער פעלן ווי זיי...— האָט זיך איינער פּלוצלינג אָנגערופן.

— וואָס הייסט?

— דאָס הייסט, אַז זונטיק וועלן זייַן קליינע מערק. די קאַ־טאָליקן וועלן פאָרן ערגעץ אַנדערש...

— דער ייִד איז גערעכט, ווי איך בין אַ ייִד!— האָט איינער פּאַטאַקעוועט און געביסן די צונג.

— אַ מיִעסע מייַסע!— האָט נאָך איינער אונטערגעברומט.

— אַ היפּשע כאַסענע!— האָט אַ דריטער געזאָגט,— סטייַטש, ווי אַזוי איז ער אַזאַ נאַר און „זאָגט" די מאָליטוועס אף אַ לאָשן, וואָס איז אַלפּי זאַקאָן פאַרבאָטן?

— איר ווייסט!—האָט איין ייִד פּלוצים אויסגעשריִען ווי מיט סימכע,— אַז אונדז איז שוין קימאַט בעסער פאַר זיי — מיר מעגן דאַוונען, ווי מיר ווילן. מיר איז דאָס טאַקע אַ כידעש...

— נו, נו... — האָט אַ צווייטער בייז איראָניזירט — מיר וועלן זען, וואָס וועסטו מאָרגן זאָגן, אַז די קאַטאָליקן וועלן פאָרן צום מאַרק אין אַן אַנדער שטעטל, און דו וועסט אַ גראָשן נישט לייזן...

— יאָ, יאָ, דאָס ביסטו גערעכט!

אין דערזעלבער צייַט האָט דידאָזיקע קעהילע געפירט א מאַכ־לויקעס וועגן אַ מיסנאַגדישן ראָוו. דער קלענערער כיילעק מיס־נאַגדים אין שטעטל האָט געוואָלט נעמען עקסטראַ נאָך א ראָוו, אַ מיסנאַגדישן, און עס האָט שוין געהאַלטן באַ פּעטש אין בעס־מעדרעש. אָבער די מייַסע מיטן פּוילישן גאַלעך האָט אַזוי פאַר־דרייט די קעפּ באַ די שטעטלשע ייִדן, אַז זיי האָבן פאַרגעסן ווער עס איז אַ מיסנאַגעד.

פאַרייניקט האָט זיי איצט איין ציל: אַ פּוילישער גאַלעך. זיי מוזן זען אַראָפּברענגען א פּוילישן גאַלעך! ווען נישט, וועט דאָס שטעטל אונטערגייַן. וואָס אַ זונטיק איז דער „מאַרק" אַלץ קלענער און

קלענער געוואָרן, אַלע קאַטאָליקן פאָרן ערגעץ אַנדערש צום מאַרק.

— וואָס וועט זײַן, ייִדן ?— האָט איינמאָל איינער פון די מיס־נאַגדים, וואָס האָט נישט אַנדערש אַמאָל געוואָלט נאָר באַזונדער אַ מיסנאַגדישן ראָוו, זיך אויסגעשטעלט שאַבעס נאָכן דאַווענען אין בעסמעדרעש,— עס איז דאָך נישט קיין סייכל... מע מוז דאָך זען זיך אַרומקוקן וועגן אַ פּוילישן גאַלעך... עס איז דאָך געקומען אַד האַנעפעש. מע לייזט דאָך נישט אַ זונטיק קיין צענטכיילעק, וואָס מע האָט געלייזט.

— ער איז גערעכט !— האָט נאָך איינער אונטערגעהאַלטן,— איך זאָג אײַך, אַז איך וועד בעדאַלעס, זינט דער פּוילישער גאַלעך איז ניטאָ. אַ קלייניקײַט ! אַלע קאַטאָליקן פאָרן ערגעץ אַנדערש. מע מוז דאָך זען עפּעס טון !

— אַ „פּראָשעניע" צום גובערנאַטאָר !— האָט איינער אויס־געשריִען.

— צום „אַלכירײי" !— האָט נאָך איינער געדונערט.

— אין סענאַט !— האָט אַ דריטער געהילכט.

— מע דאַרף זיך לאָזן קאָסטן. עס איז נישט קיין טערעץ, עלעהיי אַ רעוויזאָר, צי אַ פּריסטאַוו,—האָט שוין אַ באַלעבאָס פון מיזרעך־וואַנט באַלעבאַטיש געווענדעט זיך צום ראָוו,— ווי מיינט איר, רעבע ?

— די מײַסע איז אַזוי...— האָט דער ראָוו פרום געזיפצט.

און דאָס שטעטל האָט געקריגן אַ מאַניע : אַ פּוילישן גאַלעך.

קומט צו פאָרן ווער אין שטעטל, שטעלט אָפּ אַ ייִדן, שטעקט אים אָפּ שאָלעם און פרעגט :— וואָס מאַכן עפּעס ייִדן ? באַקומט דער אוירעך גלײַך אַן ענטפער:

— זייער ניט גוט,— מיר האָבן קיין פּוילישן גאַלעך ניט !

— וואָס דאַרפט איר דעם פּוילישן גאַלעך ?—פרעגט יענער פאַרוווּנדערט און גלאָצט די אויגן.

— וואָס רעדט איר ?—וווּנדערט זיך צוריק דער שטעטלשער.— עס איז צוליב דעם קיין מערק ניטאָ ! מע לייזט ניט !

— אַהאַ !— באַגרײַפט גלײַך דער אוירעך און ענטפערט :— טאַקע ניט גוט. וואָס־זשע טוט איר דערצו ?

— אָט דאָס איז דאָך דער אומגליק, וואָס מע טוט ניט! אָט דאָס טײַנע איך דאָך, אַז מע טוט ניט, — צעקאָכט זיך דער שטעטלשער ייִד און ווערט אייש לעהאָווע אַף דער גאַנצער קעהילע.

און די קעהילע האָט געזיפצט, געקרעכצט און געבענקט נאָך אַ פּוילישן גאַלעך...

װעגן אַ צווייטן ראָוו האָט מען לאַכלוטן פאַרגעסן...

---

# דער ווײַטער יאַריד.

געווידמעט דעם אָנדענק
פון שאָלעם־אַלייכעם.

אינגאַנצן האָט לייבע פּערלס געברויכט צו האָבן אום צו מע־פּאַרנעס־זײַן זײַן ווײַב און קינדער אַ פינף קערבלעך אַ וואָך, שוין מיט שאַבעס. האָט ער דערוף געהאַט פּופּציק מערקטעג אין דעם אייגענעם שטעטל און באַ אַ זיבן־אַכט גרעסערע און קלע־נערע יאַרידן — און דאָך איז נאָך אים אַלץ ווייניק געווען, און ער האָט ניט דורכגעלאָזט קיינמאָל יענע גרויסע מערק און יאַ־רידן, וואָס זײַנען פאָרגעקומען אין די אַרומיקע שטעטלעך.

אַ מאַרקטאָג, וואָס איז פאָרגעקומען אין שטעטל יעדן דאָ־נערשטיק, האָט פאַר לייבען קיין שום ווערט ניט געהאַט. טאָמער קומען אין שטעטל באַ אַ פּאָר טויזנט פּויערים, איז דאָס פאַר אים אַ צו קליינע צאָל, אַז ער זאָל באַגײַסטערט ווערן און זאָל קע־נען אַרויסווײַזן זײַנע הענדלערישע פעיִקײַטן. און אַפילע דער יאַ־ריד אין דעם אייגענעם שטעטל, אַף וועלכן עס פאָרן זיך אָן טויזנטער פּויערים, איז פאַר לייבען אויך אַ צו־קנאַפּער באַטרעף. ער ווייסט שוין די גליקן פון דידאָזיקע היימישע יאַרידן. מע לויפט זיך אָן, מע טומלט זיך אָן, און אַז מע מאַכט אַף מאָרגן דעם כעשבן, קומט אויס, אַז מע וועט נאָך דאַרפן העזעק האָבן באַ אַ צוויי, דרײַ גילדן... אַנדערש איז אָבער אַ יאַריד אין אַ פרעמד שטעטל. ערשטנס, זײַנען טאַקע די יאַרידן אַליין דאָרטן פיל גרע־סער און טומלדיקער, וואָס דאָס אַליין האָט פאַר לייבען אַ גוואַל־דיקע צוציִונג, ווײַל לייבע האָט שטאַרק ליב דעם טומל פון יאַ־ריד מער ווי דעם יאַריד אַליין... ער האָט זיך, קען מען זאָגן, אין דעמדאָזיקן טומל אופגעהאָדעוועט... צווייטנס, איז אַף אַ פרעמדן

יאַריד טאַקע מער בעניִמצע „מְציִעס״... און דער איקער—אַף אַ פרעמדן יאַריד לאָזט זיך האָפן; עס דאַכט זיך כאָטש, אַז מ׳וועט ניסאַשער ווערן, און דאָס פאָרן צום יאַריד אַליין איז אַ גרויסער נאַכעס־רועך.

אַדאַנק דערדאָזיקער ליבע צו יאַרידן האָט לייבע געמוזט שטודירן פאַרשיידענע „לוכעס״, ווו עס זײַנען געווען אָנגעצייכנט אַלע גאָיִשע כאָגעס. אַ כאָגע אָן אַ „שטערנדל״ האָט פאַר לייבען קיין ווערט ניט געהאַט. פון אַזאַ כאָגע מאַכט מען ניט קיין גליקן. כאָגע אַליין איז נאָר אַ גליק פאַר דעם גאַלעך, צו וועמען די פויערים קומען אין קלויסטער. דער איקער איז, אַז די כאָגע איז באַצייכנט מיט אַ שטערנדל, און דאָס מיינט שוין אַ יאַריד. אַף דעמדאָזיקן שטערנדל קוקט ער מיט ליבע. אַזוינע כאָגעס איז דאָ באַ אַ זיבעצן. פון דידאָזיקע זיבעצן גייט אַראָפּ פינף פאַר זײַן אייגן שטעטל און די איבעריקע זײַנען פאַרטיילט פאַר דער סוויווע. איין יאַריד כאַפּט זייער ווײַט, אַזש באַ אַ פינף און צוואַנציק מײַל, און ווען ער גיט עס נאָך אַ רעכן אַף ווערסט, איז דאָס אַ קײַמעלאָן פון אַ קאָרעוו צו צוויי הונדערט ווערסט. אָט צו דעמדאָזיקן יאַריד האָט לייבען דאָס גאַנצע לעבן געצויגן, און ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז דאָרטן וועט ער ערשט באַגליקט ווערן.

און יעדעס מאָל נאָך אַ יאַריד, סײַ אין דעם אייגענעם שטעטל סײַ אין דער פרעמד, האָט ער נאָכן כעשבן מאַכן זיך געקראַצט אין קאָפּ און געמורמלט:

— עס איז גאָרנישט מיט גאָרנישט...

און אונטערציִענדיק דעם כעשבן גענוי, פלעגט ער אַרויס־זיפצן בישטיקע:

— מע וועט מוזן צולייגן ווידער אַ צוויי גילדן!...

פערל, דאָס ווײַב זײַנס, האָט אָבער פון דידאָזיקע שלעכטע יאַרידן ניט געטאָרט וויסן, ווײַל זי איז ביכלאַל געווען אַ קעגנערן פון אַ יאַריד.

— נאָך מײַן ווײַבערשן סייכל—פלעגט זי ביטער שמייכלען—קומט אויס, אַז פון אַ געוויינלעכן מאַרקטאָג אינדערהיים מאַכט מען בעסער ווי פון די קלאָגעדיקע יאַרידן.

פלעגט לייבע זיך פילן ווי באַליידיקט און פלעגט ענטפערן:

— ביסט אַ ייִדענע... אַ מאַרקטאָג איז ניט דאָס... קיין אַשי־רעס ווערסטו קיינמאָל ניט כאַפּן... אַף אַ יאַריד, פאַרשטייסטו מיך, קען זיך פּאָרט אַמאָל עפּעס טרעפן...

און גלײַך פלעגט פאַר אים זיך פאַרטראָגן יענער יאַריד, וואָס קומט פאָר איין מאָל אין יאָר פאַר פינף און צוואַנציק מײַל ווײַט, קאָרעוו צו צוויי הונדערט ווערסט, און ווען ער זאָל אים קענען גרייכן, איז ער זיכער, אַז ער וואָלט ערשט געקומען צו זיך...

ער וואָלט ניסאַשער געוואָרן...

אָבער דערדאָזיקער ווײַטער יאַריד קומט, צום אומגליק, אויס אין רעכטן שוואַט. אונטערנעמען זיך אַזאַ ווײַטן וועג אין זײַנע בגאָדים איז אַ גרויסע ריזיקע. אַז ער כאַפּט זיך אַרונטער אַף אַ ווינטערדיקן יאַריד, וואָס געפינט זיך אַ סאַכאַקל דרײַ מײַל פון שטעטל, קומט ער אַהיים אויך אַ דערפרוירענער. ער האָט שוין אַדאַנק די ווינטערדיקע יאַרידן, צוויי פינגער פון די פיס אָפּגע־פרוירענע: איינער פון דער רעכטער פוס, דער צווייטער פון דער לינקער.

דער פעלדשער האָט אים שוין געוואָרנט, אַז מיט איין פינגער איז ניט שטאַרק פריילעך...

אָבער ווער וואָלט געקוקט אַף דעם פעלדשער! יענער האָט שוין אַזאַ טעווע צו מאַכן שווער דאָס האַרץ, קעדיי מע זאָל אים אַן איבעריק מאָל נוצן און ער זאָל כאַפּן נאָך אַ צען גראָשן פאַר אַ וויזיט — אַן עמעסער בלוטזויגער!... ביפראַט אַז די לעצטע צײַט פילט ער דעם פינגער שוין גאָרניט, איז דאָך אַוואַדע קיין סאַקאָנע ניט... די איבעריקע פינגער וואָלט ער שוין ווי עס איז פאַרהיט. דער איקער אָבער איז די הויצאָעס פון דערדאָזיקער נעסיִע!

די הויצאָעס אַהין און צוריק דאַרפן אָנטרעפן אַ פאַרמעגן. ער האָט שוין אַמאָל געפּרוווט ריידן מיטן באַלעגאָלע הירשל פּע־שעס. יענער האָט אַ קראַץ געטון מיטן בײַטש־שטעקעלע אין פּלייצע און געמאַכט דעם כעשבן, ווי פאַר אַן אייגענעם מענטשן, ווי פאַר אַ ייִדן אַ סויכער, מיט ראַכמים און יושער, און נאָך די אַלע זאַכן איז די ריזיקע געווען צו גרויס פאַר לייבען...

אַזוי האָט זיך עס געצויגן שיינע עטלעכע יאָר. די יאַרידן, סײַ אינדערהיים, סײַ אין דער נאָענטער סוויווע, זײַנען אַלץ שלעכ־טער געגאַנגען. לייבע פּערלס האָט זיך שוין מעיאַעש געווען ווען עס איז צו באַגליקט ווערן. אָבער דער ווײַטער יאַריד האָט נאָך אים אַלץ געלאָקט און געשמייכלט. אַז אַלע הויזיקע פּלעגן שלאָפן, פּלעגט ער אַראָפּנעמען פון אַלמער, ווו עס זײַנען גע־לעגן די נייטיקע ספאָרים, דעם „גוצלעכן לוּעך״, וועלכער האָט אים געקאָסט מיט אַ צווייער טײַערער פאַר די איבעריקע לוכעס, און האָט זיך אָפּגעשטעלט אַף דעם „שטערנדל״, וואָס דײַטעט אָן יענעם יאַריד אין דעם ווײַטן שטעטל. דאָסדאָזיקע שטערנדל האָט אים העל געלויכטן און צוגעווונקען און ווי פאָרגעשלאָגן:

— פאָר אַריבער צום יאַריד, לייבע פּערלס, דאָרטן ליגט דײַן גליק.

האָט ער שוין פאַר איינוועגס אַראָפּגענומען דעם לוּעך פון די „וועטערונגען״ און עס איז אים געוואָרן צוריק קאַלט אַף דער נעשאָמע. דער לוּעך פון די וועטערונגען האָט פאָרויסגעזאָגט אַף יענעם טאָג אַ גרויסע קעלט און אַ שטאַרקן ווינט...

אָבער דאָס שטערנדל פון דעם אנדערן לוּעך האָט פריילעך געווונקען און העל געלויכטן...

און דאָס שטערנדל האָט געזיגט!

אַ טאָג מיט אַ נאַכט האָט זיך לייבע געשלעפּט מיט הירשל פּעשעס פערד און שליטן צום ווײַטן יאַריד, ווו ער האָט געדאַרפט באַגליקט ווערן... אײַנגעוויקלט אין פאַרשיידענע בגאָדים, וועלכע עס האָבן זיך נאָר געפונען אין זײַן באַלעבאַטישקײַט, מיט דער צעריסענער קאָלדרע אַף די פיס, איז ער געזעסן האַלב דער־פרוירן אין הירשל פּעשעס נידעריקן שליטן און האַלב־דרעמלענ־דיק האָט ער געכאָלעמט פון דעם ווײַטן יאַריד...

דער וועטער איז געווען פּונקט ווי דער לוּעך האָט געשריבן, אַ קאַלטער, דער ווינט—אַ שטאַרקער...

און אופוואַכנדיק פון דרעמל, פּלעגט לייב זיך ווענדן צום באַ־לעגאָלע, וועלכער איז געזעסן פונפאָרנט מיטן פאָנעם צו די פערד, און פּלעגט אים מינטערן:

— וואָס זאָגט איר, ר׳ הירש, צום פראָסט... איך האָב מוירע, אַז אין אַזאַ פראָסט וועט דער יאַריד ניט זײַן מי יעדייע ווי גרויס...

— אַ יאַריד איז אַ יאַריד — האָט דער באַלעגאָלע, וואָס איז געווען פון דער נאַטור אַ באַל־ביטאָכן, לייבן געטרייסט. — דער איקער, ר׳ לייב — האָט ער מוסיף געווען — איז דער וועג... וויאָ... וויאָ...

און געטרייסט פון באַלעגאָלעס גלויביקן טאָן, האָט לייב זיך אײַנגעוויקלט אין די פאַרשידענע מינים בגאָדים, וואָס ער האָט אַף זיך אַרופגעצויגן, און איז פאַרזונקען אין גליקלעכע כאַלוימעס...

עטלעכע ווערסט פון שטעטל, ווו דער יאַריד האָט געדאַרפט פאָרקומען, האָט לייבע, שוין אַן אויסגעשלאָפענער, באַטראַכט די אַלע פורן מיט די פּויערים, וואָס האָבן זיך געצויגן פון אַלערליי וועגן און שטעגן אַף דעם גרויסן וועג, וואָס פירט אין שטעטל אַרײַן.

— דאָס פּאָרט מען צום יאַריד, ר׳ הירש! — האָט ער מיט פרייד אויסגערופן.

— אַ שײַלע אַביסל! — האָט הירש דער באַלעגאָלע זיך פון זײַן זײַט צעהיצט — עס וועט זײַן אַ גוואַלדיקער יאַריד... דער וועג איז גלאַט... וויאָ... וויאָ...!

— ווי שפּעט קען זײַן, ר׳ הירש? איך רעכן עס זאָל שוין טאָגן — האָט לייב געפרעגט, אופהייבנדיק די אויגן צום קאַלטן הימל, אַף וועלכן די שטערן האָבן זיך געלאָשן איינע נאָך די אַנדערע...

— עס איז שוין טאָג, — האָט דער באַלעגאָלע באַשטעטיקט ווי אַ מומכע אַ שטערנזעער, און אופגעהויבן די אויגן צום הימל.

— מיר זאָלן כאָטש ניט פאַרשפּעטיקן, ר׳ הירש, — האָט לייב געוואָרנט. — אַ קלייניקײַט אַזאַ וועג!

— האָב ניט קיין מוירע, — האָט דער באַלעגאָלע אים באַרוּיִקט. — געבליבן נאָך אַ צוויי—דרײַ וויאָרסטלעך... אין קיין קרעטשמע וועל איך זיך שוין ניט שטעלן... מיר וועלן שוין פאַרפאָרן גלײַך אין שטעטל, ערגעץ אין אַ קרעטשמע...

און אַ שמייכל טוענדיק דאָס פערדל, האָט דער באַלעגאָלע צו־געברומט:

— עס וועט זײַן אַ געוואַלדיקער יאַריד!

אָפּגעשטעלט האָט זיך דער באַלעגאָלע אינמיטן מאַרק, וועל־כער איז שוין געווען פול מיט פערד און שליטנס. טייל פערד זײַנען נאָך געווען אײַנגעשפּאַנט אין די שליטנס און האָבן געדול־דיק געוואַרט, מע זאָל זיי אויסשפּאַנען. טייל זײַנען געווען אויס־געשפּאַנט און זײַנען, ווי באַפרײַטע פון אַ שווערן יאָך, געשטאַנען מיטן קאָפּ צום מיטן שליטן און האָבן געצופּט מיט גרויס אַפּעטיט פון די בינטלעך היי אָדער געכראָמשקעט פון די זעקלעך האָבער, וואָס זײַנען געווען אָנגעטון קונציק אַף זייערע העלדזער.

הירש דער באַלעגאָלע האָט זײַן יידישן פערד ניט געוואָלט אַוועקשטעלן צווישן די פויערשע, און ער האָט דערפאַר אויסגע־זוכט אַ יידישע קרעטשמע, ווו ער האָט דאָס פערד אַפן היימישן אויפן אַרײַנגעפירט אין סטאָדאָלע, דאָרט אים אויסגעשפּאַנט מיט גרויס ראַכמים, געגלעט אים איבערן האַלדז און פאַרשפּראָכן אַפן באַלעגאָלע-לאָשן צו געבן אַ פּײַנעם אָנבײַסן, טאַקע אַ רעכט ביסל האָבער, וואָס ער האָט דאָס מאָל גלײַך ערפילט.

— און איר, ר׳ לייב, גייט אַרײַן אין קרעטשמע און וואַרעמט זיך אָן.

די קרעטשמע, ווו לייבע איז אַרײַן, איז געווען געפּאַקט מיט יידישע סאָכרים און מיט אַ קליינער צאָל רײַכערע גאָים. צווישן די אַלע סאָכרים האָט לייבע ניט געהאַט קיין איין באַקאַנטן, און ער האָט זיך דערפילט ווי אַ פרעמדער און אַן איבעריקער.

באַ דער „סטאָיקע" איז געשטאַנען אַ דיקע יידענע. אַרום איר איז געווען אָנגעוואָרפן קופּעס בולקעס, בייגל און פאַרשיידענע קוכן מיט מאָן און מיט ציבעלע, צווישן דידאָזיקע קופּעס האָט אַרויסגעקוקט אַ זידנדיקער סאַמאָוואַר. לייבע האָט באַשלאָסן, ווי־באַלד אַז ער האָט שוין זוכע געווען צו גרייכן דעמדאָזיקן ווײַטן יאַריד, זאָל ער דערוויַיל עפּעס נעמען אין מויל אַרײַן.

ער האָט באַשטעלט אַ גלאָז טיי, פרעגנדיק נאָכדעם דעם מע־קעך. דערהערנדיק ווי טײַער עס קאָסט, האָט ער שוין כאַראָטע

געהאַט, האָט ער דערפֿאַר קיין קוכן און קיין בולקע ניט גענומען און האָט זיך באַנוגנט מיט אַ שטיקל שוואַרצן, היימישן ברויט, וואָס איז נאָך אים געבליבן אין פּעקל.

דערוואַרעמט פֿון גלאָז טיי, וועלכע איז געווען אַ זיסע, וואָס צו אַזאַ לוקסוס איז ער ניט געוווינט געווען, האָט ער זיך דער־פֿילט אַביסל געהויבענער, און אין דערדאָזיקער געהויבענער שטי־מונג איז ער אַרויס אַפֿן מאַרק...

ער האָט אָפּגעמאָסטן מיטן אויג די גרייס פֿונעם יאַריד און איז געבליבן צופֿרידן. מענטשן זײַנען דאָ ווי זאַמד באַם יאַם! אָט אַף דעמדאָזיקן יאַריד האָט ער אַזוי לאַנג געהאָפֿט. איצט וועט ער זען וואָס אים שטייט פֿאָר... ער האָט געטאַפּט אין דער פֿאַר־נייטער קעשענע די עטלעכע רובל, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט, און זיך געלאָזט זוכן מעציִעס.

צוריק איז ער געפֿאָרן מיט אַ פֿולן וואָגן מיט פֿאַרשיידענע סכוירעס. זײַן האַרץ איז אָבער געווען וויסט און לער. די אַלע סכוירעס, וואָס ער האָט דאָ אָנגעקויפֿט, סײַ די טרוקענע שוועמ־לעך, סײַ די עטלעכע פֿעלכלעך און סײַ דאָס ביסל וואָל, און אַפֿילע די בינטלעך כאַזער־האָר—זײַנען לויטער יאַקרעסאַים. ער האָט געצאָלט גרויסע פּרײַזן און ער וועט געוויס צולייגן א פֿאַר־מעגן. עס איז רעכט, אַז דערדאָזיקער יאַריד וועט אים אַראָפּזעצן פֿון די פֿיס.

דערצו איז אים די אייגענע שפּײַז, וואָס ער האָט מיטגענומען, אויסגעגאַנגען. ווילנדיק־ניט־ווילנדיק האָט ער געמוזט אין אַ צוויי רײַכערע קרעטשמעס, ווו דער באַלעגאָלע האָט זיך אויך אָפּגע־שטעלט, עפּעס איבערבײַסן. דער יאַקרעס איז דאָרטן זייער גרויס געווען. פֿאַר אַ קליין געפּלאָכטן בייגעלע האָט מען אים גערעכנט א זעקסער... אַ שטיקל קעז צען גראָשן, אויסער דעם האָט ער זיך געפֿילט זייער דערפֿרוירן און אין קרעטשמע האָט ער גענומען אַ גלעזל בראָנפֿן... דערצו האָט אים שוין צוגערעדט דער באַלעגאָלע, און ער האָט זיך געלאָזט איבערעדן. אָבער דעם גאַנצן וועג האָט ער זיך עס ניט געקאָנט מויכל זײַן. אַנשטאָט דעם גלעזל בראָנפֿן וואָלט ער בעסער פֿאַר די קינדער אַ מאַטאָנע געקויפֿט. פֿון יעדן

נאָענטן יאַריד ברענגט ער זיי עפּעס, אַמאָל א בייגל, אַמאָל אַ מאָן־קוכן, און פון דעמדאָזיקן ווײַטן יאַריד וועט ער קומען פאַר זיי מיט גאָרנישט...

— אַ שאָד! אַ שאָד! — האָט ער געמומען מורמלען.

דער באַלעגאָלע האָט זיך אָפּגעקערט:

— וואָס זאָגט איר, ר' לייב?

— איך האָב פאַרגעסן עפּעס צו קויפן פאַר די קינדער — האָט ער זיך פאַרטרויט פאַרן באַלעגאָלע.

און אײַנוּרענדיק זיך אין די פאַרשיידענע מינים בגאָדים, האָט ער זיך פאַרטיפט אין שווערע געדאַנקען און צוגעמאַכט די אויגן און מיט פאַרמאַכטע אויגן האָבן פאַר אים געשוועבט די אַלע יאַרידן, וועלכע ער האָט אין זײַן גאַנצן לעבן דורכגעמאַכט... אין זײַנע אויערן האָבן געקלונגען פויערשע רייד, האַלבע ווערטער, זידלערײַען, פאַרשיקערטע לידער, און אין דעמדאָזיקן הו־האַ און מיש־מאַש האָט זיך פאַרבײַגעטראָגן דער לעצטער יאַריד, אַן אור־מעטיקער און אַ פּוסטער... בייזע פּענימער מיט גרויע, קעציש־ע אויגן, געלע בערד און שטעכנדיקע וואָנסעס, און צווישן זיי אַלע האָבן געלויכטן די אויגן פון זײַנע ליבע קינדער, פאַר וועלכע ער האָט אַפילו ניט געקענט ברענגען אַ שטיקל מאַטאָנע פון דעמדאָזיקן ווײַטן און טומלדיקן יאַריד...

# סכאר-לימעד

(דערציילונג)

— טאטע, דער רעבע האָט געבעטן געלט! — האָט שלוימקע אויסגעשאָסן, אַרײַנקומענדיק פאַרנאַכט אין שטוב פון כיידער.

— ווײַטער געלט! — האָט כאָנען זיך שמערצלעך פאַרקרימט — ווי לאַנג האָב איך מיט דיר געשיקט דרײַ רובל!

— ער האָט געזאָגט, אַז עס איז שוין באלד סאָף זמאַן, און די האָסט ערשט אָנגעגעבן זיבן רובל, נאָך אכט רובל קומט. ער דאַרף האָבן! — האָט שלוימקע שוין בײַזלעך געענדיקט, קראַצנ־דיק זיך אין קעפּל.

— שא, נאָר בייזער זיך ניט, מײַן טאכשיט! — האָט כאָנען נערוועז געזאָגט, דערמאָנענדיק זיך, אַז עס איז שוין טאקע לאַנג צײַט צו שיקן געלט.

ער איז אַנשוויגן געוואָרן און האָט מיט ייִעש געצופּט דאָס בערדל, ווי ער וואָלט פרעגן בײַ אים: „וואָס זאָגסטו, מײַן בערדל, צו אַזאַ אומגליק...״

ניט דערוואַרטנדיק פון בערדל קיין שום אייצע, האָט ער גע־נומען פירן מיט דער האַנט איבערן גאַנצן פּאָנעם, און אַז דאָס האָט אויך ניט געהאָלפן, האָט ער געהויבן פון קאָפּ דאָס היטל, ארוּף און אַראָפּ, דאָ אײַנגאַנצן עס אַראָפּגענומען און אין האַנט צוגע־האַלטן, דאָ ווידער עס אָנגעטון, און איבערכאַזערנדיק עס עטלע־כע מאָל, איז דער וואָלקן פון זײַן צעקנייטשט פּאָנעם ווי העלער געוואָרן, אין די אויגן האָט עפּעס זיך א פײַערל באוויזן און ער האָט שוין גוטמוטיקער ארויסגעזאָגט, ניט קוקנדיק קיינעם אין די אויגן:

— מע דאַרף מאָרגן פאַרקויפן דאָס פעקל זוימען!...

— ווּעסטו מאָרגן געבן געלט?—האָט שלוימקע געפרעגט, דער־הערנדיק, אַז דער טאַטע, וועט מאָרגן פאַרקויפן דאָס פעקל זוימען.

— איבערמאָרגן, מײַן זון!

— איבערמאָרגן! איבערמאָרגן! — האָט זיך שלוימקע גע־וואָרפן, פאָרשטעלנדיק זיך אין זײַן דימיען, ווי אַזוי ער וועט מאָרגן דאַרפן אַרײַן אין כיידער און קוקן דעם רעבן גלײַך אין פּאָנעם אַרײַן און זאָגן אים „ניטאָ"...

— שטיל! — האָט כאָנען ווייך זיך געבייזערט,— איך זאָג דיר איבערמאָרגן — געזאָגט איז געזאָגט!...

— אינדערעמעסן, וואָס מאַכסטו אַזוינע האַוואַיעס! — האָט זיך שוין די מאַמע אַרײַנגעמישט, — עס ברענט דאָך ניט! דער טאַטע זאָגט איבערמאָרגן—איז איבערמאָרגן.

שלוימקע האָט זיך מעיאַשעוו געווען, אַז עס איז טאַקע ניט קיין אומגליק, האָט זיך גלײַך פאַרגעסן אָן דעם און געבעטן ווע־טשערע.

— אַלץ ווילסטו, — האָט די מאַמע האַלב ערנסט און האַלב שמייכלענדיק גערעדט,— אי געלט פאַרן רעבן, אי ווּעטשערע, האַלסטו פאַרדינען...

— איך בין דאָך נאָך א קליינער! — האָט שלוימקע זיך פאַר־ענטפערט...

— א שיינער קליינער — 12 יאָר א באָכער! — האָט די מוטער געזיפצט גלאט אין דער וועלט אַריין.

אַף מאָרגן פרי האָט כאָנען נאָכן דאַוועגען געעפנט דעם שפּײַכלער, וואָס האָט זיך געפונען אַפן הויף, און האָט באַטראַכט דאָס פעקל זוימען, וואָס איז געלעגן רויִק אין אַ ווינקל פון גרויסן זאַסיעק. די איבעריקע צוויי זאַסיעקעס זײַנען געווען ליידיק, און האָבן מיט אומעט און מיט פאָרווירפע געקוקט אַף כאָנענען, וואָס ער האָט אין זיי שוין אַזוי לאַנג ניט אַרײַנגעשאָטן קיין טווּע.

כאָנען האָט אַרײַנגערוקט אין זאַסיעק די האַנט, אַרויסגענומען אַ הויפן זוימען און האָט געטראַכט אַפן קאָל:

— שיינער זוימען — ער וועט אַוואַדע האָבן זיבן מאָס!

ער האָט געפּירט מיט איין פינגער פון דער לינקער האנט אַפן ביסל זוימען, וואָס האָט זיך געפונען אין דער רעכטער האַנט, און האָט ווײַטער געטראַכט:

— ער קאָסט אָבער שיינע געלט! טײַערע מעקאָכים געצאָלט. פּרוּוו אָבער, ווײַז עס דעם סויכער לעווינען, וועט ער פאַרקרימען די נאָז און זאָגן: ס׳איז שוואכע סכוירע, און ער וועט דיר אַראָפּשנײַדן נאָז און אויערן. אַ קלייניקײַט אַ סויכער!...—און כאָנען מאַכט אַ כעשבן, אַז דאָס פּעקל זוימען קאָסט אים דורכשניטלעך צו זיבן גילדן א פוד; אַז דער סויכער זאָל אַפילע געבן צו זיבן מיט צען, קאָן ער האָבן פון הונדערט פוד הונדערט צענערלעך — פינף רובל, איז פּראָצענט פון געלט שוין אָנגעוואָקסן אַוואַדע צוויי רובל, בלײַבט אים ריינער רעוועך דרײַ רובל.

כאָנען זיפצט און טראַכט אייצעס, ווי אזוי פארדינט מען פון דעם פעקל זוימען כאָטש צען רובל.

און ער צופּט דאָס בערדל, רײַבט דאָס פּאָנעם, מישט דעם זוימען און הייבט די אויגן צום בוידעם פון שפּײַכלער...

אפן בוידעם איז יאָ דאָ אַ מיטל צו פאַרדינען: דאָרטן ליגן דרײַ זעקלעך מיט „זעליאָ״, עס קאָסט סאכאקל צו גילדן א פוד, דאָס זאָל מען ארײַנשיטן נאָכדעם, ווי דער סויכער וועט דאָס פעקל זוימען אָנקוקן, א דרײַ—פיר פוד, קען זײַן עטלעכע רובל רעווער...

עס איז אָבער „אָבמאַן״, גנייווע, כאָנען וויל זײַן אַן ערלעכער סויכער, כאָנען האָט מוירע פאַר גאָט און פאַר זיך אַליין...

פאַר זיך אַליין מער ווי פאַר גאָט... נאָך אַזאַ מײַסע וועט אים גאָט עפּשער מויכל זײַן, גאָט ווייסט דאָך, אַז ער איז ניט שולדיק — די נויט, זי טוט עס, אָבער ער, כאָנען, איז א שלעכטער, ער וועט זיך אַזעלכע מײַסעס קיינמאָל ניט מויכל זײַן און נאָכדעם עסט ער שטענדיק זיך אַליין:

— וואָס האָסטו דאָס געטון, כאָנען, הא? שיין אַזוי, גוט אַזוי, ערלעך אזוי?... באַרעכן זיך, כאָנען!...

און כאָנען הערט אוף צו קוקן אַפן בוידעם, ווו די זעקלעך „זעליאָ״ ליגן, און באַשליסט צו האַנדלען ערלעך...

— ערלעך, ערלעך, ערלעך!—שרײַט ער אויס און פֿאַרשליסט דעם שפּײַכלער און גייט רופֿן דעם סויכער...

דער סויכער לעווין, אַ הויכער ייִד מיט אַ רויט פּאָנעם, מיט קליינע שוואַרצע אייגעלעך, פֿאַרקאַטשעט די אַרבל און לאָזט זיך אַראָפּ גרונטעוועען אין ווינקל פֿון זאַסיעק.

— עס איז 7־מאָסיקער! ניטאָ גאָר וואָס צו שמועסן! — קען זיך כאָנען ניט אײַנהאַלטן און לויבט זײַן סכוירע, נאָך איידער דער סויכער באַטראַכט עס אליין.

דעם סויכער פֿאַרדריסט, וואָס כאָנען, אַזאַ קליין ווערימל, זאָגט אים פֿריִער, איידער ער אַליין האָט נאָך באַטראַכט, וויפֿל מאָס דער זוימען האָט, און ער זאָגט אַרויס קאַלט:

— באלד וועלן מיר זען וויפֿל מאָס ער האָט!

כאָנענען קלאַפּט דאָס האַרץ פֿאַר שרעק, טאָמער געפֿינט דער סויכער, אַז דער זוימען איז ניט זיבן מאָס, — עס איז דאָך אַ גאַזלען אַ ייִד — טראַכט ער, און ער פּרוּווט זיך ווירקן אַפֿן סויכערס מעווינעס מיט א גוט וואָרט:

— אײַך, פּאַני לעווינען, דאַרף מען שוין ניט זאָגן, איר ווייסט, פּאַני לעווין, אַליין — איך וואָלט עס פֿאַרמאָגט אַ צענטכיילעק, וואָס איר האָט שוין איבערגעשיקט וואַגאָנעס זוימען קיין קעניגסבערג...

— יאָ, ברודער, מעגסט זיך עס ווינטשן! — זאָגט לעווין מיט גאַדלעס, גרונטעוועענדיק זיך אַלץ אין די זוימען,—וואָס וואָלסטו אָבער געטון מיט אַזויפֿיל געלט?

— כע... כע... כע... — לאַכט ביטערלעך כאָנען... — איך וואָלט שוין געוווּסט וואָס צו טון... איך וואָלט געהאַנדלט ווי איר „אַף קעניגסבערג"...

— דער זוימען האָט מער ניט ווי פֿינף מיט אַ האַלבער מאָס — העכסטנס זעקס! — האָט פּלוצים לעווין אַרויסגעזאָגט זײַן מיינונג.

כאָנענס געמאַכטער שמייכל, וואָס איז געלעגן די גאַנצע צײַט אַף די ליפּן, איז פֿאַרשוווּנדן; קאָם שטייענדיק אַף די פֿיס, האָט ער אַרויסגערעדט:

— וואָס רעדט איר, פּאַני לעווין?

— אָט דאָס וואָס דו הערסט! — האָט דער סויכער קאַלט גע־ענטפערט.

— איז וויפל, הייסט דאָס, גיט איר? — האָט כאָנעץ מיט אַ געקלעמט קאָל געפרעגט.

— צו 98 קאָפּיקעס — דאָס איז הויך געצאָלט. זוימען איז איצט געפאַלן, — האָט לעווין רויִק אַרויסגעזאָגט.

— פּאַני לעווין, איר פאַרלאַנגט איך זאָל צולייגן?...—האָט כאָנעץ געבעטן און בעשאַס־מײַסע האָט זיך אים געוואָלט אויס־שרײַען: „אָ, דו גראָבער גאַזלען!" און אַרײַנשטעקן אים אין זײַן האַלדז אַ מעסער...

— איך קען אַוואַדע ניט צולייגן! — האָט לעווין טרוקן גע־ענטפערט און געוואָלט אַרויסגיין.

— זײַט עפּעס מויסיף! — האָט זיך כאָנעץ געבעטן, און אין זײַן קאָל האָבן זיך ווי טרערן געהערט.

לעווין איז צוגעגאַנגען נאָכאַמאָל צום זאַסיעק, פאַרקאַשערט נאָכאַמאָל די אַרבל פון זײַן שוואַרצן ראָק, זיך געלאָזט גרונטע־ווען און אַרויסגערעדט:

— מיילע, דו האָסט נאָך צוויי קאָפּיקעס — גלײַך צו א רובל — דו טשעפּעסט זיך צו, ביסט ווי אַ פּעך...

— מער גיט איר טאַקע ניט?

לעווין האָט געמאַכט אַ מינע, ווי ער איז אין כּעס, און האָט ניט געענטפערט. כאָנעץ האָט זיך דערשראָקן פאַר דער מינע. וואָס וועט ער אים טון, אַז ער וועט דערפאַר גאָרניט וועלן קויפן בײַ אים? און אַ קוק טוענדיק אַפן בוידעם, ווו די זעקלעך „זיעליאָ" זײַנען געלעגן, האָט כאָנעץ ווי מיט אַ געמאַכטן קויעך אַרויסגעריסן פון מויל:

— מיילע, פאַר אײַך. ווען וועט איר עס צונעמען?

— פיר דעם זייגער שיק איך דעם „מענטשן" מיט פורן.

— גוט! — האָט כאָנעץ מאַסקים געווען און געקוקט מיט שרעק אַפן בוידעם. דער סויכער האָט שוין געוואָלט אַוועקגיין און האָט געוואָרפן זײַנע שוואַרצע אייגעלעך איבערן שפּײַכלער.

— נאָר דו שיט מיר ניט אַרײַן קיין „פּסוילעס", ווי איר „כעוורע הענדלער" האָט ליב...—האָט ער געוואָרנט.

כאָנען איז בלייך געוואָרן, און קעדיי דער סויכער זאָל עס ניט פאַרשטיין, האָט ער גענומען זיך שווערן:

— אַך, זאָל מיך גאָט אויסהיטן פון אַזעלכע זאַכן — וואָס רעדט איר? — נאָר כאָנענען האָט זיך געדאַכט, אַז דער סויכער פאַרשטייט זיינע געדאַנקען, און קעדיי דער סויכער זאָל אַף אים קיין כשאַד אַפילע ניט האָבן, האָט זיך באַ אים אַרויסגעריסן פון מויל:

— איר קענט נעמען ביז פיר דעם זייגער דעם שליסל פון שפייכלער...

— יאָ, דאָס וואָלט טאַקע ניט געשאַדט. — איז לעווינען געפעלן געוואָרן דער פּלאַן — אַן ערלעכער מאַן ביסטו יאָ, נאָר האַנדלשאַפט, ווייסטו דאָך...

— מיטן גרעסטן קאָוועד! — האָט כאָנען געשריִען, ווי פאַרצווייפלט, פאר כאַראָטע, וואָס ער האָט אַזאַ זאַך פאָרגעלייגט. דאָס פּאָנעם האָט אים געברענט, אין די שלייפן געקלאַפּט, און מיט גרויס מאַטערניש איז אים געלונגען זיך איינצוהאַלטן ניט אויסצושרייען:

— קוילע! קוילע! קוילע!...

מיט ציטערנדיקע הענט האָט ער פאַרשלאָסן די טיר, אַרויסגענומען דעם שליסל און מיט אַ שמייכעלע, וואָס האָט געקענט שטעכן אין זיבעטן ריפּ, האָט ער זיך געווענדעט צו לעווינען:

— אָט האָט איר אייך דעם שליסל!...

— גוט! גוט! — האָט לעווין צופרידן אויסגערופן, באַהאַלטנדיק דעם שליסל טיף אין קעשעניע.

— נאָר שפּעטיקט זיך ניט, פּאַני לעווין, — האָט כאָנען קימאַט ווי געוויינט, — מע דאַרף אַמאָל עפּעס האָבן אין שפּייכלער. נאָר לעווין איז שוין ווייט געווען און כאָנען האָט זיך אַליין געזידלט:

— אוי, דו טערעך, טערעך! וואָס האָסטו דאָ געטון? דו וועסט דאָך איצטער בעדאַלעס ווערן... ווו וועסטו נעמען סכאַר-לימעד?

און כאָנען האָט פאַרבראָכן די הענט, די אויגן האָבן מיט פונקען געשאָסן. ער איז אַזוי געבליבן שטיין באַם שפּייכלער און אָנגעהויבן זוכן אן אָרט ווו אַריינצוגיין צוריק... נאָר דער שפּייכלער איז געווען פאַרמאַכט פון אַלע זייטן, אויסער אַ קליין לאַנג-שמאָל פענצטערל, אָן אַ שייבל. כאָנען האָט געקוקט אַפן

פענצטערל, געקוקט, געפּרוּווט מעסטן צי וועט ער קענען אַרײַנ־
גיין, נאָר אומזיסט. ווי ניט אויסגעדאַרט ער איז ניט געווען, איז
ער פאָרט פאַר דעם פענצטערל צו דיק געווען.

און אַ פאַרצווייפלטער איז ער אַרײַן אין שטוב...

צוויי אַזייגער איז געקומען שלוימקע פון כיידער.

— נו, טאטע, ווּעסט געבן געלט מאָרגן דעם רעבן?

כאָנעץ האָט ניט געענטפערט. ער האָט נאָר אויסגעשטעלט די
אויגן און, שטאַרק פאַרטראַכט, האָט ער געקוקט אַף שלוימקען.

— וואָס קוקסטו אַזוי אַף מיר, טאטע? — האָט שלוימקע געלאַכט.

„ער וועט קענען אַרײַנקריכן דורכן פענצטער!" — איז כאָנענען
דורכגעפלויגן אין קאָפּ, און ער האָט אים אַלץ אויסגעמאָסטן מיט
די אויגן.

— ? — וואָס קוקסטו אַף מיר אַזוי? — האָט שלוימקע ווײַ־
טער געפרעגט.

— איך קוק צי דו ביסט אַ שיינער... — האָט כאָנעץ ביטער
געלאַכט.

שלוימקע האָט זיך פאַרשעמט און האָט אַראָפּגערוקט דאָס
היטעלע און, ניט קוקנדיק אַפן טאַטן, האָט ער ווײַטער געפרעגט:

— זאָג, ווּעסט געבן?

— שלוימקע! ווילסטו זײַן אַ כוואַט? — האָט כאָנעץ אַנשטאָט
צו ענטפערן געפרעגט.

— וואָס איז?

— קום אַפן הויף, איך וועל דיר עפּעס זאָגן.

א נײַגיריקער איז שלוימקע אַרויסגעגאַנגען נאָכן טאטן אַפן הויף.

— וואָס, טאַטע?

כאָנעץ האָט אים צוגעפירט צום שפּײַכלער און, אָנווײַזנדיק
אַפן פענצטערל, וואָס איז ניט הויך געווען, האָט ער געפרעגט:

— דו ווּעסט קענען דורכקריכן דורכן פענצטערל?

— טײַערע פּאַראַדע! — האָט שלוימקע גערעדט אַפן ייִנגלשן
לאָשן, דערהערנדיק, אַז דער טאַטע אַליין הייסט אים שטיפן אַביסל.

— טאָ קריך, מײַן גאָלד, אַרײַן, — האָט כאָנעץ גערעדט און
האָט זיך געשעמט באַר זײַן ייִנגעלע און פאַר זיך אַליין — און

קריך נאָכדעם אַרוף אַפּן בוידעם... דאָרטן ליגן זעק מיט זעליאַ... ווייסט דאָך.

— איך ווייס, איך ווייס... וואָס מע שיט אין זוימען! איך האָב אַמאָל געזעען! — האָט שלוימקע פריילעך פון זײַן געניטקייט אויסגעשריִען.

— שאַ, שרײַ ניט, נאַריש ייִנגל! — האָט זיך כאָנעץ געבייזערט, —קריך אַרוף אַפּן בוידעם, בינד אָפּ אַ זאַק און שיט אַרײַן אין דעם זאַסיעק זוימען, אָבער מע דאַרף נאָכדעם גוט אויסמישן... וועסט קענען?

— יאָ, יאָ! — האָט זיך שלוימקע אָנגעכאַפּט, —איך מיש אַלעמאָל מיטן שופל.

— נו, קריך, נאָר פּאַמעלעך...

שלוימקע האָט זיך אָנגעהאַנגען אַפּן פענצטערל און געשווינד, ווי אַ קאָץ, איז ער פאַרשוווּנדן דורכן פענצטערל אין שפּײַכלער אַרײַן.

כאָנעץ איז געשטאַנען מיטן פּאָנעם צו דער גאַס און געהיט. דאָס האַרץ האָט אים געקלאַפּט און פאַר די אויגן איז אים געשטאַנען לעווין מיטן שליסל אין האַנט...

— נו, וואָס הערט זיך? — איז ער צוגעגאַנגען צום פענצטערל אין פינף מינוט אַרום.

— איך מיש! — האָט שלוימקע פריילעך אויסגעשריִען, —צוויי זעק האָב איך אַרײַנגעשאָטן.

כאָנעץ איז לעכאַטכילע פאַרציטערט געוואָרן און האָט שטילערהייט אין פענצטערל אַרײַנגעשריִען:

— גאַזלען! איך וועל דיך הארגענען! האָסט געפּאַטערט דעם זוימען.

— איך מיש אויס גוט! —האָט שלוימקע געשריִען. — עס וועט זײַן ניט קענטיק.

— נו, אַ ייִנגעלע! — האָט כאָנעץ געטראַכט און א געפיל פון ווייטיק און פאַרגעניגן האָט אים דורכגענומען, — מיילע, צוויי זעק— האָט ער זיך געברומט, — איצטער וועט עפּשער זײַן עפּעס פאַרנאָסע... וואָס זאָל מען טון?...

— שוין, טאַטע! —האָט שלוימקע אין צען מינוט אַרום אויסגעשריִען דורכן פענצטערל.

— גוט אויסגעמישט?

— גוט!

— נעם אַביסעלע אין קעשעניע, ווײַז מיר...

אַ פֿאַרשוויצטער איז שלוימקע אַרויסגעקראָכן, זײַנע בלייכע דאַרע בעקעלעך זײַנען געוואָרן רויט. די אייגעלעך האָבן געגלאַנצט, און אינגאַנצן שײַנענדיק פֿאַר גליק, וואָס דער טאַטע האָט אים געטרויט אַזאַ אַרבעט, האָט ער פֿון קעשעניע אַרויסגע־נומען אַ פֿראָבקעלע זוימען און געוויזן דעם טאַטן. — גוט?—האָט ער געפֿרעגט אַ צופֿרידענער.

דער טאַטע האָט באַטראַכט און געזיפֿצט:

— כאַפּט אים דער טײַוול, עס וועט זײַן גוט... דער גאַזלען... ער געטרויט ניט... דאָס שליסעלע נעמט ער צו, ער איז אַליין אַ גאַנעוו...—שלוימקע האָט געקוקט אַפֿן טאַטן און ניט פֿאַרשטאַ־נען, וואָס ער איז אַזוי צעטראָגן.

— נו, מאָרגן וועסטו געבן געלט פֿאַרן רעבן?... האָט ער געפֿרעגט.

— ווי דען, מײַן זון! — האָט דער טאטע זיכער געענטפֿערט,— פֿינף רובל גיב איך דיר מאָרגן...

אוןווירקלעך איז אַף מאָרגן שלוימקע געפֿלויגן מיט אַ נײַעם פֿינעפֿרובלדיקן אין כיידער אַרײַן. דער רעבע האָט אים אַ קניפּ געטון אין באַק און געזאָגט: אַ שיינער באָכער. שלוימקען האָט זיך פֿאַר סימכע געוואָלט דערציילן געכטיקע בעריעשאַפֿט זײַנע, נאָר ער האָט זיך דערמאָנט, אַז דער טאַטע האָט אים פֿאַרזאָגט, אַז ער זאָל לעמאַנעשעם קיינעם, קיינעם ניט דערציילן.

און שלוימקע האָט זיך גענומען לערנען גאָטס טוירע, האַלטנ־דיק דעם נעכטיקן סאָד טיף אין זײַן קליין יונג הערצעלע, וואָס דאָס האָט אים שטאַרק געדריקט...

אַנדערש אָבער האָט דער סאָד געדריקט זײַן טאַטן כאָנענען...

# זוימען

דער טוווע־האַנדל, וואָס זאַלמען האָט געפירט אַף אַ גרויסן פוס, איז קיינמאָל ניט געווען קיין זיכערער. די פּרייַזן האָבן זיך דאָ געהויבן און דאָ געפאַלן. אָט, דאַכט זיך, האָט ער אַ „פעקל" ווייץ, אין וועלכן עס שטייט אים צו פאַרדינען אַ פינף־און־צוואַנציקער, ווערליק די מעקאָכים, וואָס ער האָט געצאָלט די פויערים אַפן מאַרק־טאָג, און פלוצים ווערט מען געוווירע, אַז ווייץ איז געפאַלן אף גאַנצע צען קאָפּיקעס אַפן פוד, און ווערליק עס סטראַשעט דער גרויסער סויכער, וואָס באַקומט טעלעגראַמעס אַזש פון קעניגסבערג, ווערט נאָך נידעריקער פאַלן. מוז זיך שוין זאַלמען צוויַלן און פאַרקויפן וואָס שנעלער די ווייץ מיט אַ פּאָר רובל אָנווער און זיך טרייסטן מיטן „פעקל" גערשטן, אָן וועלכן עס שטייט אים צו פאַרדינען אַ פופציקער; וויַזט זיך גאָר ארויס, אַז ווייץ הייבט זיך אוף מאָרגן ווידער און ווערט נאָך טייַערער מיט גאַנצע פופצן קאָפּיקעס, און דאַפקע דער גערשטן פאלט שרעקלעך נידעריקער. און גראָד האָט ער די ווייץ שוין פאַרקויפט און דער גערשטן ליגט נאָך. איז נאָך אַ גליק, וואָס ער האָט א „פעקל" האָבער, וואָס דער מעקעך איז פעסט ווי אייַזן.

אָבער גאַנץ זיכער איז ער שוין מיט דעם האָבער אויך ניט, און ער ווערט שוין בייז אַפן גאַנצן האַנדל:

— גיי זיַ א כאָכעם און טרעף!

פונדעסטוועגן האָט עס אים ניט אָפּגעהאַלטן צו האַנדלען ברייט, און נאָך יעדן מאָל „צולייגן" צו א „פעקל" טוווע, האָט ער זיך גענומען מיט מער קויכעס און מיט מער אַזאַרט.

קיינער האָט ניט געוווּסט, און עפּשער זאַלמען אַליין אויך ניט, אַז ער, וואָס איז געווען אַ מעטופּל מיט אַ גרויסער פאַמיליִע, האָט ער פונדעסטוועגן ליב געהאַט אַמאָל מיט מיסכער יאָ אַ שפּיל-טון זיך...

ווער רעדט, אַז עס איז געקומען אינמיטן ווינטער, דער סעזאָן פון זוימען, אַ סכוירע, צו וועלכער עס האָט זיך געפאָדערט מעווינעס, וואָס ניט יעדער טוווע־סויכערל האָט עס פאַרמאָגט, דעמאָלט האָט ערשט זאַלמען זיך צעשפּילט אף דעם העכסטן שטייגער.

דעם גרעסטן „זאסיעק" פון זײַן שפּײַכלער האָט ער אָפּגעגעבן פאַר די זוימען...

און אַז דער „זאַסיעק" איז פול געוואָרן מיט אָט די ברוינע, קילע און גלעטנדיקע קערנערלעך, האָט ער געפילט, ווי ער וואָלט באַזעסן אַן אייגנס, וואָס ניט יעדער פון זײַנע באקאנטע הענדלער וועלן דערצו ווען עס איז זויכע זײַן. ניט יעדער הענדלער האָט זײַן האַסאָגע און זײַן מעווינעס און טאקע זײַן מוט צו ריזיקירן, ווײַל דער האַנדל מיט געוויינלעכער טוווע איז די ריזיקע ביכלאַל גרויס, ביפּראַט נאָך מיט זוימען.

אין זוימען איז שוין דאָ אויסער מעווינעס — אויך אַ כעשבן, מיט מאָסן. עס הייסט, וויפל מאָס עס איז דאָ עמעסער זוימען און וויפל פּסוילעס... דער עמעסער זוימען מוז האָבן אַכט מאָס. אַזוי הייסט עס אין דער סאָכרישער וועלט. אַן אַכטמאָסיקער זוימען איז שווער צו קריגן; זאַלמען איז צופרידן, אַז זײַנער אַ „זאַסיעק" זוימען, וואָס ער דערווערבט זיך אין פאַרלויף פון עטלעכע זונטיקס, ווען ער קויפט זיי אוף באַ די רײַכערע און באַלעבאַטישערע פּויערים, — פאַרמאָגט דורכשניטלעך זעקס מאָס... דעמאָלט גייט ער שוין אויך אַרום אינמיטן וואָך אַ שטאָלצער איבערן מאַרק און וועט זיך ניט אָפּשטעלן צו רעדן מיט אַבי־וועמען עס איז...

צו פאַרקויפן אײַלט ער זיך ניט, סײַדן אַז ער מוז שוין גאָר נייטיק האָבן דאָס געלט. דעמאָלט רופט ער שוין דעם גרויסן טוווע־סויכער, מיכל זאַוולס, וואָס יענער האַנדלט אַף וואַגאָנעס מיט קעניגסבערג...

מיכל זאַוולס רעדט אַלעמאָל אַן איידעלערן לאָשן פֿאַר אַלע ייִדן אין שטעטל; דײַטש, ניט־דײַטש, אָבער אַנשטאָט געהויבן זאָגט ער—געשטיגן, אַנשטאָט מעקעך זאָגט ער—פּרײַז און אַנשטאָט וואָלוול זאָגט ער—ביליק...

ווען עס קומט אָבער צו זוימען, רעדט ער שוין נאָך אַ העכערן לאָשן, און אַנשטאָט „איך" זאָגט ער שוין „מיר"...

— אַזוי, זאַלמען, האָסט אַ פּעקל זוימען, וועלן מיר עס אָנקוקן...

אָבער ביז מיכל זאַוולס ווערט מושווע מיט דער „פּרײַז", גייט אַריבער אַ פּאָר וואָכן. אַמאָל פּאַסירט, אַז אין דער צײַט פֿאַלט די פּרײַז... דעמאָלט ווערט שוין זאַלמען געפּאַלענער, און מיכל זאַוולס — געהויבענער... פֿון די זעקס מאָס, וואָס דער זוימען פֿאַרמאָגט, ווערט באַ מיכל זאַוולס ניט מער ווי פֿינף און אַ האַלב, וואָס דאָס איז אַ כּילעק אין אַ פּאָר קאָפּיקעס אַפֿן פּוד אין פּרײַז. זאַלמענען אָבער אַרט ניט אַזוי די פּאָר קאָפּיקעס, ווי דאָס, וואָס דער גרויסער סויכער פֿאַרשטייט ניט זײַן סכוירע...

ווענן ווענט מען דעם זוימען אַף דער פּרײַסישער וואָג, וואָס שטייט אַף דעם לאַנגן גאַנעק פֿון שפּײַכלער. דער סויכער מיכל זאַוולס אַליין שטייט און רירט זיך ניט צו. ער באַטראַכט נאָר די וואָג, צי מע נאַרט אים ניט אָפּ... ניין, מע נאַרט אים ניט אָפּ. עס ווײַזט זיך אַרויס, אַז דער „זאַסיעק" האָט „געגעבן" באַ אַ צוויי הונדערט פּוד זוימען.

— וועסט ווערן אַן אוישער... — קלאַפּט מיכל זאַוולס זאַלמענען איבער דער פּלייצע...

און טאַקע באַלד וויל ער וויסן, וויפֿל האָט ער געמאַכט אָן דעם פּעקל זוימען.

— נו, זאַלמען, זײַ זיך מוידע... וויפֿל האָסטו געמאַכט פּראָפּיט?...

דאָס וואָרט „פּראָפּיט" נוצט מיכל זאַוולס בלויז באַ זוימען... זאַלמען ווייסט עס שוין און ער שעצט אָפּ דאָס וואָרט.

אָבער מוידע זײַן וויפֿל ער האָט געמאַכט איז זאַלמען ניט מוידע; ער האָט ליב צו האַלטן עס בעסאָד, ניט אויספּויקן...

וואָרעם, אַז מע וויל גוט וויסן, האַנדלט ער מיט זוימען ניט נאָר צוליב פּאַרנאָסע אַליין...

דערציילן אָבער פּאסט ניט. מע וועט לאכן פון אים. מע וועט זאָגן, אַז ער איז אַ קינד...

אז די באַלעגאָלעס פירן די פורן מיט די זוימען אַראָפּ פון הויף און זיי פאַרשווינדן איינע נאָך דער אַנדערער אַראָפּ גאַס, צום וועג, וואָס פירט צום באַן, גייט זאַלמען אַריַין צוריק אין שפּיַיכ־לער, באַטראַכט דעם ליידיקן „זאַסיעק" און זיפצט... עפּעס גוט אים באַנק. מער אַזאַ פּעקל זוימען וועט ער שוין ניט מאַכן. דער סעזאָן איז שוין געענדיקט.

דעמאָלט ווענדעט ער זיך צו אַ ווינקל פון שפּיַיכלער, ווו עס שטייט צו דער וואַנט אָנגעשפּאַרט אַ וויַיסער זאַק, זאָרגפעלטיק פארבונדן.

און דער זאַק איז זאַלמענס טרייסט. דאָס איז אַ זאַק מיט אַכט־מאָסיקן זוימען... דאָס איז באַ אים אַ מין שמורע־זוימען, וואָס ער האלט אַף נאָך פּייסעך.

דעם זאַק זוימען האָט ער אָפּגעקליבן פון די בעסטע ביסע־לעך זוימען, וואָס ער האָט אין פאַרלויף פון ווינטער געקויפט באַ די פויערים.

דעם זוימען האַלט ער צו פארקויפן די פויערים צוריק אַף זריִע.

דאָס איז באַ אים אַ מין מיצווע, וואָס ער היט אָפּ אַלע יאָר.

אין אָנהייב פרילינג, ווען דער מיסכער מיט טוווע הערט אוף און די פויערים פון די דערפער קומען גאָר אין ליידיקן אײַנצו־קויפן אַלערליי זריִע פאַר די פעלדער, דעמאָלט פירט זאַלמען אַרויס אַף אַ וועגעלע דעם זאַק ריינעם, אַכטמאָסיקן זוימען אַפן מאַרק, אַ מין מאַטאָנע פאַר די פויערים...

ער פירט אים אַרויס אַזייגער צוועלף, שטעלט זיך אָפּ מיטן וועגעלע באַ אַ ליידיקן פּלאַץ לעבן אַ קראָם, וואָס דער קרעמער האָט שוין ניט קיין רעכט צו פאַרווערן, עפנט אוף ברייט דעם זאַק, אַזוי אַז די זוימען זאָלן זיך גליַיך אַרויסזעען. אין זאַק שטעלט ער אַוועק אַן אײַזערנעם גאַרנעץ מיט אַ הענטל און ער גיט בלויז אַ רוף:

— „סעמיאַ נאַ נאַסעניע"! ד. ה., זוימען אף זריִע...

דאָס אויסרופן איז בלויז פון פריילעכקייט וועגן. זאַלמען איז דער איינציקער אַפן מאַרק מיט אַזאַ מין זריִע. באַלאָנים זיַינען

דאָ גענוג. ניט יעדער פויער האָט געדענקט איבערלאָזן זוימען פאַר זיך און ניט יעדער זוימען איז גוט פאַר זריִע.

באַלד קומט צו אַן עלטערער פויער, אַ טיף־פאַרטראַכטער, אַן ערנסטער, ווי ער גייט טון אַ הייליקע אַרבעט: קויפן זריִע פאַר זייַן פעלד...

— אַ פּאָטשאָם, פּאַני, גאַרנעק?

זאַלמען באַרייַסט ניט... אַליין אַ ליבהאָבער פון זוימען, ווייסט ער, אַז פון אָט דעם זאַק זוימען, וואָס ער וועט פאַרקויפן צו גאַרנעק יעדן פויער, וועלן אופבליִען גאַנצע פעלדער מיט פלאַקס, פון וועלכע עס קומט נאָכדעם אַרויס די גרויסע שעפע פון זוי־מען. פאַר זייַנע אויגן שפּרייטן זיך שוין די געשפּרענקלטע פעלדער...

און ער זאָגט אַרויס מיט אַ שמייכעלע דעם מעקעך:

— אַך, ס'איז אַזוי ביליק...

דער פויער ווערט אַזש צעמישט פאַר פרייד. ער דינגט זיך ניט און הייסט גלייַך אָפּמעסטן אַ גאַרנעק, האַלט גרייט די פאַ־נאַנדערגענומענע טאָרבע און קוקט, ווי דער ייִד שיט אים אַרייַן ביזן דעק... מיט אַ פרומען פּאָנעם פאַרבינדט דער פויער די טאָרבע, מורמלט עפּעס הייליקע ווערטער און באַצאָלט לאַנגזאַם, מיט ייִשעוו־האַדאַס, דעם באַשיידענעם מעקעך...

אַזוי אַ צווייטער פויער, אַ דריטער, אַ פערטער; אלע ווי איינער, אלע מיט איינע מינעס, מיט גרויסע קאוואָנעס, קומען שטיל, אָן טומל. ווי פאַרכאַפּט פון דער גרויסער שענקייַט פון די ברוינע קערנער, קומען זיי, פרעגן שטיל דעם מעקעך, הייסן זיך נאָך שטילער אָפּמעסטן א גאַרנעק, באַצאָלן פרום די פרייַז און גייען אַוועק מיט שטילע, ווי מיט פאַרטראַכטע טריט...

זאַלמענען געפעלט עס... ער פילט זיך אַ געהויבענער.

# פלאַקס

אַראָפּגעגאַנגען פון קעסט, האָט זאַלמען אַרויסגענומען די צוויי הונדערט רובל נאַדן, וואָס זײַנען געווען אײַנגעלייגט באַם גוויר פון שטעטל, און האָט זיך גענומען צו מיסכער.

זאַלמען איז געווען אַ יונגערמאַן אַ מאַסקל, האָט געהאַלטן מיט אַכט שוטפים דעם „האַמייליץ״, געלעזן אָבער דעם „האַמייליץ״ האָט ער אַליין, יענע שוטפים, באַלעבאַטישע יונגעלײַט, זײַנען געווען שוטפים בלויז פון גאַדלעס וועגן. וואָס אין „האַמייליץ״ טוט זיך האָט געוווּסט בלויז זאַלמען. זיצנדיק אַף קעסטן האָט ער געלעזן דאָס „בלאַט״ פון אָנהייב ביזן סאָף, און ניט נאָר די פּאָליטיק, וואָס איז איבריקנס געווען געשריבן אין אַ שווערן סטיל, האָט ער געלייענט—ער האָט אַפילע געשטודירט די פּרײַזן פון די טוווּעס, וואָס איז געווען געדרוקט מיט קליינע אויסיִעס־לעך גאָר צום סאָף פון בלאַט.

אַז ער האָט אָנגעהויבן צו האַנדלען, האָט ער זיך מיט דער־דאָזיקער אָפּטיילונג שטאַרק גערעכנט. אַרויסגייענדיק זונטיק פרי אין מאַרק, האָט ער פריִער גוט דורכגעקוקט די פּרײַזן, ווי זיי זײַנען געדרוקט אין בלאַט. און כאָטש ער האָט געוווּסט, אַז די גרויסע סאָכרים זײַנען ייִדן אַמעראַצים און הייבן ניט אָן צו וויסן פון אַ בלאַט, האָט ער דאָך דערוף ניט געקוקט. ער האָט גע־צאָלט פּרײַזן לויטן „האַמייליץ״.

פאַרקויפנדיק ענדע וואָך דאָס ביסל טוווּע דעם גרויסן סויכער, פלעגט ניט איין מאָל אויסקומען אַ מאַכלויקעס:

— ס׳טײַטש!—פלעגט זאַלמען טײַנען—דער „האַמייליץ״ שרײַבט שוואַרץ אַף ווײַס, אַז סעוירים, גערשטן, הייסט עס, איז כאָזאָק,

פעסט, הייסט עס, און איר קומט און גיט מיר ווייניקער ווי פאַר־
אַכטאָגן, ווען דער „האַמייליץ״ האָט געשריבן דאַפּקע פאַרקערט,
אַז סעוירים איז ראָפּע — שוואַך, הייסט עס...

פלעגט דער סויכער רויִק שמייכלען און ענטפערן:

— ווער הייסט דיר, זאַלמען, זײַן אַ געלערנטער? דו האַנדל
ווי מיר, אָן דיקדעק, וועסטו מער פאַרדינען.

אָבער זאַלמען האָט זיך געהאַלטן פעסט, אַז וויבאַלד דער
„האַמייליץ״ שרײַבט, איז ראַיעל ווי גאָלד, און ער האָט געהאַלטן
דאָס פּעקל טוווע נאָך אַ פּאָר וואָכן, אַבי דעם סויכער ניט צו
פאַרגאַרן. ביז ער האָט זיך דערוואוּסט, אַז דער „האַמייליץ״ האָט
אַליין געשריבן — „ראָפּע״, געפאַלן, הייסט עס... דעמאָלט פלעגט
ער ווידער רופן דעם גרויסן סויכער, באַוויַזן אים די אָנגעקויפ־
טע סכוירע און זיך אָנרופן:

— וואָס וועט איר אַף טשיקאַוועס איצט געבן?

און ווי אַף צעלאָכעס פלעגט דער סויכער ענטפערן:

— זעסטו, זאַלמען, הײַנט באַקומסטו מיט צוויי קאָפּיקעס
טײַערער אַפּן פוד... עס האָט זיך אַביסל דאַפּקע געהויבן...

זאַלמען האָט שיר ניט אויסגעשריִען: געפאַלן! ער האָט אָבער
ניט געוואָלט פאַרלירן די צוויי קאָפּיקעס אַפּן פוד און האָט אין
האַרצן געטראַכט:

— גייט ער צום טײַוול — אַ ייִד אַ גראָבער יונג און הייבט
ניט אָן צו וויסן פון עכטע פרײַזן, לויטן קורס.

ענדלעך, האָט זאַלמען אָנגעהויבן צו האַנדלען אָן דער פאַר־
מיטלונג פון דער צײַטונג. ער האָט אײַנגעזעען, אַז אויב ער וועט
צאָלן פרײַזן נאָכן „האַמייליץ״, וועט ער דעם לעצטן הונדערטער,
וואָס איז אים געבליבן, אינגיכן פאַרלירן.

און יעדן שאַבעס צו־נאַכט פלעגט ער אַרײַנגיין צום גרויסן
סויכער, ווו עס זײַנען געווען פאַרזאַמלט פילע קליינע הענדלער,
און פלעגט פרעגן ווי שטייט די פרײַז.

— אָט אַזוי! אָט אַזוי — פלעגט דער סויכער, כאַיִם איטשעס,
אַ ייִד אַ גרויסער אַקשן אין מיסכער, זאַלמענען קלאַפּן איבער דער
פּלייצע — הייבסט אָן ווערן אַ מענטש! קוקסט שוין ניט, וואָס די
בלעטער שרײַבן דאָרט... פרעג זיי בעכיידעם, די בלעטער —

פלעגט כאַיִם איטשעס כויזעק מאַכן. און קלאַפּנדיק מיטן פינגער אין ברוסט, פלעגט ער מיט גאַדלעס ענדיקן:

— איך בין דאָס בלאָט!

און פלעגט זיך צעלאַכן מיט אַ ברייטן געלעכטער און צו־פרידן אויסרופן:

— עמעס, זאַלמען!...

אַז זאַלמען פלעגט פון סויכער אַרויס, פלעגט ער זיך פילן ווי אַ קינד, וואָס אַן עלטערער האָט אים נאַר־וואָס אָפּגעשמיסן. ער פלעגט דעמאָלט טרויעריק טראַכטן, אַז בילדונג מיט מיסכער זײַ־נען ניט קיין פּאָר קליידער, און אויב מע וויל בעעמעס ווערן אַ סויכער, מוז מען זיך די בלעטער אַרויסשלאָגן פון קאָפּ.

קומענדיק אַהיים, פלעגט ער דאָך זיך נעמען צו דער צײַטונג, אײַנקוקן זיך אין דער אָפּטיילונג פון די פּרײַזן אַף די טוווּעס און געפינענדיק, אַז עס איז פּונקט קאַפּויר ווי דער סויכער האָט אים ערשט געזאָגט, האָט ער די צײַטונג פאַרשטעקט ערגעץ אין אַ ווינקל און געמורמלט:

— הײַנט גיי זײַ אַן אופגעקלערטער, אַז דו האָסט צו טון מיט אַזוינע סאָנרים, גראָבע יונגען!...

---

אָבער האַנדלען גלײַך מיט אַלע קליינע הענדלער פון מאַרק האָט זאַלמען כאָ זיך ניט געקענט פויעלן. אויב ניט האַנדלען נאָכן קורס פון „האַמײליץ", וואָס דאָס וואָלט אים העכער געמאַכט אין די אויגן פון דײַנע „קאָלעגן", מוז ער האַנדלען מיט אַזאַ מין סכוירע, וואָס שטייט העכער ווי די איבעריקע סכוירעס און אי־בערהויפּט צו וועלכע עס פאָדערט זיך מעווינעס.

עמעס, אַף טוווּע דאַרף מען אויך זײַן אַ מייוון. די ווייץ דאַרף זײַן אַביסל רויטלעך, דער האָבער לאַנגלעך און טרוקן, דער גערשטן פול און רינד, דער „זוימען" דאַרף זײַן ריין פון פּסוילעס און נאָך אַזעלכע קלאָלים. אָבער דאָס ווייסט יעדער הענדלערל. קיין כאָכמעס איז דערבײַ ניטאָ.

אַ מייוון דאַרף מען שוין זײַן צו „כאַזער־האָר"! דאָס איז אָבער אַ סכוירע, וואָס קאָסט געלד. עמעסע כאַזער־האָר איז זיך ניט אויסצוצאָלן. מע דאַרף האָבן דערצו גרויסע קאַפּיטאַלן. און די

סכוירע אַליין דאַרף מען זוכן! אַז עס מאַכט זיך אים אַמאָל קויפן אַ בינטעלע כאַזער-האָר פאַר א האַלב קערבל, קויפט ער. עס איז אָבער ניט מײַסע־סויכער. עס שמעקט מער מיט קאַפּצאָנעס. און די עצעם סכוירע געפעלט אים אויך ניט. כאַזער־האָר איז זאַלמענען ניט צום האַרצן. עס איז פאָרט סכוירע פון אַ כאַזער! עמעס, דער גרויסער סויכער פון די „כאַזער־האָר" האָט אַן אײַגענע פאַבריק און אַרבעט עס אויס אין די וואַגאָנעס. אַזוינס לוינט זיך שוין! אָבער כאַפּן פון א בינטעלע אַ פּאָר צענערלעך לוינט זיך ניט מיעס מאַכן... און דערצו ציט אים ניט דערצו. צו כאַזער־האָר האָט ער ניט קיין קישרען, קיין טאַלאַנט, הייסט עס...

זײַט זאַלמען איז געוואָרן אַ הענדלער, ציט אים צו פלאַקס... ער פילט, אַז זײַן מאַזל ליגט אין פלאַקס. די סכויר'ע איז א שיינע, א מעהודערדיקע און עס פאָדערט זיך דערצו שאַרפע מעווינעס. און זאַלמען האַלט, אַז אַן עמעסער מייוון איז ער בלויז אף פלאַקס...

פלאַקס איז אָבער אַ ריזיקאַלע סכוירע. מער ווי אין גרויסער סויכער אין שטעטל וועמען צו פאַרקויפן עס איז ניטאָ. און דער־דאָזיקער סויכער, מאָטע שפּינער, איז א ייד אַ גאַזלען! ער צאָלט פּרײַזן לויטן קאַפּריז. זאַלמען האָט שוין אַמאָל געקויפט א צוויי פּוד פלאַקס, פאַר וועלכע ער האָט אַליין באַצאָלט זעקס רובל, ער האָט עס אַוועקגעפירט צו מאָטע שפּינער אין גרויסן שפּײַכלער און מיט א קלאַפּנדיק האַרץ געוואַרט אַף יענעמס אורטייל.

מאָטע שפּינער איז בײַ אַ פּערטל שעָ צײַט געשטאַנען און גע־קוקט, ווי די מענטשן זײַנע לייגן איבער פלאַקס פון איין ווינקל אין צווייטן, בינדן איבער אין שטריק און וועגן עס, און אין זאַל־מענס זײַט האָט ער אַפילע קיין קוק ניט געגעבן. אָבער אַז זאַלמע־נען האָט ענדלעך געפּלאַצט דאָס געדולד און ער האָט שוואַך געזאָגט:

— ר' מאָרדכע, איך האָב אײַך געבראַכט אַביסל סכוירע, איר זאָלט עס אָנקוקן...

האָט מאָטע שפּינער אופגעהויבן זײַנע אויגן אַף זאַלמענען, ווי ער וואָלט אים גאָרניט געקענט, נאָכדעם האָט ער א בליק גע־וואָרפן אַפן פעקעלע פלאַקס און זיך מיט א שמייכעלע אָנגערופן:

— דו האָסט זיך שוין גענומען צו פלאַקס?..

און אַ טאַפּ טוענדיק איין בינטל פון די צוויי, וואָס זײַנען גע־לעגן ווי דערשראָקענע אפן שוועל פון גרויסן שפּײַכלער, האָט ער א גענעץ טוענדיק געפרעגט:

— וואָס ס'טו באַצאָלט?

— זעקס רובל! — האָט זאַלמען אָפּגעענטפערט דערשראָקן ווי באַם עקזאַמען...

— ביסט א שוטע! — האָט מאָטע שפּינער זיך גוטמוטיק אָנ־גערופן...

און אָנקוקנדיק זאַלמענען מיט אַ מאָדנעם אויסדרוק אין די אויגן, האָט ער צוגעגעבן:

— ביסט א מעלאַמעד...

און ניט דערוואַרטנדיק זיך פון דעם דערשראָקענעם זאַלמענען קיין ווידערשטאַנד, האָט ער ווידער א טאַפּ געטון אַ בינטל, זיך צעלאַכט און גלײַך צוריק ערנסט געוואָרן:

— נעם דאָס צוריק!

זאַלמען איז געשטאַנען ווי ניט טויט, ניט לעבעדיק און האָט זיך ניט באַוועגט.

מאָטע שפּינער האָט די צוויי בינטלעך ווידער אַ טאַפּ געטון און, אָנקוקנדיק זאַלמענען ווי מיט ראַכמאָנעס, האָט ער אַרויסגע־מורמלט:

— פינף רובל קריגסטו... א רובל איז דיר ווערט רעבע־געלט...

— נעמט, ר' מאָרדכע! — האָט זיך זאַלמען ווי דערפרייט, וואָס דאָס ערשטע מאָל האָט ער אָפּגעשניטן בלויז מיט איין רובל הע־זעק, און האָט זיך שוין געטרייסט, אַז ער איז יאָ אַ מייוון — נעמט צו, נאָר איך האָב צו אײַך א באַקאָשע...

— א באַקאָשע? — האָט שוין מאָטע שפּינער ווי א שטרענגער טאַטע געפרעגט — לאָמיר הערן...

— וואָס פאַר א כיסאָרן געפינט איר אין דעם פלאַקס?

— א כיסאָרן? המ... א כיסאָרן... צו קורץ, ניט גלאַנציק... שוואַך... זעסט... עס רײַסט זיך... — און מאָטע שפּינער האָט גענו־מען א לאָקן פון בינטל און איבערגעריסן, ווי שימשן האַגיבער די שטריק פון די פּלישטים...

— כי—כי—כי !—האָט זאַלמען אָנגעקוואָלן...—הייסט עס, אַז עס דאַרף זײַן לאַנג, שטאַרק און גלאַנציק...

— ביסט אַ מעלאַמעד...—האָט אים מאַטע שפּינער גוטמוטיק געמוסערט — ווילסט ווערן גלײַך אַ מיליון... וועסט אַביסל פאַר־לירן, וועסטו זיך אויסלערנען...

באַקומענדיק די פינף רובל, האָט זאַלמען מיט א שײַנענדיק פּאָנעם, ווי דאָס וואָלט געווען קולע רעווער, אַרײַנגעשטעקט זיי אין קעשענע און איז אַרויס מיט דער האָפענונג אַוועקצוּוואַרפן אַלע מיסכאָרים און זיך נעמען צו פלאַקס...

מיט גרינגשעצונג און מיט פאַראַכטונג האָט זאַלמען אָנגעהויבן קוקן אַף די אַלע סאָכרימלעך, וואָס האָבן זיך אַרומגעדרייט אין די מאַרק־טעג אַפן גרויסן זומפיקן מאַרק און געהאַנדלט וואָס עס האָט זיך געמאַכט...

מער פאַר אַלע האָט אים אָפּגעשטויסן כאַיִם דאָמעצקעס, א ייִד אין אַ וואַטאָוון קאַפּטען, אַרומגעגאַרטלט מיט א שטריק, אַרום אים זײַנע דרײַ באָנים: שלוימע, יאַשקע און פּיישע, וועלכע האָבן געוואָלט אײַנעמען דעם גאַנצן מאַרק. געהאַנדלט האָבן זיי וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט און אין וואָס ס'האָט ניט געשטעקט קיין ריזיקע: מיט אייער, קרענץ ציבעלע, הינער און טאָמער האָט זיך געמאַכט ביליק א קאַלב, איז א קאַלב אויך געווען א סכוירע. און ניט זעלטן פלעגט דער טאַטע מיט דעם קאַלב אף דער פּלייצע, ניט האָבנדיק קיין צײַט אַוועקטראָגן עס אין שפּײַכלער, אַרומגיין איבערן מאַרק צווישן די וועגענער, באַגלייט פון זײַנע דרײַ באָנים, און האָט געמאַכט געשעפט. דאָס קאַלב האָט דערבײַ אויסגעצויגן איר האַלדז און ווײנענדיק גע־בלעקט.

— איר קויפט אַלץ !—פלעגט אַמאָל זאַלמען מיט א כויזעק־טאָן זיי אָפּשטעלן...

— יאָ, זאַלמען, מיר קויפן אַלץ... נאָר ניט קיין פלאַקס... דאָס לאָזן מיר פאַר אײַך !..

און די באָנים האָבן אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער, אז דאָס קאַלב און די הינער, וואָס זיי האָבן מיט זיך געטראָגן, האָבן זיך דערשראָקן און זיך צעשריִען יעדער אַף זײַנע קוילעס...

— גראָבע יונגען! — פלעגט זאַלמען טראַכטן — מאַכן פון אַלץ געלט! אַלץ איז באַ זיי סכוירע...

און ער פלעגט צוגיין צו א וואָגן פלאַקס, באַטראַכטן אים לעַ־כאַטכילע צי גלאַנצט ער ווי גאָלד... נאָכדעם פלעגט ער מעסטן די לענג, נאָכדעם פלעגט ער פרווון אַ פּאָר לאָקנס איבערייַסן אף די פינגער...

— טשאָהאָ טי, „זשיד", רוויעש... דאָס הייסט: — ייִד, וואָס רייַסטו?

פלעגט זאַלמען זיך אָנרופן מייַסע-סויכער:

— יאַ ניע רווו — יאַ פּראָבויו... ס'הייסט: איך רייַס ניט, איך פּרוביר...

— און אַז דו וועסט ניט קויפן, ווער וועט מיר באַצאָלן פאַר די פעדים, וואָס דו האָסט צעריסן? — פלעגט דער גוי בייזער ווערן.

דאָ פלעגט זאַלמען ענטפערן:

— אויב דו וועסט ניט זייַן קיין „האַרטער" מענטש, וועל איך אַוואַדע קויפן...

און זעלטן פלעגט זאַלמען ניט מושווע ווערן, סײַדן דער פלאַקס פלעגט אים ניט געפעלן. קוים אָבער איז דער פלאַקס גע־ווען לויט די קלאָלים פון מאָרדכע שפּינער: לאַנג, גלאַנציק און שטאַרק — איז קיין פרייַז ניט געווען צופיל...

זאַלמען האָט אַ שיין פּעקל פלאַקס ליב געהאַט, און וואָלט ער נאָר געלט געהאַט, וואָלט ער דעם גאַנצן פלאַקס פון אַלע גאָיִם אָפּגעקויפט.

די ערשטע צייַט פלעגט ער לאַנג באַ זיך ניט האַלטן דאָס אָנגעקויפטע. זייַן קליינער קאַפּיטאַל האָט אים ניט דערלויבט לאַנג די סכוירע צו האַלטן. אַף מאָרגן נאָכן מאַרקטאָג פלעג ער אַרופּ־לייגן די געקויפטע בינטלעך פלאַקס אַף א וועגעלע און אַוועק־פירן עס צו מאָטע שפּינער.

מאָטע שפינער האָט זיך נאָך אַלץ באַצויגן צו אים, ווי צו אַן אָנפאַנגער, האָט אים אַלץ גערופן מיט אַ שמייכעלע „שויטע", „מעלאַמעד" און נאָך אַנדערע נעמען, וואָס זאַלמען פלעגט עס אָנעמען פאַר ליב, אַבי נאָר דער גרויסער סויכער זאָל אים ניט באַטן אַ מעקעך, וואָס זאָל שמעקן מיט אַסאַך אָנוועך...

ענדלעך, האָט מאָטע שפּינער געגומען אַנערקענען זאַלמענען אַלס אַ מייוון אַף פּלאַקס און איינמאָל, אין דער אָנוועזנהייט פון א פּאָר קליינע סאָכרימלעך, וואָס האָבן זיך אין שפּײַכלער געפונען, האָט מאָטע שפּינער, קלאַפּנדיק זאַלמענען אין פּלייצע, מיט גרויס ערנסט געזאָגט:

— אָט, זעט איר, דער יונגערמאַן פאַרשטייט שוין יאָ אַביסל וואָס פלאַקס איז...

— עס קאָסט רעבע־געלט, ר׳ מאָרדכע!—האָט זאַלמען דעמאָלט מיט אַ שמייכעלע זיך אָנגערופן און האָט צופרידן געגלעט דאָס בערדל.

דער אייגענער קאַפּיטאַל האָט זיך בײַ זאַלמענען ענדלעך אויסגעלאָזט, אָבער אַזוי ווי ער איז שוין געווען א טאַטע פון דערוואקסענע קינדער און אין זײַן בערדל האָבן זיך שוין באַוויזן גרויע פּאַסן, איז ער געווען א באַטועך און האָט געהאַנדלט מיט פרעמד געלט...

געהאַנדלט האָט ער נאָך אַלץ מיט פלאַקס און דער מיסכער איז פון יאָר צו יאָר אים טײַערער געוואָרן. גאַנצע טעג פלעגט ער אָפּליגן אין שפּײַכלער, ווו עס איז געלעגן אָנגעוואָרפן בינטלעך פלאַקס און ער אַליין צווישן זיי, אויסגעשמירט אין בלאָנדע פלאַקס־לאָקנס, האָט אויסגעזען, ווי א שטיק פלאַקס.

אַרויסגייענדיק פון דעם שפּײַכלער און קומענדיק אַהיים, פלעגט אים דאָס ווײַב, וועלכע איז מיט זײַן מיסכער ניט צופרידן געווען, אָנהייבן יאַדען:

— זע וואָס דו האָסט געמאַכט פון א בעגעד! ער איז דאָך דורכויס אין פלאַקס...

— איז וואָס, נאַרעלע,—פלעגט ער מיט א שמייכל ענטפערן— פלאַקס איז אַ ריינע זאַך...

און אָנטועענדיק צוריק דאָס בעגעד צו גיין דאַוונען, פלעגט דאָס ווײַב זיך בעטן:

— וואַרט! איך וועל דיר אָפּרייניקן דאָס בעגעד!

זאַלמען אָבער פלעגט זיך ניט לאָזן:

— וואָס שאַדט עס?.. פאַרקערט...

און גייענדיק אין גאַס, פלעגט ער מיט שטאָלץ קוקן אַראָפּ אַפן בעגעד און טראַכטן:

— וואָס הייסט... פלאַקס איז ניט מיִעס... עס איז דאָך ניט קיין פעדערן...

וואָלט אַלץ גוט געווען, ווען ניט דאָס פרעמדע געלט.

זאַלמען האָט ענדלעך איינגעזען, אַז צו פלאַקס מוז מען האָבן אַסאַך קויכעס... מאָטע שפינער איז אַ ייִד אַן אדיר, ער קאָן האַלטן, שפעקולירן, ער האָט געלט, אייגן געלט, ער ברויך ניט צו צאָלן פראָצענט און דערצו איז ער איינער אין סוויווע. ער קויפט אוף אַלע פלאַקסן, און וואָס פאַר א פרייַז ער גיט, מוז מען נעמען.

זאַלמען האָט זיך געכאַפּט, אַז ער איז אַף פלאַקס מער מייוון ווי מאָטע שפינער אַליין. אָבער וואָס העלפט זייַן מעווינעס, אַז ער האָט ניט דעם קויעך! אָט האָט ער איצט א הונדערט פוד פלאַקס... אַ באַלכויוו איז ער וויפל האָר אַפן קאָפּ... וואָס וועט ער טון, אַז מאָטע שפינער וועט אים „באָטן" אַ מעקעך, וואָס ער וועט שטיין אָנצוווערן?...

און זאַלמען פלעגט אַלע טאָג גיין אין זייַן שפייַכלער, באַקוקט דאָס פלאַקס, געווען זיכער, אַז ער האָט בלויז „קרוין", ווי עס הייסט אפן סאָכרישן לאָשן, און זיך דאָך געשראָקן, אַז מאָטע שפינער וועט אים דאָס מאָל באַגראָבן...

ענדלעך, האָט ער באַשלאָסן אַ טייל פונעם פעקל פלאַקס אַוועקפירן צום סויכער, ער זאָל אים אָנקוקן.

וואָס עס וועט זייַן וועט זייַן!

געדונגען כאַצקל באַלעגאָלע מיט דעם פערד און וואָגן, האָט ער גענומען ארויסטראָגן דעם פלאַקס אַפן וואָגן, יעדעס בינטל איבערגעטאַפּט, געגלעט, געפּוצט און געמורמלט:

— פייַנע סכוירע!

און זיך ניט געקענט איינהאַלטן און זיך געווענדעט צום באַלעגאָלע:

— וואָס זאָגט איר, ר' כאַצקל, אַף דער סכוירע? קרוין!

כאַצקל באַלעגאָלע, אַ שטיל־דערשלאָגן ייִדל, האָט געקוקט אַף דעם פלאַקס און ניט דרייסט געענטפערט:

— ווי קום איך דערצו?.. איך ווייס, איך בין אַמאָל געווען אַ יינגל... אָפּגעריכט פּורים־שפּיל, פּלעג איך אָנטון אַ פלאַקסענע באָרד... ווײַטער פרעגט מיך בעכיירעם...

פון דאָזיקן באַלעגאָלעס ענטפער איז זאַלמען געפאַלענער געוואָרן און זיך אָנגערופן:

— עט, ר׳ כאַצקל... פון דעם פלאַקס מאַכט מען ניט קיין בערד... דער פלאַקס וועט גיין אַזש קיין קעניגסבערג...

— טע־טע־טע! — האָט זיך דער באַלעגאָלע געכידעשט — אַזש קיין קעניגסבערג, מיט דער באַן, הייסט עס... טע־טע־טע.

און אַז דער וואָגן איז שוין געווען פול מיט פלאַקס אָנגעלייגט, האָט זאַלמען זיך אָנגערופן:

— מיר פאָרן, ר׳ כאַצקל! צו מאָטע שפּינער.

און האָט אַ זיפץ געטון.

מאָטע שפּינער איז געשטאַנען אין זײַן גרויסן שפּײַכלער און געשמועסט מיט אַ סויכערל.

זאַלמען האָט אַ הוסט געטון.

— אַ, זאַלמען! — האָט זיך מאָטע שפּינער אומגעקוקט צו אים, — וואָס ווילסטו זאָגן?

— איך האָב געבראַכט סכוירע! עס איז בלויז אַ טייל...

— נו, טראָג אַרויף, וועלן מיר אָנקוקן! — האָט דער סויכער קאַלט געזאָגט.

זאַלמען מיטן באַלעגאָלע האָבן גענומען אויספּאַקן די סכוירע פון וואָגן און אַרופטראָגן אין שפּײַכלער אַרײַן.

דער סויכער האָט יעדער פּעקל באַקוקט און ווי געדרייט מיטן קאָפּ אַף ניין...

זאַלמען האָט זיך געמאַכט ווי ער זעט עס ניט, דאָס האַרץ אָבער האָט אים געקלאַפּט, און גייענדיק מיט די פּעק אַף די טרעפּלעך צום שפּײַכלער, האָט ער געפילט, ווי ער פאַלט באַלד אום:

— ער וועט דיך באַגראָבן! — האָט אים ווי עמעצער אין די אויערן געקלונגען.

— ווו האָסטו עס געקויפט אַזוינע מעציִעס? — האָט דער סויכער זיך לוסטיק געמאַכט.

זאַלמען האָט פּאַר שרעק אויסגעגלאָצט די אויגן און אויס־געשריִען:

— ר׳ מאָרדכע, וואָס רעדט איר? עס איז דאָך קרוין!

— קרוין?—האָט מאָטע שפּינער געשמייכלט,—טאָ טו דאָס אָן אַפן קאָפּ, וועסטו ווערן א קייסער...

— וואָס הייסט, איך בין שוין גאָר קיין מייוון ניט? האַ? גאָר־ניט?! — האָט זאַלמען ווי געסטראַשעט און געבעטן זיך צוזאַמען...

— ביסט דער גרעסטער מייוון אַף דער וועלט...—האָט מאָטע שפּינער גערעדט האַלב אין ערנסט און האַלב אין שפּאַס — אָבער מיר געפעלט ניט דאָס הייַנטיקע ביסל פלאַקס..

און א גלעט טוענדיק עטלעכע פּעקלעך, האָט ער קאַלט געפרעגט:

— וואָס וועסטו זיך הייסן געבן פּאַר א פוד, לעמאָשל?

— איך מיין, וואָס איז שייַעך?..—האָט זאַלמען גענומען שטאַמ־לען, מוירע האָבנדיק צו זאָגן א פּרייַז...—מיר אַליין קאָסט עס, אויסער פּראָצענט־געלט, באַ א פיר רובל א פוד... דאָ איז נאָר אַ פּראָבע, אַ דרייַסיק פוד...

מאָטע שפּינער איז קיין גרויסער מענאַגן ניט געווען, נאָר באַ אַזוינע פאַלן פלעגט ער ליב האָבן אונטערצוזינגען.

זאַלמען האָט דאָס ניגנדל פאַרשטאַנען און עס האָט אים גע־דירט ביז טרערן.

— הייסט עס?— האָט זאַלמען קורץ, סאָכריש געפרעגט...

— הייסט עס, אַז דו וועסט די סכוירע צוריק פירן...

— ווייַל איר זייַט איין איינציקער סויכער, ווילט איר קוילען?.— איז זאַלמען, ניט לויט זייַן שטייגער, האָזעדיק געוואָרן.

— ביסט א שוטע!—האָט מאָטע שפּינער קורץ אָפּגעהאַקט.

— ר׳ כאַצקל, נעמט די סכוירע אַפן וואָגן!—האָט זאַלמען זיך געהאַלטן פעסט.

אין אַ פערטל שאָ ארום איז שוין דאָס פלאַקס צוריק אין זאַלמענס שפּייַכלערל געלעגן אָנגעוואָרפן אין אומאָרדענונג.

ער איז געשטאַנען צווישן די בינטלעך, אייַנגעוויקלט אין פעדים פון קאָפּ ביז די פיס, און האָט אויסגעזעען ווי א לעבעדיק שטיק פלאַקס.

אינעווייניק אין קאָפּ אָבער איז אים לויטער געוואָרן.

פאַר זײַנע אויגן האָבן זיך געטראָגן די געזיכטער פון די עט־לעכע פראָצענטניקעס, וועמען ער האָט פאַרשפּראָכן די וואָך אָפּ־צוצאָלן. בוילעטער פאַר אַלע פּענימער האָט זיך אים געמאָלט דאָס פּאָנעם פון לייבע דעם וואָכערניק, וועלכער האָט אַף אים א וועקסל אף פיר הונדערט רובל פאַר 50 רובל...

— דעם פלאַקס וועט דערדאָזיקער לייבע אָפּנעמען! — האָט זאַל־מענען עמעצער אײַנגעשושקעט.

אַז ער איז געקומען אַהיים, האָט ער געטראָפן דאָרט צוויי ייִדן, באַ וועמען ער האָט די לעצטע וואָך געכאַפּט צו „גמילעס־כאַסאָדים" אַף צוויי טעג.

זיי זײַנען געזעסן ווי פאַרשעמטע און האָבן געוואַרט ביז זאַלמען וועט עפּעס זאָגן.

— נאָך נישט פאַרקויפט... — האָט ער געמורמלט.

האָבן זיי באַקומען לאָשן און איינער האָט זיך אופגעשטעלט און שטרענג געזאָגט:

— וואָס־זשע? איר מוזט דאַפקע האַנדלען מיט פלאַקס?

און דער צווייטער, אַ הויכער מאָגערער ייִד, טאַקע זאַלמענס א שטיקל קאָרעוו, האָט זיך אופגעשטעלט, געגעבן א זעץ מיטן פויסט איבערן טיש און אויסגעשריִען, אַז דאָס שיסעלע, וואָס איז אפן טיש געשטאַנען, האָט זיך אָנגעהויבן, ווי אַ לעבעדיקע, צו באַוועגן:

— און מיט אייער ביסטו א כוילע צו האַנדלען?.. ער וויל זײַן אַ סויכער מיט פרעמדע געלט... פלאַקס גאָר ווילט זיך אים!..

און די צוויי ייִדן האָבן אים מאַסרע געווען, יעדער אף זײַן נוסעך, אַז בעיִם ער וועט זיי ביז איבערמאָרגן ניט אַרײַנטראָגן דאָס געלט, וועט ער מיִעס אָפּשנײַדן.

זאַלמען האָט גוטמוטיק געשמייכלט, דערבײַ געפּוצט די גראָע האָר, וואָס זײַן שוואַרץ בערדל האָט פאַרמאָגט, און געמורמלט:

— מיט גאָטס הילף, ייִדן! מיט גאָטס הילף!

---

זאַלמען האָט דאָך מיט די באַלכויוועס זיך אַן אייצע געגעבן. ער האָט זיך אָפּגעבעטן אף נאָך א פּאָר וואָכן. ער האָט אַזוי גע־טײַנעט:

— מאַטע שפּינער איז א ייִד א גאַזלען! עס איז אָבער פאַ־ראַן אַ סויכער אין גאָראָדייע, איז יענער דאַפקע אַן ערלעכער מענטש. ער האָט שוין יענעם געשריבן א בריוו, האָט ער נאָך ניט געהאַט קיין ענטפער. אויב ער וועט ביז מאָרגן פרי ניט האָבן קיין ענטפער, וועט ער קלאַפּן א דעפּעש... עס וועט קאָסטן ניט טײַער; בלויז 5 ווערטער: דער אַדרעס איז: גאראָדיי, א. מאַר־גוליס... אַזוי הייסט דער סויכער. פריעזשײַטע, טאָוואר... און מײַן נאָמען. איר פאַרשטייט? ער וועט זיכער קומען!

די עטלעכע פּראָצענטניקעס און די פּאָר ייִדן פון די גמילעס־כאַסאָדים האָבן אײַנגעזועזן, אַז עס קען טאַקע זײַן, אַז זאַלמען האָט רעכט. אַן ערלעכער מאַן איז ער דאָך... מעגלעך, אַז דער גאָראָ־דייער סויכער איז ניט אזאַ גאַזלען ווי דער היגער... און זיי האָבן ווידער געוואַרט...

אָבער די דעפּעשע, וואָס זאַלמען האָט געשיקט, האָט אויך ניט געהאָלפן.

דער סויכער איז זיך רויִק געזעסן אין „גאָראָדייע" און ניט געוואָלט וויסן פון די הונדערט פּוד פלאַקס, וואָס איינער א זאַלמען ערגעץ וויל פאַרקויפן, ווײַל עס שפּאַרט אים די אויגן פון קאָפּ...

די פּראָצענטניקעס מיט די צוויי באַלטויוועס, וואָס האָבן גע־באָרגט די גמילעס־כאַסאָדים, זײַנען ווידער געקומען.

זיי האָבן זיך נאָך אַלץ געהאַלטן ווי ייִדן:

— הייסט עס, זאַלמען, וואָס וועט איר איצטער טון?.. עפּשער א סוואָרע טאַקע מאָטע שפּינערן פאַרקויפן.

— אַוואַדע מאָטע שפּינערן...— האָט לייבע פּראָצענטניק גע־הייסן — וואָס דען? דער פּראָצענט וועט דאָך אופעסן דעם קערן. וואָס וועט איר אויסשפּעקולירן, אַז איר וועט לענגער האַלטן? א קלײניקײַט!..

— און גלאַט, וואָס איז דאָס פאַר א האַלטן סכוירע? דערצו נאָך פלאַקס!— האָט דער באַל־גמילעס־כעסעד, וואָס איז געווען א שטיקל קאָרעוו, געטײַנעט.

— אַוואַדע, פלאַקס טאָר מען דען לאַנג האַלטן?..— האָט נאָך א מאַלווע געוואָרנט — איין פונק, כאָלילע, און עס ברענט.

— הא... וואָס זאָגט איר? — האָט זיך זאַלמען ווי פון א כאָ־לעם אופגעכאַפּט — איין פונקט און עס ברענט... רעדט ניט קיין נאַרישקייטן. פאַרוואָס זאָל עס ברענען?

און די מאַלוועס זײַנען ווידער אַוועק, אָנזאָגנדיק אים מיטן האַרבן וואָרט, אַז בעת ער וועט ניט זען זיי צו באַצאָלן, וועט זיך טון מײַסים.

— — מיט גאָטס הילף! מיט גאָטס הילף! — האָט זאַלמען געמורמלט און האָט זיס געשמייכלט.

עס איז געווען קענטיק, אַז ער האָט שוין אַ פאַרטיקן פּלאַן...

יענעם טאָג איז ער פריילעכער געוואָרן און האָט זיס גע־שמייכלט צו יעדערן, וואָס האָט אים באַגעגנט...

ער איז אַרײַן אין שפּײַכלער, ווי יעדן מאָל, מיט דער קאַ־וואָנע צו סאָרטירן דעם פלאַקס. דאָס מאָל אָבער האָט ער סאָר־טירט מיט מער ליבע, ווי אַלעמאָל... די שענערע בינטלעך, וועלכע זײַנען לעכאָל האַדייעס געווען קרוין, האָט ער אין די הענט גענומען, געשפּילט זיך מיט זייערע לאַנגע, בלאָנדע לאָקן און געגלעט זיי איבער די פאַרבונדענע קעפּ.

נאָכדעם האָט ער גענומען וויקלען אַ פּאַפּיראָס...

מע דאַרף בלויז פאָרזיכטיק זײַן מיט דעם שוועבעלע...

ער וועט זיכער זײַן פאָרזיכטיק... דער פלאַקס איז ניט פאַר־סטראַכירט... ער וועט, כאָלילע, אומגליקלעך ווערן, אַז עס ברענט אָפּ...

און פאַר זײַנע אויגן האָבן זיך געטראָגן די פּענימער פון די באַלכויוועס, און מער פון אַלע — דער פּאָנעם פון מאָטע שפּינער, וועלכער האָט געוואָלט אַזאַ פּעקל „קרוין" אויסנאַרן בײַ אים!

אַי, וועט ער פּלאַצן, אַז ער וועט דערהערן, אַז דאָסדאָזיקע פלאַקס איז פאַרברענט געוואָרן...

זיי וועלן אַלע פּלאַצן!..

און מיט אַ רויִקייט פון א מענטשן, וואָס גייט טון א זאַך, וואָס וועט אים זיכער געלינגען, האָט ער אָנגעריבן א שוועבעלע, צוגעטראָגן צום מויל, פאַרויכערט דעם פּאַפּיראָס און דאָס שווע־בעלע א וואָרף געטון אפן פלאַקס.

אין שפּײַכלער איז באַלד ליכטיק געוואָרן...

זאַלמען איז רויִק אַרויס, פאַרמאַכט די טיר, פאַרשלאָסן מיטן שלאָס און איז אַוועק אין גאַס...

ער האָט באַגעגנט א פּאָר באַקאַנטע הענדלער. ער האָט יעדן באַגריסט, געפרעגט עפּעס און איז זיך אַזוי געגאַנגען רויִק זײַן וועג.

באַלד אָבער האָט ער באַמערקט אַ געלאַף פון מענטשן און א געשריי: „עס ברענט!“.

— ווו ברענט? — האָט ער דערשראָקן געפרעגט...

— מע ווייס נאָך ניט... — האָט א שטימע געיאָמערט, — מע זאָגט, אַז עס ברענט עפּעס פלאַקס...

— פלאַקס!? ווײ איז מיר! פלאַקס! — האָט זאַלמען גענומען ברעכן מיט די הענט און האָט זיך געלאָזן צוריק, מוירע האָבנדיק, אַז מע זאָל ניט אײַנלעשן דאָס פײַער.

צוקומענדיק צום שפּײַכלער אָבער, איז ער רויִק געוואָרן.

פון פלאַקס איז שוין קיין זייכער ניט געווען, אויסער א באַרג אַש, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון די פײַער־אופגעפרעסענע ווענט...

צווישן דעם אָנגעזאַמלטן אוילעם און די עטלעכע באַלעבאַטישע פײַערלעשער האָט זאַלמען באַמערקט קאַלמען דעם מאָגערן און לייבע דעם וואָכערניק... זיי האָבן ביידע געגאָסן וואַסער אַפן העלישן פײַער.

זאַלמען האָט זיך מיט גרויס מי אײַנגעהאַלטן ניט צו שמייכלען...

# דער שמעק טאַבעק

אין דעם קליינעם שטעטל קאָניוווקע געפינען זיך פינף גרויסע שולן, נאָר די גרעסטע ראָלע שפּילט דאָרט „דער קליינער בעס־מעדרעש״, ווײַל אין אים דאַווענט דער שטעטלשער ערשטער גוויר, רעב יאַנקל סינקעס. שאַצן שאַצט דאָס שטעטל דעם גווירס פאַר־מעגן אין צוויי הונדערט טויזנט רובל, נאָר אַ מייע עלעף האָט ער טאַקע געהאַט, און פאַר קאָניוווקע וואָלט געווען גענוג א פערטל פון דעם אַף צו שפּילן א גווירישע ראָלע. דערפאַר דאַווענען טאַקע „אין קליינעם בעסמעדרעש״ די שענסטע באַלעבאַטים, אויך די שטעטלשע קלייקוידעש, ווי, לעמאָשל, דער ראָוו, דער שויכעט, דער באַלטאַקסע, אַ פּאָר פּרושים, וואָס „דינען״ שוין באַלד א יאָר צען אין דער קעהילע.

צווישן די אַלע שיינע ייִדן האָט דאָ געדאַוונט גרוינעם דער דאַרדעקע־מעלאַמעד, וועלכער איז דאָ געווען עפּעס ווי אַ פינפטע ראָד צום וואָגן. פון קינדערווײַז אוף אַ דערשלאָגענער, האָט ער קיינמאָל נישט געהאַט די מוט אַרײַנמישן זיך אין אַ שמועס שאַ־בעס נאָכן דאַווענען, ווו דער ראָש־האַמעדאַבּרים איז געווען דער „גוויר״. ער האָט אַפילע ניט געוואַגט אָנבייגן דעם קאָפּ אַף אַ זײַט און צולייגן דעם אויער עפּעס הערן. פונוויַיטן פלעגט ער נאָר שטיין און שלינגען יעדער וואָרט, וואָס גייט אַרויס פון גווירס מויל. א שפּאַס, וואָס יאַנקל סינקעס דערציילט זיך אָן! דאָ דער־ציילט ער פון גראַף צאַפּסקי, מיט וועלכן ער איז שטאַרק „גע־קנעפּלט״ און איז באַ אים קימאַט אַלע וואָך, ווי אַזוי דערדאָזיקער גראַף האַלט כאָשעוו א ייִדן. נאָך דער מײַסע גייט ער איבער צום קורס, ווען דער רוסישער רובל הייבט זיך און ווען ער פאַלט

(גרוינעם קען עס בעשומויפן ניט פאַרשטיין: ער ווייסט, דאַכט זיך, אַז אַ רובל איז אַלע מאָל אַ רובל! ער וויל עס פרעגן, נאָר ער האָט קיין האָזע ניט). ווײַטער דערציילט ער פון זײַן נעסיִע קיין קעניגסבערג יענע וואָך, ווהין ער האָט „אָטפּראַוועט" אַ טראַנספּאָרט געהילץ: ווי אזוי ער האָט צוריקפאָרנדיק זיך באַקאַנט מיט א פּוילישן גאַלעך, האָט געהאַט מיט אים אַ וויקוּעך וועגן עמונע, און ער האָט דעם גאַלעך מענאַצייעך געווען... און נאָך אַזוינע טויזנטער מײַסעס, וואָס נאָר אַ גוויר קאָן עס וויסן, אַ גוויר, וואָס פירט געשעפטן מיט די גרעסטע סראָרעס און קיין זאַך איז פאַר אים ניט צו שווער...

גרוינעם וואָלט אָפּגעגעבן אַ האַלב לעבן, נאָר אויסרעדן אַמאָל כאָטש א ייִן וואָרט מיטן גוויר. ער וואָלט זיך מעכאַיע געווען... ער פּרווט עס אָבער קיינמאָל נישט... דאָס גווירישע געשטאַלט, די הויכע געוויקס, דער גרויסער בויך לאָזט עפּעס ניט צו; דאָס קלאָרע, פולע פּאָנעם, דאָס שטרענגע קוקן וואַרפט אָן אף גרוינעמען אַ פּאַכעד. ער וווּנדערט זיך נאָר אַפן שויכעטס גוורע, ווי אַזוי יענער שטייט אַמאָל גאָר נאָענט לעבן גוויר און וואַרפט אַרײַן אין שמועס אויך אַ וואָרט... „מע דאַרף טאַקע האָבן, טראַכט גרוינעם דעמאָלט, אַ שאָכטיש האַרץ צו פּויעלן דאָס באַ זיך... איך קען דאָס ניט!"...

און גרוינעם, וועלכער דאַוונט שוין באַלד פופצן יאָר אין קלייַנעם בעסמעדרעש, האָט נאָך קיינמאָל מיטן גוויר קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. נאָך קיינמאָל די זכיִע נישט געהאט און האָט עס אַפילע אײַנזינען נישט. ווען? ווי אַזוי? סײַדן ער זאָל ווערן אַליין אַ גוויר. נאָר פון וואָס קאָן ער רײַך ווערן? פון די דאַרדעקעיינגלעך?

דאָך די לעצטע צײַט האָט גרוינעם אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן רעדן עפּעס מיטן גוויר, און נישט נאָר רעדן, נאָר טאַקע שטאַרק אַ שמועס טון...

באַם ראיען וועגן שמועס קומט אים דאָס בלוט אַרײַן אין פּאָנעם, דאָס האַרץ קלאַפּט ווי באַ אַ גאַזלען, וואָס גייט האַרגענען אַ מענטשן. אַ שפּאַס! ער דאַרף פירן מיטן גוויר אַזאַ וויכטיקן שמועס! ער וויל בעטן דעם גווירס אייניקל, וואָס הייבט אָן

דעם זומער צו לערנען, צו זיך אין כיידער אַרײַן. בעטן אַ ייִנגל אין כיידער איז באַ גרוינעמען אַפילע ניט קיין נײַס: אַלע „זמאַן" בעט ער אַזוי אײַן צוואַנציק טאַלמידים, און האָט שוין דערויף אַן אויס־געאַרבעטן „נוסעך". נאָר וואָס גלײַכט מען? מיט פּאָשעטע באַלע־באַטים מאַכט ניט אויס, ווי אַזוי מע רעדט, אָבער מיט אַזאַ גוויר דאַרף מען דאָך וויסן וואָס צו ריידן. איין איבעריק וואָרט, כאָ־לילע, קען אַוועקהאַרגענען אינגאַנצן...

און פון פּורים אָן ביז פּייסעך קומט פּאָר באַ גרוינעמען אין האַרצן אַ גרויסע מילכאָמע. ער וויל אַרײַנעמען אַ גרויסן געגע־ראַל אין פּלען, און ווייסט ניט אַף וואָס פּאַר אַן אויפן און האָט סטאַם מוירע...

נאָר אָט איז שוין פּייסעך! אויב ער וועט די טעג ניט צוגיין איז שוין פאַרפאַלן, פאַרשפּילט דאָס גליק אַף אייביק! און אַ קליי־ניקייט וואָס פּאַר אַ גליק דאָס וואָלט געווען! דעם גווירס אייניקל לערנט באַ אים!.. ערשטנס, דאָס געלט: ער וואָלט אַוואַדע גע־צאָלט פּופצן קערבלעך, אויב ניט די גאַנצע צוואַנציק. הײַנט דאָס צאָלן שמועסט מען דאָך ניט — פּאָרויס אַ צענרובלדיקע!.. הײַנט דער קאָוועד אַליין, וויפל איז ווערט דער קאָוועד!

און גרוינעמען פאַרטראַכט דער קויעך־האַדימיען וויַט:

— ווו לערנט רעב יאַנקעווס אייניקל, רעב גרוינעם?

— וואָס הייסט „ווו"? איר ווייסט גאָרניט? אַ שיינע מײַסע! ער לערנט באַ מיר, באַ מיר טאַקע! וואָס דען האָט איר געמיינט: ער וועט צו אַן אַנדער מעלאַמעד אַוועקגעבן? מער וואָלט אים ניט פעלן!..

אַ גליקלעכער שמייכל באַשײַנט זײַן פינצטער פּאָנעם. נאָר ער גיט אַ קוק אַפן גוויר, און פון גאַנצן דימיען ווערט אַש! דאָס בלוט ווערט אין אים פאַרקילט פּאַר שרעק: „ווי אַזוי גייט מען צו? ווו נעמט מען אַזוינע געזונטע פּיס, זיי זאָלן קאָנען אײַנשטיין בעשאַס־מײַסע? ווו נעמט מען אַזאַ האַרץ, וואָס זאָל אַזוי ניט קלאַפּן?..

און אָט איז שוין די „אַנדערע טעג" פּייסעך! הײַנט מוז ער צוגיין, ער מעג אַפילע וויסן, אַז ער וועט דערפון זיכער שטאַרבן! ער מאַכט אַן אָרדענונג מיט זײַנע געדאַנקען און גרייט זיך צו ווי אַזוי צו רעדן נאָכן דאַווענען.

— גוט יאָנטעוו, רעבּ יאַנקעוו!..—מאַכט ער אַ רעפּעטיציִע. דאָך באַקלערט ער: עס איז צו פּראָסט: „גוט יאָנטעוו, רעבּ יאַנקעוו!״— אַזוי זאָגט מען דאָך אַלעמען, הײַנט וואָס איז דער כילעק? איך וועל בעסער זאָגן: „אַ גוטער יאָנטעוו, רעבּ יאַנקעוו!״... עס געפעלט אים ווײַטער נישט: ער געדענקט, סימכעס־טוירע האָט זיך לייבּע דער שוסטער אָנגעשיקערט, פלעגט ער אַזוי שרײַען ווען ער פלעגט נאָר באַגעגענען... באַ אים בלײַבט, אז ער וועט טאַקע זאָגן „גוט יאָנטעוו״, נאָר ווייך און שטיל...

— גוט יאָנטעוו — דעקלאַמירט ער... יאָ, אַזוי וועט זײַן גוט.

ער גרייט זיך ווײַטער צו:

— איך האָבּ געהערט זאָגנדיק, אַז אײַער אייניקל, זאָל זײַן אף לאנגע יאָר (דאָס וועט דעם גוויר זיכער געפעלן ווערן), הייבּט אָן אין אַ מאַזלדיקער שאָ הײַנטיקן זומער צו לערנען... איך בּין גרוינעם דער מעלאַמעד... באַ מיר לערנען די שענסטע באַלעבאַטישע קינדער... איך בּעט אײַך, רעבּ יאַנקעוו (עפּשער מוירײנו רעבּ יאַנקעוו?— פליט אים דורך אין קאָפּ), גיט מיר אײַער אייניקל, צוליבּ שכיינעס,— מע דאַוונט צוזאַמען...

נאָר דאָס לעצטע געפעלט אים נישט. וואָס פאַר אַ שאָכן ביסטו מיט מיר, מעלאַמעד איינער? — דו דאַוונסט לעבּן טיר, און איך לעבּן אָרן־קוידעש...

ער זוכט אַן אַנדער נוסעך: „צוליבּ אַלטע באַקאַנטשאַפט״... פוי, נאָך ערגער!—שפּײַט ער אויס — „אַ נײַער באַקאַנטער״,—וועט ער זאָגן און נאָך אין קאַס ווערן.

ענדלעך, געלינגט אים צו פאַרבּײַטן אַזוי:

— איך בּין אַ גרויסער „בּאַל פּויעל״, אין איין זמאַן פאָרט מען באַ מיר אַרײַן אין איוורע, טאַקע רעכט אין איוורע! איך האָבּ דערצו אַ באַזונדער לימעד.

ער קלערט איבּער דאָסזעלבּע נאָכאַמאָל און געפינט, אַז עס איז גוט, נאָר „פאָרט מען באַ מיר אַרײַן״ איז עפּעס מײַסע „באַלעגאָלע״.

ער זוכט אַן אַנדער נוסעך:

— אין איין „זמאַן״ לערן איך אויס איוורע אַלפּי־דיקדעק.— דאָס געפעלט אים שוין אינגאַנצן און ער האָפט, אַז דער גוויר וועט אים, מיט גאָטס הילף, ניט אָפּזאָגן.

נאָכן דאַווענען לייגט ער זיך איבער און באַשליסט זיך פעסט צוצוגיין. מימאָנעפּשעך — שטאַרקט ער זיך — יאָ — יאָ, ניט — ניט! אין קאַשע וועט ער מיך דאָך ניט אופעסן.

די שיינע באַלעבאַטים זאָגן שוין דעם גוויר „גוט־יאָנטעוו", מע וואַרפט זיך איבער נאָך מיט איניקע ווערטער און מע גייט זיך פאַנאַנדער. קיין וויכטיקס האָט די לעצטע טעג רעב יאַנקעוו ניט צו דערציילן, עס האָט זיך איבער יאָנטעוו אויסגענומען. און דער גוויר האָט שוין בעדייע אַרויסצוגיין, ער דאַרף נאָר צונויפלייגן דעם טאַלעס.

גרוינעם רוקט זיך ווי אַ שאָטן... די פיס ברעכן זיך אונטער אים.

— מע דאַרף נעמען אַ שמעק טאַבעק באַ דעם שאַמעס, דאָס וועט מיך עפשער מוטיקן, — באַשליסט ער.

— זײַט מויכל, שאַמעס, — ווענדעט ער זיך מיט אַ האַרצקלאַפּעניש צום שאַמעס, — גיט אַ שמעק טאַבעק.

דער שאַמעס נעמט אַרויס פונעם בוזעם דאָס פושקעלע, גרוינעם רוקט אַהין אַרײַן די צוויי פינגער, פאַרשיט אַביסל אַף דער ערד, נאָך דעם גיט ער אַ שטאַרקן שמעק, ניט נאָך זײַן געוויינהײַט. און טראַכט זיך: „זאָל זײַן, ריבוינע־שעל־אוילעם, צו רעפוע!" און לאָזט זיך גיין קעגן גוויר ווי שיקער...

אָט שטייט ער שוין לעבן רעב יאַנקעוון.

— גוט יאָנטעוו, רעב יאַנקעוו — רעדט ער קאַם אַרויס.

דער גוויר שטעלט אויס פאַרוווּנדערט אַף גרוינעמען די אויגן און פרעגט:

— וואָס וועט איר זאָגן?

„ע, ער לאָזט זיך דאָך רעדן — טרייסט זיך גרוינעם — שטײַפער, שטײַפער! נאָר נישט געשראָקן זיך", און ער פאַסט זיך מוט ווײַטער צו ריידן:

— איך... האָב... א פּ ש ש ש ש — צעניסט ער זיך פלוצים פון שמעק־טאַבעק, די אויגן ווערן אים פול מיט טרערן און פאַרשפּריצט דעם גווירס ראָק און פּאָנעם...

— טפוי! וואָס איז דאָס פאַר אַ מין מיִעסער ייִד! — ווערט רעב יאַנקעוו אופגעבראַכט און מיט עקל ווײַזט ער מיט דער האַנט —

גייט אײַך, גייט אײַך ווײַטער! איך האָב מיט אײַך קיין געשעפטן ניט!.. טפוי... אין פּאָנעם ניסט ער... וואָס אַ לומפּ ניט קען. שאַמעס!

דער שאַמעס פליט אונטער, ווי ניט לעבעדיק.

— ווער איז ער, אָט דער שויטע? — פרעגט דער גוויר, קוקנ־דיק בייז אפן שאַמעס.

— אַ מעלאַמעד... א דאַרדעקע־מעלאַמעד — ענטפערט דער שאַמעס דערשראָקן.

— ס'איז אַ מין שויטע! אין פּאָנעם אַרײַן ניסט ער... אַ מין פּערע אָדעם!.. פוי!..

— הײַנט גיי צערײַס זיך — האָט גרוינעם, אַרויסגייענדיק מיט ביזיוינעס פון דאַווענען, גערעדט מיט זיך אַליין — קיינמאָל שמעק איך ניט קיין טאַבעק, הײַנט האָט זיך מיר גאָר פאַרגלוסט א שמעק טון. אַ נײַע רעפוע!.. אַזוי וואָלט דאָס איינקל באַ מיר געווים געלערנט, געווים, געווים! דער שמעק טאַבעק האָט מיך געהאַרגעט..

# געשלאָסן א געשעפט

אַף מאָרגן נאָך פּייסעך.

לייזער שטייט באַ זײַן קליין שטיבל און קוקט אין דער וועלט אַרײַן. זײַן קוק איז אַ דערשראָקענער, אַ פֿאַרצווייפלטער. די ליבע זון, וואָס שיט מיט שטראַלן פֿון ז׳ער פולער האַנט, ווירקט ניט אַף אים. פֿאַרקערט, דער שיינער ליכטיקער טאָג רייצט אים, לאַכט פֿון אים, מאַכט כויזעק פֿון זײַן בלאַסן אײַנגעשרומפּענעם פּאָנעם, פֿון זײַן קליין בערדל, וואָס האָט שוין צו פערציק יאָר פולע ווײַסע האָר, און דערהויפּט פֿון זײַן סורדעט, וואָס איז קלוימערשט דער יאָנטעוודיקער און האָט סאַכאַקל מיט צוויי לאַטעס און מיט איין ריס ווייניקער, ווי דער וואָכעדיקער...

הײַנט ווי וואָלט נאָך די זון געלאַכט, ווען זי וואָלט געוווּסט, וואָס באַ אים „טוט זיך״ אין שטיבל, אין קעשעניע... און עפּשער וואָלט זי גאָר קײַן האַרץ ניט געהאַט דאַן צו לאַכן, וואָלט זיך פֿאַר שרעק אַוועקגעבאַהאַלטן און זי וואָלט דערמיט טאַקע אים אַ טויווע געטון. זי וואָלט אים ניט אַזוי געשטאָכן מיט אירע שטראַלן, זי וואָלט אים ניט אַזוי געוועקט צום לעבן, ווען אים איז געקומען מאַמעש זיך אויסצוצײַען אין גאַס און שטאַרבן.

עס איז אָבער גרינג צו ריידן — אויסצוצײַען זיך אין גאַס און שטאַרבן. קײַן שלעכטע זאַך וואָלט דאָס אַפילע ניט געווען — אַ סאָף — אַן עק, וויפל איז דער שיר צו מוטשען זיך! אָבער וואָס טוט מען מיטן ווײַב און קינדער! אויסצײַען זיך אין גאַס מיט זיבן פֿאַרשוין, צווישן וועלכע עס געפֿינען זיך אַ פּאָר אויפעלעך, און עפּעס איז עס אַביסל צו שרײַענדיק. ווער ווייסט

וואָס פֿאַר אַ ראַש ס׳וואָלט געוואָרן אַפֿן הימל פֿון אַזאַ מייַסע, און עפּשער אַף דער ערד אויך...

וואָס־זשע טוט מען אָבער פּאָרט? אַף הייַנט אַפּילע איז נאָך געבליבן פֿון פּייסעך עטלעכע מאַצעס, אַביסל מאַצע־פֿאַרפֿל און אַביסל בולבע. אינדערפֿרי נאָך האָט ער געהערט, ווי זייַן גרוניע האָט זיך געכעשבנט און באַשלאָסן צו קאָכן אַ טעפּל בולבע און פֿאַרזופּן מיט מאַצע־פֿאַרפֿל. שלעכט איז דאָס אַפּילע ניט, קימאַט אַ יאָנטעוודיקער „וואַרמעס״, אָבער דאָס איז דאָך נאָר אַף הייַנט. וואָס וועט ער אָבער טון מאָרגן?

די קאַשע איז אַ האַרבע, אַ שווערע און איר שפּיץ איז מיט נאָדלען אָנגעשטעקט, און די נאָדלען שטעכן אין האַרץ, אין קאָפּ און אין אַלע גלידער. באַלד אָבער ווערט זי נאָך האַרבער, נאָך שווערער, נאָך שטעכעוודיקער: וואָס וועט ער טון איבערמאָרגן און וואָס וועט ער טון אַ גאַנצן זומער, דעם לאַנגן גרויסן זומער, אַז קיין אַרבעט קען ער ניט, קייַן קראָם האָט ער ניט, און האַנדלען איז ניטאָ מיט וואָס, און זומער איז ניטאָ וואָס צו האַנדלען — טויט!

און לייזער ווערט ניט אַף געלעכטער אין קאַס און ברומט:

— אַ, ניט געדאַכט זאָל ער ווערן, דער זומער!

און יאַנקל־כאָנען דער מעלאַמעד איז אויך ניט אין אַ באַזונדער גוטער שטימונג. די וואַרעמקייַט איז אַפּילע צו זייַן הוסט אַ שטיקל רעפֿוע, אין אַ וואַרעמען טאָג הוסט זיך לייַכטער, און דער עצעם הוסט איז אַ ווייכער, אַזש אין דעם הוסטן אַליין שטעקט אַ שטיקל טייַנעג. פֿונדעסטוועגן איז פּאָרט ניט גוט, מיטן הוסט אַליין קען מען ניט לעבן. מע מוז האָבן דערצו אַ קנעלונג, און זומער באַקומען אַ קנעלונג איז נאָך שווערער ווי ווינטער צו באַקומען די לייכע.

נאָר יאַנקל־כאָנען איז אַ ייִד אַ בעריע. ניט אומזיסט לעבט ער שוין פּופֿציק יאָר אַף דער וועלט און הוסט שוין פֿינף און דרייַסיק יאָר, — און ער לאָזט זיך אַרויס אין גאַס זוכן „קינדער״.

און זוכנדיק, קומט ער צו לייזערן. אַ גליקלעכע אידייע פֿליט אים דורך אין קאָפּ. סטייַטש! לייזער האָט דאָך אַ ייִנגל, אַ כור־

מעשניק. ער וועט צו אים צושטיין, ער זאָל אים דאָס ייִנגל אַוועקגעבן. פאַר גליק גיט ער אַ פּאָר מאָל אַ הוסט און גייט צו גלייַך צו זייַן קינפּטיקן שפּייַזער, צו זייַן „באַלעבאָס", צו לייזערן און נאָכן „גוט מאָרגן" פרעגט ער:

— ווי געפעלט אייַך הייַנטיקער טאָג?

— ניט קייַן מיִעסער טאָג! — ענטפערט לייזער.

— דאַפקע אַ שיינער טאָג! — לויבט יאַנקל־כאָנען.

ער ווערט שטיל, גיט איידל אַ הוסט, מאַכט נאָר אַן אַנדער מינע און שטייט צו גלייַך צו דער זאַך.

— וואָס הערט זיך מיט אייַער „באָכערל", האָט ער שוין אַ מעלאַמעד?

— האָבן האָט ער... — ענטפערט לייזער און וויל שטאָלץ זייַן — נאָר איך בין עפּעס ניט צופרידן.

— הייסט עס, האָט ער דאָך ניט — ווערט יאַנקל מאָלע־סימכע.

— אַזוי ווי ניט! — איז זיך שוין לייזער האַלב מוידע.

— הייַנט וואָס זשע וואַרט איר? — ווערט שוין יאַנקל־כאָנען אינגאַנצן פריילעך. די האָפענונג צו באַקומען דעם טאַלמיד איז שוין קימאַט ווי ערפילט. און ער הוסט זיך שוין פאַנאַנדער, ווי געהעריק איז, ווי עס פּאַסט פאַר אַ מעלאַמעד, וואָס האָט שוין באַלד זייַן ביידער פּאַרפולט.

ער פרעגט דעם מעקעד, וויפל קינדער האַלט ער אין כיי־דער און ווי איז זייַן שיטע אין לערנען. יאַנקל־כאָנען ענטפערט אַזוי, אַז לייזער איז אינגאַנצן צופרידן, און נאָך אַ קורצן יישעוו האַדאַס זאָגט ער אַרויס מיט אַ ברייטקייַט:

— מיילע, ער וועט גיין צו אייַך!

— און איר וועט זייַן צופרידן! — פאַרזיכערט יאַנקל־כאָנען און ווײַנט שיר פאַר סימכע...

און אַז דער מעלאַמעד גייט אַ גליקלעכער אַוועק, ווערט לייזער אויך רויִקער און, האַלב שמייכלענדיק, האַלב וויינענדיק, ברומט ער אַרויס:

— געשלאָסן אַ געשעפט...

# דער נאָגיד

(דערציילונג)

ווי נאָר די ערשטע פרילינג־שטראַלן פלעגן פאַלן מיט זייער ערשטן פרישן כיין אַף די וואַרשעווער שטיינערנע גאַסן, פלעגט לייבען אָנהייבן ציִען אַהיים אין דעם קליינעם שטעטל, וועלכעס ער האָט פאַרלאָזט צו פופצן יאָר און ווו ער איז זינט דעמאָלט, שוין אַ יאָר זעקס, ניט געוועזן. ער פלעגט אָבער נאָר בלייַבן באַם וועלן אַליין. לייבע האָט באַם אַוועקפאָרן צוגעזאָגט דעם טאַטן צו ווערן אַ מענטש, וואָס דאָס האָט געהייסן אַפן טאַטנס לאָשן—פאַר־דינען געלט, און אָט אין דעם זין איז ער נאָך גאָר קיין מענטש ניט... עמעס, לויט זייַן אייגענער איבערציַיגונג, איז ער יאָ אַ מענטש געוואָרן, איז שטאַרק באַלעזן אין דער יידישער, פוילישער און רוסישער ליטעראַטור, קאָן זיך האַלטן צווישן מענטשן, האָט איידעלע יונגע באָכורימלעך פאַר כאַוויירים, האָט שוין אַפילע אַ מיידל, מיט וועלכער ער פירט קימאַט ווי אַ ליבע, כאָטש גערעדט דערפון האָבן זיי ביידע נאָך ניט. אָבער פאַר דעם טאַטן איז ער נאָך אַלץ קיין מענטש ניט — געלט פאַרדינט ער זייער ווייניק, ער וואַרפט זיך קאַם דורך מיטן לעבנס-מיטל, אַמאָל פון אַ לעקציִע, אַמאָל פון איבערשרייַבן און אַמאָל לעבט מען צוזאַמען מיט כאַ־וויירים. און אָן געלט קומען אַהיים, ווייסט לייבע, וועט ער זייַן באַם אָרעמען טאַטן זייער ניט קיין געוווּנשענער גאַסט.

מאַכט זיך אָבער א מייַסע, אַז לייבע קריגט אַן אַרבעט אַף גאַנצע פופציק רובל, און עס קומט אויס דאַפקע אַ פּאָר וואָכן פאַר פייסעך. דאָ האָט שוין דער געדאַנק וועגן פאָרן אַהיים אָנגעהויבן אַרבעטן אַזוי שטאַרק, אַז לייבע האָט שוין ניט געקאָנט בייַשטיין

און האָט זיך געקליבן אין וועג. פֿון די פֿופֿציק רובל האָט לייבע געטראַכט, עס זאָל אים בלײַבן אַהיימברענגען כאָטש אַ גאַנצן פֿינפֿונצוואַנציקער. קיין גרויסע סומע איז עס, נאַטירלעך, ניט, אָבער, לויט ער געדענקט נאָך, איז באַ זיי אין שטעטל כאַיִם זעלדעס פֿאַרעכנט פֿאַר אַן אוישער, און ער פֿאַרמאָגט אינגאַנצן הונדערט רובל. אין אַזויפֿיל, געדענקט ער, האָט מען יענעם געשאַצט. וויבאַלד אַזוי, טרייסט זיך לייבע, קאָן מען זיך שוין מיט אַ פֿינפֿונצוואַנציקער ווײַזן פֿאַרן טאַטן. האָט ער אָבער דעם כעשבן שלעכט געמאַכט. דער אָנצוג האָט געקאָסט ניט צוועלף רובל, ווי ער האָט געמיינט, נאָר טאַקע גאַנצע פֿופֿצן, ווײַל פֿאַר צוועלף רובל איז די סכוירע געווען אין צו גרויסע קעסטעלעך; סכוירע אין אַזוינע קעסטעלעך האָט דערמאָנט לייבען די פֿאָר רײַכע באַלעגופֿן פֿון שטעטל. דער הוט האָט אויך געקאָסט מיט אַ קערבל מער ווי ער האָט גערעכנט. דערצו האָבן זיך אונטערגערוקט עטלעכע אַלטע כויוועס, וואָס מע האָט געמוזט אָפּצאָלן, כאָטש עס האָט זיך שטאַרק ניט געוואָלט... מיט איין וואָרט, לייבען איז געבליבן באַרע פֿופֿצן קערבלעך, דאַרף קאָסטן די רײַזע אַהיים, אַ שטעטל אין לאָמזשער גובערניִע, איבער דרײַ רובל, בלײַבט אים ריין געלט סאַכאַקל אַ צוועלף קערבלעך; דאַרף ער האָבן אַף צוריקפֿאָרן אַ דרײַערל, הייסט עס, אַז ער פֿאַרמאָגט אַכט קערבלעך...

פֿאָרט לייבע אַהיים און דאָס האַרץ שרעקט אים. נאָך אַ זעקסיעריקן וואַלגערן זיך אין וואַרשע קומען מיט אַזאַ סומע איז אַ מיִעסע מײַסע — דער טאַטע וועט אים אָפּגעבן זייער אַ שלעכטן באָרעכאַבע, וועט אים זאָגן שטעכווערטלעך, וועט אים ברענגען פּסוקים און אגאדעטעס, אַז אָן געלט איז מען גאָר קיין מענטש ניט, וועט אים איײַנטײַטשן, אַז אָני כאָשעוו קעמעס, ווי ראַשע מאַכט אַף אַ געוויסן פּאָסעק, וועלכן לייבע האָט שוין אין וואַרשע פֿאַרגעסן... ער וועט בייז פֿון אים כויזעק מאַכן און וועט ברומען, לויט זײַן שטייגער: אָפּגעוועזן זעקס יאָר אין אַזאַ קראַך און געבראַכט אַכט קערבלעך!..

און לייבע קוקט אַרויס אין פֿענצטער פֿון וואגאָן, ווו עס פֿליִען פֿאַרבײַ טאַנצנדיק און שפּרינגענדיק דערפֿער, פֿעלדער און וועלדער, און עס דאַכט זיך אים, אַז דאָס אַלץ מאַכט כויזעק פֿון

זײַנע אַכט קערבלעך, וואָס ער וויל שענקען זײַן טאַטן נאָך אַ זעקסיעריקן וואַלגערן זיך אין אַזאַ קראַך...

אַז דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט לייבע געזעען, ווי פון די איבעריקע וואַגאָנעס זײַנען אַרויס דרײַ ייִדן; צוויי פון זיין האָט ער דערקענט, דאָס זײַנען געווען שכיינים. עס האָט אים גלײַך אַ צי געטון צו זיי, געוואָלט זיי געבן שאָלעם־אַלייכעם און פרעגן, וואָס מאַכן די עלטערן; נאָר ער האָט זיך מעיאַשעוו גע־ווען, אַז עס איז גלײַכער ניט לאָזן זיך דערקענען. ער איז שוין אַזוי אָפּגעוווינט פון דידאָזיקע ייִדן, אַז ער וועט מיט זיי ניט וויסן וואָס צו רעדן, און זיי קאָנען נאָך פון אים מאַכן אַ געלעכטער. ער געדענקט פון אַמאָל נאָך, אַז פון אַ דײַטש, ביפראַט פון אַן אָרעמען דײַטש, מאַכן די ייִדן כויזעק.

צום שטעטל איז געווען צו גיין אַ וויאָרסט ווערגס. באַ דער פלאַטפאָרם זײַנען געשטאַנען צוויי פורלעך, שטעטישע באַלעגאָ־לעס, ער געדענקט אַפילע ווי זיי הייסן. איינער איז הירשל פעשעס, אַ ייִד אַ לעץ, און דער צווייטער — ייִסראָעל מישעס, אַ בייזער און שווײַגנדיקער ייִד. וואָלט אים געווען פריילעך אַפּן האַרצן, וואָלט ער אַוואַדע געפאָרן מיטן לעץ, לייבע אַליין האָט ליב אַ גלײַכווערטל — נאָר איצט האָט לייבע בעסער אויסגעקליבן דעם בייזן און שווײַגנדיקן, כאָטש דער לעץ האָט אים מיט אַ שמייכל געוואָרנט:

— איר וועט, יונגערמאַן, קומען מיט אים אַף שוועס צו די ערשטע סדאָרים.

לייבע האָט זיך פון וויץ פאַרקרימט אַף אַ שמייכל, האָט זיך אַרײַנגעזעצט צום שווײַגנדיקן אין וואָגן, וועלכער איז געווען אָנ־געפּאַקט מיט טוכלע שטרוי, אַזש עס איז אים פאַרגאַנגען אין נאָז אַרײַן...

דער שווײַגנדיקער האָט זיך שווײַגנדיק אַוועקגעזעצט אַף דער קעלניע, אַ שמיץ געטון דאָס פערד און האָט איבערגעיאָגט דעם לעץ מיט זײַן דאַר פערדל.

לייבען איז דאָס זייער געפעלן געוואָרן, ער האָט צופרידן גע־שמייכלט און זיך געשטאַרקט:

— וואָס עס וועט זײַן, דאָס וועט זײַן!

צופאָרנדיק צום טאטנס שטיבל, וואָס האָט זיך פאר די זעקס יאָר אביסל אַראָפּגעזעצט און איז נידעריקער, אַזוי אַז די צוויי פענצטער האָבן דערגרייכט אַזש די ערד, האָט לייבע מיט א שטאַרק קלאַפּנדיק האַרץ אָפּגעשטעלט דעם באַלעגאָלע, רופנדיק צעטומל־טערהייט:

— דאָ, דאָ, ר׳ ייִסראָעל, דאָ, דאָ! שטעלט זיך... טפּרר...

דער שווײַגנדיקער האָט זיך אומגעקוקט צו אים ווי פאַרוווּנ־דערט, אַרויסגעזײַט צווישן די ציין: „ביסט זאַלמען עליאָעס באָ־כערל? נאַ, האָסטו אַ שאָלעם־אלייכעם״.

איידער לייבע איז נאָך אַראָפּגעקראָכן פון וואָגן, זײַנען שוין פון שטיבל ארויסגעפלויגן אַ כאַליאַסטרע פון זעקס קינדער, פון דרײַ ביז נײַן יאָר אַלט, אַ מיידל פון אַ יאָר זעכצן מיט צוויי שוואַרצע דינע צעפּעלעך און הינטן אַ ייִדענע מיט פאַר־קאַטשעטע קלייד און אַרבל, האַלטנדיק אין האַנט אַ פּײַכטן בעזים, און דאָס אַלץ האָט אין איין קאָל אויסגעשאָסן:

— לייבע!

לייבע איז דערשראָקן געוואָרן און איז פאַר שרעק געבליבן הענגען אַפן ברעג וואָגן, ניט אַהין און ניט אַהער.

— נו, קריך אַראָפּ,— האָט דער באַלעגאָלע באַפוילן,— און באַצאָל דעם צענערל. איך האָב ניט קײַן צײַט...

לייבע איז אַראָפּ פון וואָגן, האָט אַרויסגענומען דעם טײַסטער און, גראַבלדיק זיך, אַרויסגעוואָרפן אַ דרײַ־רובלדיקע...

אַלע שטייענדיקע האָבן זיך אַ וואָרף געטון אופצוהייבן. די עלטערע שוועסטער מיט די צוויי שוואַרצע דינע צעפּעלעך האָט די ערשטע אופגעהויבן און ניט ווי מיט איר קאָל אַ געשריי געגעבן:

— דרײַ רובל!

— פּאַמעלעך, ווי דו האַלסט,— האָט די מאמע מיט אַ שטראַלנדן געזיכט געוואָרנט,— גיב אים צוריק.

— איך וועל עס ניט אופעסן!—האָט די שוועסטער זיך באַ־ליידיקט און האָט עס דערלאַנגט צוריק לייבען. אַ פאַרשעמטער האָט ער דאָס געלט צוריק אַרײַנגעלייגט אין טײַסטער און פאַרוקט אים אין בוזעם־טאַש.

— פֿאַמעלעך, מײַן זון, ווי דו האַלסט דאָס געלט, — האָט די מאַמע געוואָרנט מיט אַ ווייכקייט, לאָזנדיק זיך גיין מיט לייבען אין שטיבל, וווּ עס האָט זיך ערשט אָנגעהויבן דאָס קושן זיך און וויינען פֿאַר שׂימחה...

קומענדיק צו זיך, האָט לייבע געפֿרעגט:

— וווּ איז דער טאַטע?

— דער טאַטע, מײַן זון, איז אַוועק אַפֿן דאָרף. באַ א גױ האָט זיך געמאַכט קויפֿן אַ פּעקעלע כאַזער־האָר, קאָן זײַן אַ פּערטעלע פּאַרנאָסע... ער דאַרף באַלד קומען.

לייבע האָט אַ זיפֿץ געטון...

אין אַ שאָ אַרום איז געקומען דער טאַטע, וועלכן דער נײַנ־יעריקער בערעלע איז שוין געלאָפֿן אַנקעגן נאָך אַפֿן גאַס און אָנגעזאָגט די בשׂורה.

דעם טאַטנס באָרד, וואָס לייבע געדענקט פֿאַר אַ לאַנגע און אַ שוואַרצע, איז פֿאַר דער צײַט גרוי געוואָרן, די פֿלייצע געבוי־גענער און די אויגן טונקעלער... נאָכן אָפּיציִעלן שאָלעם־אַלייכעם האָט דער טאַטע געפֿרעגט:

— נו, לייבע, וואָס האָסטו אופֿגעטון אין די זעקס יאָר? קיין בריוולעך האָסטו נישט געשריבן... קיין אוולע ניט, אַ בריוו קאָסט געלט... האָסטו כאָטש אַביסל געלט געבראַכט?..

— וווּ געלט? — האָט לייבע סקעפּטיש געענטפֿערט און לײַכטער אָפּגעזיפֿצט.

— גאָר קיין געלט ניט געבראַכט, גאָרניט? — האָט דער טאַטע אָנגעשטעלט די אויגן אַפֿן זון, ווי פֿאַרכידעשט און בייז צוזאַמען.

— גאָרניט!

— גאָרניט?! ווי קאָן דאָס זײַן?

לייבע האָט געשוויגן.

— אַן אַוולע, אַ גרויסע אַוולע! — האָט דער טאַטע געשטראָפֿט, געשוויגן א ווײַלע און ווידער גערעדט:

— פֿונדעסטוועגן, אַ דרײַ־רובלדיקע... כ׳מיין עפּעס... צושטײַער אַף יאָנטעוו...

— איך האָב באַ זיך אַ רובל צוועלף... — האָט לייבע זיך אַרויסגעכאַפּט מיט דער גאַנצער סומע.

דער טאַטע האָט זיך ראַש אופגעשטעלט, געמאַכט אַ טריט צוריק, אַ טריט פאָרויס, גענומען די באָרד אין האַנט און מיט אַ ווייכן מוסער־טאָן זיך אָפּגערופן:

— העין אַביסל... האָסטו דאָך יאָ געלט... צוועלף רובל. וואָס הייסט?.. צוועלף רובל איז געלט... העין אַביסל... אַ מענטש קומט צו פאָרן און דערשרעקט מיך: האָט גאָרנישט געבראַכט... גאָרנישט געבראַכט איז אַן אַוולע, אָבער צוועלף רובל... צוועלף רובל איז געלט... ביסטו דאָך עפּעס אַ שטיקל מענטש...

— אַז מיר וואָלטן געהאַט מיט צוויי וואָכן צוריק צוועלף רובל, וואָלטן מיר געקאָנט פאַרדינען נאָך דריי,— האָט זיך ענדלעך די מוטער אַרייַנגעמישט,— עס האָט זיך געמאַכט צו קויפן בא אַ גאָי א פוד וואָל, איז ניט געווען מיט וואָס צו קויפן, האָט אָפּגעקויפט כאַיִם זעלדעס און איז ניסאַשער געוואָרן — פאַרדינט דריי רובל...

— אַ קלייניקייַט צוועלף רובל!— איז דער טאַטע ווידער אַרייַן אין היספּיילעס,— אַז מע האָט צוועלף רובל, איז מען א נאָגיד בא אונדז...

און אין אַ ווייַלע אַרום, נאָך אַ קורצער האַכאָנע, האָט ער אַרויסגעריסן ווי מיט געוואַלד אַ מין באַקאָשע:

— דו וועסט מיר טאַקע באָרגן אָף יאָנטעוו אַ דריי־רובלדיקע...

נאָר דאָ האָט די מאַמע איבערגעריסן מיט רוגזע:

— שוין! ערשט געקומען! ער באָרגט שוין! ניטאָ וואָס צו באָרגן!..

— ניין, כ׳מיין ניט...— האָט זיך דער טאַטע פאַרענטפערט...— איך מיין טאַקע פון זייַנעטוועגן, מאַכן טאַקע אַ שענערן יאָנטעוו צוקויפן מאַצע, מער מעד... עפּשער טאַקע קויפן אַ קוואָרט ווייַן, אַ צענדליק אייער...

— איך וועל דיר געבן!— האָט זיך לייבע אָנגעכאַפּט מיט פרייד...— איך וועל דיר געבן פינף רובל...

— ניין, כאַס־ווע׳כאָלילע...— האָט זיך דער טאַטע צעהיצט,— פינף רובל דאַרף איך ניט... ס׳איז גענוג דריי... דריי איז דריי וועיוויסער! דריי וועיוויסער!

נאָר לייבע האָט אַרויסגענומען דעם טייַסטער, אופגעעפנט און אַרויסגענומען אַ פינפרובלדיקע און דערלאַנגט דעם טאַטן...

— גיסט טאַקע פינף? — האָט דער טאַטע, ווי פאַרשעמט פון גליק, איבערגעפרעגט.

— פינף! פינף, טאַטע!

— נו, ביסטו אַ מענטש!

דער טאַטע האָט עס אַ ווײַלע געהאַלטן אין האַנט און זיך ענדלעך פאַרזאָרגט:

— כ׳ווייס גאָרניט, ווו צעבײַט מען עס... סײַדן באַ מוישע דעם בעקער... ער האָט עס אַביסל „געשניטן" געלט! פאַרדינט אַוואַדע אַ 25־קער פון פייסעכדיקע מעל... אַ קלייניקײַט!

נאָכדעם האָט ער די 5־רובלדיקע פאָרזיכטיק אַרײַנגעלייגט אין קעשענע און זיך אָנגערופן:

— צו פייסעך האָבן מיר נאָך צוויי טעג. איך רעכן מאָרגן נאָך אַרויסגיין אַפן דאָרף. מיט אַ 5־רובלדיקע קען מען עפּעס אופטון. אַז מע האָט אַ 5־רובלדיקע, איז מען, מײַן זון, אַ נאָגיד...

אין אַ האַלבע שאָ אַרום, מע ווייס ניט ווי אַזוי, האָט זיך אי־בערן שטעטל צעטראָגן די יעדיִע, אַז לייבע, זאַלמען עליִאָעס באָ־כערל, וואָס איז אַוועקגעפאָרן אַ שנעק קיין וואַרשע, איז איצט געקומען אַף פייסעך אַהיים צום אָרעמען טאַטן און געבראַכט אַ מאַטמען מיט גאָלד.

אָרעמע ווײַבער האָבן זיך געבענטשט, און די מאַנסבלען האָבן פאַר קינע אונטערגעזיפצט און טרויעריק געברומט:

— באַ לײַטן קינדער!..

# דער איבער

— באַלד דאַרף מען שוין, דאַכט זיך, אַרויסנעמען דאָס ברויט — האָט לייע געזעדט פּאַר זיך, אופמאַכנדיק די בלעך פון אויוון און באַטראַכטנדיק די זעקס לעבלעך ברויט, וואָס זײַנען געווען אויסגעזעצט אין צוויי צײַלן.

זי האָט געוואָרפן עטלעכע ליבע בליקן אַף די לעבלעך, אין וועלכע זי האָט קנעטנדיק איר נעשאָמע אַרײַנגעלייגט, זי האָט אַ פרײַען זיפץ געטון און פאַרמאַכט צוריק דעם אויוון מיט דער בלעך.

— נאָך אַ האַלב שאָ דאַרף זיצן, — האָט זי מעשאַער געווען, קוקנדיק אַפן אַלטן זייגער מיטן צעבראָכענעם ציפערבלאַט, וואָס איז געהאַנגען צווישן קאָמאָד און טיש.

— מאַמע! ביסט אײַנגעשמוצט אין סאַזשע, — האָט איר באַמערקט איר עלטערע טאָכטער, כאַשקע, וואָס האָט געוואַשן דאָס געפעס.

— אויך אַ זאָרג! — האָט די מוטער דערויף אַ מאַך געטון מיט דער האַנט, — מע וועט געווג פאַרשוואַרצט ביזוואַנען מע באַקט אָפּ אַ געבעק ברויט... דעם טאַטנס פאַרנאָסעס, אַז אָך און וויי...

און לייע האָט זיך דערמאָנט, ווי שווער דאָס געבעק ברויט איז איר אָנגעקומען. שימען, דער מאַן אירער, האָט שוין פון אַ כוידעש קײַן קאָפּיקע ניט פאַרדינט, דער מיסכער פון טווועט איז אַזוי געפאַלן, אַז איין גאָט זאָל נאָך ראַכמאָנעס האָבן; אַף איין אַכטל האָבער, וואָס דער פויער פירט אַרויס, פאַלן אָן, ווי הייישעריקן, טויזנטער הענדלער, און יעדערער באָט אָן מער וויפל עס איז ווערט, ביז דער פויער ווערט פון גרויס גליק צעטומלט

און ווייס גאָרניט וואָס פאַר אַ גרויסע פרייַז צו פאַרלאַנגען. אָט איז ער פון אַ פּאָר וואָכן „אַף די דערפער", טאָמער וועט גאָט אים דאָרטן עפּעס צושיקן...

זי וואָלט נאָך לאַנג אַזוי געטראַכט, האָט זי זיך אָבער דער־מאָנט, אַז די לאָפּעטע האָט זיך צעבראָכן בעשאַס זי האָט דאָס ברויט אין אויוון געזעצט...

— שוין קייַן לאָפּעטע, באָרעכאַשעם, אויך ניטאָ, — האָט זי אַף דאָס נייַ אָנגעהויבן מאַכן אַ העספּעד אַף דער לאָפּעטע, וועל־כע זי האָט שוין געגוג אינדערפרי באַקלאָגט.—מע דאַרף שוין גיין ווידער לייַען.

און מיט אַ זיפץ איז לייע אַרויסגעגאַנגען קעגניבער צו אַ גוטער שכיינע, דוואָשע, לייַען אַ לאָפּעטע.

באַ דוואָשען איז גראַדע אין דער צייַט געווען „פריילעך". דוואָשע אַליין איז געזעסן באַם וואַרעמען אויוון מיט אַ זאָק אין דער האַנט און האָט מיט גרויס היסלאַוועס וועגן עפּעס גע־רעדט פאַר נאָך צוויי ווייַבער אין די מיטעלע יאָרן, וועלכע זייַ־נען איר אַרייַנגעפאַלן אַלע ווייַלע אין די רייד.

לייעס אופירונג, ווען זי קומט ערגעץ עפּעס לייַען, איז ניט אַרויסצוזאָגן גלייַך איר באַקאָשע, נאָר מאַכן זיך, ווי זי איז קלוי־מערשט אַרייַן מיט אַ „וויזיט", אַביסל פאַרברענגען און נאָכדעם ערשט ווענדן זיך פאַרבייַגייענדיק: „איך האָב געוואָלט באַ אייַך לייַען דאָס און דאָס". אויך איצט איז זי צוגעגאַנגען און אויס איידלקייַט גענומען אַן אַנטייל אין שמועס.

דאָס מאָל איז אָבער דער שמועס אַליין אין שטאַנד געווען צו פאַרהאַלטן לייען, און זי האָט זיך אַזוי שטאַרק פאַרינטערע־סירט, אַז זי האָט פאַרגעסן וועגן וואָס זי איז געקומען.

דער שמועס איז געגאַנגען וועגן איבעריאָר.

— איבער... — רעדט דוואָשע, — אַלע דרייַ יאָר איז אַן אי־בער, באָרעכאַשעם...

— נאָך אַסאַך האָבן מיר צום „ווייאָדער"? — פרעגט איין שכיינע.

— הייַנטיקן שאַבעס, אַז גאָט וועט געבן געזונט, בענטשט מען שוין ווייאָדער, — ענטפערט דוואָשע מיט לאָמדישער גאַדלעס.

— ווען האָבן מיר רווישכוידעש? — פרעגט די צווייטע שכיינע.

— רווישכוידעש האָבן מיר אַזוי גרויס ווי...

און דוואָשע פאַרקנייטשט, ווי אַ געלערנטע, דעם שטערן און זאָגט מיט שטאָלץ אַרויס: אָט וועל איך אײַך באַלד אויסרעכע־נען: רווישכוידעש אָדער איז געווען מיטוואָך און דאָנערשטיק, וועט זײַן איצטער פרײַטיק און שאַבעס...

— ווען ניט דער „איבער", וואָלט שוין געווען נאָך פּורים,— האָט די ערשטע שכיינע באַמערקט.

— אַקוראַט אַ וואָך נאָך פּורים,— ווײַזט ארויס דוואָשע ווידער אירע לאָמדעס.

און לייע שטייט און הערט מיט אינטערעס: דער „איבער" לאָזט איר שוין לאַנג ניט שלאָפן און זי זאָגט אַרויס מיט אַ זיפץ אירע געדאַנקען וועגן אים:

— זאָל מיך דער אייבערשטער ניט שטראָפן פאַר די רייד,— הייבט זי אָן מיט אַ טכינע־ניגן,— דער איבער ליגט אַף מיר אַזוי ווי אַ באַרג — פאַראַיאָרן אין דער צײַט איז שוין וואַרעם געווען, הײַנטיקס יאָר, ווען ניט דער איבער, וואָלט שוין אויך מיסטאָמע וואַרעם געווען. איך האָב שוין אַ ברעקל האָלץ ניט.

— וואָס רעדט איר, גאָט איז מיט אײַך! — האָט דוואָשע מיט אַ ליבן שמייכל זיך געווענדעט צו לייען.—דער אייבערשטער מיט זײַן גרויס געגאָד שענקט אונדז אומזיסט אַ כוידעש לעבן, און איר זײַט נאָך ניט צופרידן און זינדיקט...

— וואָס איז שײַעך — ער שענקט! אַוואַדע שענקט ער,—האָט לייע געענטפערט, ווי דערשראָקן, — אַלץ שענקט ער, דאָס גאַנצע לעבן שענקט ער.

— אַי, זאָלט איר געזונט זײַן!—האָט דוואָשע גוטהערציק גע־שמייכלט אַף לייעס ניט „געלערנטקײַט", — וועגן דעם שמועסט מען דאָך ניט — אַלץ טאַקע שענקט ער, וואָס דען? פונדעסטוועגן פירט זיך באַ „אים" ביכער, פונקט ווי דעם זינדיקן מענטשן וואָלט אַלץ געקומען... יעדער טאָג, יעדער כוידעש, יעדער יאָר גייט דאָרט אין כעשבן, פאַרשרײַבט זיך אין בוך; ווייאָדער אָבער רעכנט ער ניט אַרײַן אין כעשבן, ווייאָדער שענקט ער דעם זינ־

דיקן מענטשן בעמאַטאָנע, אַזוי ווי, לעמאָשל, אַ צולאָג... אַף אַלע דרײַ יאָר — אַ צולאָג אַ כוידעש!

פאַר לייען איז דאָס געווען אַן אומערוואַרטעטע אַנטדעקונג. ביז אַהער האָט זי וועגן איבער געהאַט נאָר אַ באַגריף, ווי אַ צו־געטשעפּעטער כוידעש צום לאַנגן, שווערן ווינטער. ווי אַזוי דער כוידעש גייט דאָרט אין רעכענונג, האָט זי גאָרניט געקלערט — איצט האָט זי וועגן איבער געקריגן אַ לויטערע פאָרשטעלונג: דאָס שענקט גאָט דעם מענטשן אַן אומזיסטן כוידעש לעבן.

און גאָט האָט זיך איר אַצינד פאָרגעשטעלט פאַר אַ מילדן, ווייכהאַרציקן... ער שטייט מיט אַ גוטן שמייכל באַ אַ וואָגשאָל... לייגט אַהין יאָרן, כאַדאָשים, טעג און ער רעדט ליבלעך אַרויס:

— אַ כוידעש איבעריק... אַ צולאָג! לייען אַ צולאָג... אַ ראַכ־מאָנעס אַף איר, אירע יאָרן זײַנען אַזוי אויך נעבעך געציילט, אַזוי ווייניק... זי איז שוין אַזוי שוואַך און קראַנק...

און לייעס פּאָנעם שטראַלט פון דאַנקבאַרקײַט, פאַר ליבשאַפט צום גוטן גאָט און אַזוי ווי פאַרשעמט ווענדעט זי זיך צו דוואָשען:

— איך וועל אײַך זאָגן דעם עמעס — איך האָב דערפון גאָר־ניט געוווּסט, עס איז גאָר אַ כאַרפּע צו זאָגן.

— וואָס איז די כאַרפּע? — האָט דוואָשע גוטהערציק גע־שמייכלט, — איך האָב דאָס אין אַ סייפער אַף איווריט־טײַטש גע־לייענט, מײַן „אַלטער" זאָגט, אַז אין די לאָשנקוידעשדיקע ספאָרים שטייט דאָס אויך.

און די אַנדערע צוויי שכיינעס זײַנען אויך דערוף באַשטאַנען, זיי האָבן דאָס שוין לאַנג געוווּסט.

— וואָס דען, אַ מענטשנס גאָב איז דען אַ גאָב? — האָט דוואָשע אָנגעהויבן אַרײַנצולאָזן זיך אין כקירע. — אַז ער שענקט, איז גע־שענקט. וואָס קען, אומשטיינס געזאָגט, אַ מענטש דעם אַנדערן מענטשן שענקען? אַ מענטש האָט גאָרנישט — אַלץ איז זײַנס!

און די ווײַבער האָבן זיך געלאָזן טיף אַרומריידן גאָטס מײַ־סים, זײַנע כסאָדים, וואָס ער טוט מיט די זינדיקע מענטשן, און לייע האָט גערעדט מער פון אַלעמען: דער צוגעקומענער אומ־זיסטער כוידעש, וועלכער וועט איר אין כעשבן ניט אַרײַנגערעכנט ווערן, האָט זי רעדנדיק געמאַכט און גערעדט האָט זי מיט פײַער,

מיט אופלעבונג. עפּעס האָט זיך איר געדאַכט, אַז פון הײַנט אָן איז איר קורץ לעבן לענגער געוואָרן...

— אַ שאָד, וואָס דער איבער קומט אויס אַלע מאָל ווינטער,— האָט זי ענדלעך געפונען אויסצוזעצן אַ שטיקל כיסאָרן. אין גאָטס מאַטאָנע,— דער איבער האָט גאָט געדאַרפט מאַכן זאָל אויסקומען זומער — זומער איז עפּעס פרייליכער אַפן האַרצן, וואַרעם — מע דאַרף קײַן האָלץ ניט.

זי האָט זיך אָבער באַלד געכאַפּט, אַז מיט אַזוינע רייד זינ־דיקט זי, און זי האָט זיך צוריק פאַרכאַפּט:

— סאַ דײַגע, לאָז זײַן ווינטער — אַ כוידעש לעבן ווילט זיך ווינטער אויך...

— לעבן ווילט זיך אַלעמאָל...—האָט אַ שכיינע מיט אַ זיפץ מיטגעזאָגט.

— יאָ, יאָ! —האָט לייע ווידער גערעדט — לעבן איז אַ גוטע זאַך... אַ טײַערע זאַך, עס איז טײַערער פאַר פּאַרנאָסע...

און פּלוצים האָט איר עפּעס אין קאָפּ אַ קלאַפּ געטון. דאָס וואָרט פּאַרנאָסע האָט איר דערמאָנט אָן דעם געבעק ברויט אין אויוון. זי האָט באַלד אַ שפּרונג געגעבן און, פאַרברעכנדיק די הענט, האָט זי ווי צעמישט אויסגעשריִען:

— דוואָשינקע... דאָס ברויט אין אויוון... גיכער לײַט מיר אײַער לאָפּעטע... אוי ווי איז מיר... פאַרעדט זיך, פאַרברענט געוואָרן...

אַרײַנלויפנדיק מיט דער לאָפּעטע ווי אַ ווילדע כאַיע אין שטוב צו זיך, האָט לייע מיט אימפּעט אַ כאַפּ געטון דאָס בלעך פון אויוון, אַ וואָרף געטון אַף דער ערד, און אַרויסנעמענדיק די לעבלעך ברויט און דערזעענדיק דעם אייבערשטן שוואַרצלעכן גלאַנץ פון זיי, האָט זי פון אָנפאַנג ניט געוווּסט וואָס צו טון און זי האָט פאַרצווייפלט די הענט געבראָכן. אַז די ערשטע שרעק־לעכע סעקונדן זײַנען אַריבער און דאָס אומגליק איז איר דײַט־לעכער געוואָרן, האָט זי זיך צעיאָמערט:

ווײ איז מיר, וויגד איז מיר: א געבעקס ברויט געפּאַטערט... אף קויל. . ביזוואַנען איך האָב עס צונויפגעשלאָגן. וואָס טוט מען איצטער, וואָס טוט מען?..

די קליינע קינדער האָבן זיך פּאַר שרעק באַהאַלטן אין די ווינקלען, נאָר די עלטערע טאָכטער האָט זי אָנגעהויבן צו באַרויִקן :

— שאַ, נישקאָשע, מע וועט אופּעסן...

— ווערים זאָלן דיך עסן, ריבוינע שעל אוילעם, — האָט לייע פאַרביטערט געשאָלטן — דו האָסט מיך ניט געקענט אַ רוף טון ?... פאַרעדט זיך דאָרטן, פרעג וואָס ?... איבער — מיין דייַגע...

און באַטראַכטנדיק די זעקס לעבלעך ברויט מיט זייער איי־בערשטן שוואַרצלעכן גלאַנץ, האָט זי זיך צעכליפּעט מיט אַ ווייי־נענדיקן טכינע־ניגן :

— אוי, ריבוינע שעל אוילעם — גוטער גאָט, האָסט דאָך ראַכ־מאָנעס אַף אַלע דייַנע באַשעפענישן, האָב שוין ראַכמאָנעס אַף מיר אויך און נעם מיך שוין צו פון דער פינצטערער וועלט !..

# די קלעזמער

(דערציילונג)

באַ כאַנע־דאָבען אין קליינעם שטיבל האָט געהערשט אַ גע־רויש און אַ גערודער. עס איז געווען אַ פריַיטיקדיקער פרי־מאָרגן, און כאַנע־דאָבע, וואָס איז גראָד שפּעט אופגעשטאַנען, איז געווען שרעקלעך פאַרהאָרעוועט באַם אויוון, ווו זי האָט גע־באַקט כאַלע: באַלד קומט שוין לייזער פון בעסמעדרעש, און די בולקעס זיַינען נאָך נישט פאַרטיק.

אין שטיבל זיַינען נאָך די בעטן נישט געווען פאַרבעט, די טירלעך פון אַלמער, וואָס מע נעמט אַלע נאַכט אַראָפּ צו אימ־פּראָוויזירן אַ בעט פאַר די קלענערע קינדער, זיַינען נאָך צוריק נישט אופגעהאַנגען געוואָרן, און כאַנע־דאָבע פלעגט זיך פאַר גרויס איַילעניש אָן זיי אַלע וויַילע פאַרטשעפּען און שיר נישט געמאַזיקט ווערן.

— אַ ניכפּע זאָל איַיך כאַפּן! — האָט זי אַלע וויַילע גע־שאָלטן, מיינענדיק די צוויי קליינע קינדער, אַ ייִנגעלע און אַ מייַ־דעלע פון 5 און 8 יאָר, וואָס האָבן זיך געדרייט אונטער די פיס און אַלע וויַילע אריַינגעקוקט אין אויוון זעען, צי עס איז שוין פאַרטיק די כאַלע, — אַ ניכפּע זאָל איַיך כאַפּן! דרייט זיך נישט אַרום, וואָרעם איך וועל איַיך מיימעסן!

נאָר די קינדער, נישט האָבנדיק זיך ווו אַהין צו טון, זיַינען ארומגעשפּרונגען, און כאַנע־דאָבע איז געוואָרן אַלץ בייזער, ביז זי האָט זיי אַפּן הויף אַוועקגעטריבן.

— גייט אין דער ערד!

נאָר אָט איז פון דאַוונען געקומען לייזער, אַ הויכער מאָגע־רער ייִד מיט איינגעפאַלענע באַקן, מיט גרויסע פייַכטע קעל־בערנע אויגן און מיט אַ קליין ציגן בערדל. ער האָט שווער אָפּגעאָטעמט פון דער גרויסער מאַסע, וואָס ער האָט געטראָגן פון בעסמעדרעש ביז אהיים—דער טאַלעס און טפילן מיטן סידער „עץ־חיים", וואָס איז בעעמעס געווען ניט נאָך זײַנע קויכעס, — האָט אויסגעזוכט אַ טאַבורעטקעלע, וואָס איז געשטאַנען הערט הינטערן אלמער, זיך פּאַוואָליע אַוועקגעזעצט און, אויסהוסטנדיק זיך, האָט ער שטיל געזאָגט:

— כאַנע־דאָבע, שוין פאַרטיק דער אָנבײַסן? מיר ציט אין האַרצן!

— האָסט קיין צײַט נישט? — האָט זיך כאַנע־דאָבע אָנגע־צונדן, ווײַל איר האָט זיך געדאַכט, אַז די צוויי בולקעס, וואָס זיצן פון פאָרנט, האָבן זיך אונטן צוגעברענט. זי האָט גלײַך געכאַפּט די לאָפּעטע און אַ פאַרצווייפלטע זיי ארויסגעכאַפּט קונציק שנעל. זי האָט זיי באַטראַכט מיט גרויס זאָרגפעלטיקײַט און דערזעענדיק, אַז זיי זײַנען נישט פאַרברענט, איז זי ווייכער געוואָרן, האָט אַ גוטמוטיקן זיפץ געטון און געווענדעט זיך צו לייזערן.

— קענסט זיך גיין וואַשן; צוויי בולקעס איז שוין פאַרטיק.

לייזער האָט זיך שוין אופגעהויבן פון אָרט און איז געווען גרייט צו גיין וואַשן זיך, נאָר דאָ האָט כאַנע־דאָבע זיך מעיאַ־שעוו געווען, אַז זי וועט שוין וואַרטן ביז די כאַלעס וועלן אויך פאַרטיק ווערן.

— איך וועל זיך פאַרדרייען מיט דײַן אָנבײַסן און וועל נאָך, כאָלילע, פאַרזעען די כאַלעס, און זיי וועלן פאַרסאַרפעט ווערן.

און אזוי ווי לייזער איז נישט געווען קיין גרויסער זוילעל וועסויוועט, האָט ער מאַסקים געווען צו וואַרטן.

און קעדיי צו פאַרטרײַבן דעם הונגער, האָט ער געמאַכט אַ שמועס מיט כאַנע־דאָבען:

— וועסט האָבן מיט וואָס צו קאָנטשען דעם שאבעס?—האָט ער זי ווייך געפרעגט.

כאַנע־דאָבע האָט אַ זיפץ געטון און געענטפערט:

— ווייס איך... עס איז נאָך דאָ אַ צוויי גילדן, וועט אַוועק־גיין פאַר די שאַמאָסים און אַנדער צדאָקע, און אַ גילדן וועט זײַן געגוג אַף קלייניקײַט...

נאָר דאָ האָט זי זיך פאַרטראַכט אַ ווײַלע און באַלד זיך גע־ווענדעט צו לייזערן:

— איך ווייס גאָר נישט, וואָס מע טוט מיט דער הײַנטיקער כאַסענע.

— וועלכע כאַסענע?—האָט זיך לייזער דערשראָקן.

— האָסט שוין פאַרגעסן? מיר האָבן דאָך הײַנט אַ כאַסענע; זאַלמען דער גאַרבער מאכט הײַנט כאַסענע די טאָכטער.

— אַ שײַנדל אין דער מישפּאָכע! — האָט זיך לייזער, וואָס איז געווען אַ יאַכסן, פאַרקרימט.

— נו, וואָס זאָל מען טון? — האָט כאַנע־דאָבע געזיפצט — פּאָרט אייגענע מענטשן; זאַלמען דעם גאַרבערס באָבע מיט מײַן זיידן, אָלעוו־האַשאָלעם, זײַנען געווען לײַבלעכע שוועסטער און ברודער.

— איז וואָס איז ער דײַנער? — האָט לייזער פאַרקנייטשט דעם שטערן און זיך גענומען אויסצולערנען מאַטעמאַטיש דעם ייִכעס.

און אָפּטומלענדיק זיך עטלעכע מינוט, האָט ער אויסגערעכנט אַז די קאַלע, דאָס הייסט זאַלמענס טאָכטער, איז כאַנע־דאָבעס אַ גליד־גליד־שוועסטערקינד.

— אַ ווײַטע קרויווע!—האָט ער ענדלעך מעוואַטל געווען די גאַנצע כאַסענע.

— פונדעסטוועגן, דאַרף מען שיקן אַ טאָרט! — האָט כאַנע־דאָבע פאַרזאָרגט געענטפערט, — זיי האַלטן זיך פאַר נאָענטע קרויווים.

— וואָס קאָסט אַ טאָרט?—האָט לייזער, נישט זײַענדיק אַלס מאַנסבל קיין באָקי אין די זאַכן, געפרעגט.

— אַ געפילטער טאָרט דאַרף קאָסטן אַ גילדן.

— און נישט קײַן געפילטער?

— אַ גריוונע!

— טאָ שיק טאַקע נישט קיין געפילטן!—האָט לייזער באַ־פוילן — די מעכוטאָנים וועלן אופעסן נישט קיין געפילטן.

— עס פּאַסט נישט! — האָט כאַנע־דאָבע נישט געוואָלט מאַסקים זײַן.

— נו, מ׳וועט זעען, מ׳וועט זעען!—האָט לייזער געברומט בייז אַף דער איבעריקער הויצאָע — גיב שוין עסן!

כאַנע־דאָבע האָט זיך אָנגעהויבן מייכן זײַן ארויסצוגעמען פון אויוון די כאַלע מיט די בולקעס.

— גאָלדעלע!—האָט זי געשריִען דורכן פענצטער צו דעם אַכט־יאָריקן מיידעלע — גיי ארײַן צו דוואָשען און נעם אַף גיך די גרויסע לאָפּעטע; מײַנע איז צו קורץ פאַר די כאַלעס.

גאָלדעלע, וואָס האָט זיך געשפּילט אפן הויף מיטן זעקס־יאָריקן ברודערל כאַיִמל און האָט געבאַקט אַף דער זון כאַלעס פון זאַמד, האָט זיך אַ לוסטיקע גלײַך אופגעהויבן און לויפנדיק צוגערופן צום ברודערל:

— זע, די כאַלעס זאָלן נישט פאַרברענט ווערן! איך גיי נאָך אַ לאָפּעטע.

אין א ווײַלע ארום איז זי אַ פריילעכע ארײַן אין שטוב מיט אַ גרויסער לאָפּעטע און אויסגעשאָסן אין איין אָטעם:

— מאַמע, קלעזמער גייען! זאָל איך אזוי געזונט זײַן! קלעזמער!...

דער קליינער כאַיִמל איז אויך אַרײַנגעלאָפן און, פריילעך פּאַטשנדיק מיט די הענטלעך, האָט ער זיך צעזונגען:

— מאַמע, טלעזמער! טלעזמער גייען! טלעזמער!

— ווו? ווו? — האָט זיך כאַנע־דאָבע דערשראָקן און צוגע־לאָפן צום פענצטער.

— אוי, ווי איז מיר!—האָט זי פאַרצווייפלט פאַרבראָכן מיט די הענט, — זיי האָבן דאָך אונדז געשיקט די קלעזמער אַ „גוט־מאָרגן״ שפּילן!

— ווו זײַנען זיי? — האָט לייזער נאָך פאַרצווייפלטער אויסגע־שריִען. ער איז צוגעלאָפן צום פענצטער און האָט דערזעען גיין די גאנצע קאַפּעלע שטעטלשע קלעזמער מיט בעניע דעם באַדכען בעראָש.

און איידער ער האָט געהאַט צײַט עפּעס פֿאַרצונעמען, איז שוין דער באַדכען, אַ לוסטיק ייִדל מיט לויפנדיקע אייגעלעך, געשטאַנען באַ דער טיר און, ווענדנדיק זיך צו דער קאַפּעליע, האָט ער הויך אויסגערופן:

— לעקאָוועד דעם מעכוטן אַ פֿײַנס גערעדט!

כאַנע־דאָבע איז געשטאַנען מיט דער לאָפּעטע און געשריִען:

— לאָזט מיר די כאַלע ארויסנעמען!

נאָר אירע ווערטער האָט פֿאַרדעקט אַ כוואַליע מוזיק, מיט װעלכער די קאַפּעליע האָט אָנגעפּילט דאָס קליינע שטיבל.

— אוי, אַ ווייטיק איז מיר!—האָט כאַנע־דאָבע געבראָכן מיט די הענט, — די כאַלעס װעלן פֿאַרברענט ווערן.

און מיט גרויס אימפּעט האָט זי זיך גענומען ארויסנעמען די כאַלעס פֿון אויוון, און באַ יעדער כאַלע ארויסנעמען האָט זי מיט דער לאָפּעטע דערלאַנגט דעם קאָנטראַבאַס.

— די ייִדענע לאָזט נישט שפּילן!—האָט דער קאָנטראַבאַ־סיסט, אַ בייז פֿאַרשלאָפֿן ייִדל, געוואָרטשעט, רײַבנדיק די סטרונעס.

געענדיקט דעם „מאַרש“, האָט דער באַדכען נאָך לוסטיקער ווי פֿריִער זיך צעזונגען: „און איצט אַ פֿײַנעם צושפּיל לעקאָוועד דעם מעכוטן רעב עליִעזער בערעבי“...

לייזער האָט מיט אַ טרויעריק קאָל, ווי צו אייל־מאָלע־ראַכ־מים, אונטערגעזאָגט זײַן טאַטנס נאָמען:

— בערעבי ייִצכאָק!

און די קלעזמער האָבן זיך ווידער גענומען צו די קיילים נאָר שוין אָן דעם קאָנטראַבאַס, ווײַל כאַנע־דאָבעס לאָפּעטע האָט אים אינגאַנצן כאָרעוו געמאַכט, און ער האָט געדאַרפֿט האָבן אַ גרויסן טיקן...

— לאָזן זיי שוין גיין—האָט לייזער געוווּנקען צו כאַנע־דאָבען...

— גיי אין דר׳ערד מיט זיי איניינעם! — האָט כאַנע־דאָבע שרעקלעך אופגערעגט אָפּגעענטפֿערט און האָט זיך שיר נישט צעוויינט פֿאַר אַגמעס־נעפֿעש.

די מוזיק איז אַנשוויגן געוואָרן, דער באַדכען האָט ווידער זיך צעזונגען:

— מאזלטאָוו! גאָט זאָל געבן אף איַיערע קינדערס כאַסענעס...
און ער איז געבליבן שטיין ווי אַ גענעראַל, די קאַפּעליע מיט די אינסטרומענטן—ווי זײַנע כאַיאָלעס.
לייזער האָט אַ שושקע געטון כאַנע־דאָבען:
— דו מוזט זיי באַצאָלן!
כאַנע־דאָבע איז מיט אַ פאַרדריקט האַרץ צוגעגאַנגען צום קוימען, ארויסגענומען פון אַ פארזשאַווערטער קוואָרט צוויי גילד און האָט דערלאַנגט דעם באַדכען...
דער באַדכען האָט זיך ווידער צעזונגען און אין גראַמען אָנ־געוווּנטשן אַלדאָס גוטס...
— מיט דעם רעכטן פוס!—האָט ער לוסטיק צו דער קאַפּעליע אַ קאָמאַנדעווע געטון.
די קלעזמער זײַנען לאַכנדיקע ארויס. דער קאָנטראַבאַס האָט זיך באַם ארויסגיין פאַרטשעפּעט אָן דער לאָפּעטע; זי איז אומ־געפאַלן מיט אַ גערויש און אַ טומל...
— אָט איז דיר אַ כאַסענע!— האָט כאַנע־דאָבע געבראָכן מיט די הענט.
— דײַנע קרויווים!— האָט לייזער געברומט,—מע זאָל האָבן אַ האָזע שיקן די קלעזמער! וואָס גראָבע יונגען קענען...
כאַנע־דאָבע איז געשטאַנען אַ פאַרצווייפלטע און געבראָכן מיט די הענט.
— צוויי בלוטיקע גילדן, און די כאַלעס זײַנען פאַרברענט גע־וואָרן!—האָט זי זיך צעוויינט אַפן קאָל...
די צוויי קינדער, כאַיִמקע און גאָלדעלע, זײַנען געשטאַנען און פאַרוווּנדערט אָנגעקוקט די מאַמע:
— מע האָט אזוי שיין געשפּילט, און די מאַמע וויינט...
און כאַיִמקע האָט זיך צעזונגען:
— שיינע טלעזמער, שיינע טלעזמער...
— שווײַג, מאַמזער!— האָט לייזער זיך געוואָרפן אַפן קליינעם כאַיִמל, וועלכער איז אַזאַ נאַריש קינד און פאַרשטייט נישט דאָס אומגליק. ער איז אַ פאַרצווייפלטער ארויס אַפן הויף. דער הויף איז געווען באַלעגערט פון אַ מאַכנע קינדער און על־טערע יידן.

דערזעענדיק לייזערן, איז כאָנען דער טווע־הענדלער צו אים ברייטלעך צוגעגאַנגען און געזאָגט:

— איר זײַט, הייסט עס, היינט אַ מעכותן? מאַזלטאָוו אײַך!

און נישט באַקומענדיק קיין ענטפער פון לייזערן, איז ער נישט ניספּאָעל געוואָרן און ווידער זיך געווענדעט צו אים:

— וואָס איז מיט אײַך זאַלמען דער גאַרבער, אפּאָנעם אַ נאָענטער קאָרעוו?

לייזערן איז דאָס גאַנצע בלוט אַרײַן אין פּאָנעם, און ער האָט פּאַר קאַס אויסגעשאָסן:

— זאַלמען דער גאַרבער איז מײַנער אַן עלטערפעטער. איר פאַרשטייט? אַן עלטערפעטער!

און בייז פאַר שאַנדע, איז ער אַרײַן צוריק אין שטיבל, זיך אַוועקגעזעצט מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ אין אַ ווינקל, פּונקט ווי ער וואָלט געהאַלטן באַם אויסטון די שיך און זעצן זיך שיווע...

אין אַ צווייטן ווינקל איז געזעסן כאַנע־דאָבע און שטיל, אָן קויכעס געקרעכצט:

— נאַ דיר גאָר קלעזמער, ווײ איז מיר!...

# די פֿאַרביטענע פענצטער

דאָס איז געווען א גרויסער בעסמעדרעש מיט פענצטער אין דריי זייטן. זעליק, אַ זיבעצן־יעריק באָכעריל, וואָס איז דאָס ערשטע מאָל אַרויסגעפאָרן פון זיין אָרעמער היים צו לערנען דאָ, האָט די ערשטע צייט שטאַרק געבענקט נאָך זיין היים, נאָך די לעבעדיקע מענטשן און נאָך דעם קליינעם שטיבעלע, ווו די לעבעדיקע געפינען זיך. קיין וועג צוריק איז אָבער ניט געווען. ערשטנס, טאַקע די הויצאָעס אַליין. עס דאַרף קאָסטן אַוואַדע באַ אַ האַלב קערבל צו פאָרן מיט די באַלעגאָלעס, ווער רעדט מיט דער באַן קען עס אַריינטרייבן ביז פינף גילדן. שפעטער וועט ער עפשער קריגן דאָ אַ פּאַרנאָסע — אַרומגיין פרייטיק „אַף ספּאָ־רים״ פאַרן בעסמעדרעש, וואָס דערפאַר באַקומט מען צען קאָפּיקעס יעדער פרייטיק. דאַרף ער זיך ערשט איינקויפן אין לאַסקע באַם גאַבע, און ווי אַזוי דאָס צו טון, ווייס ער נאָך ניט. און צווייטנס, ווען ער זאָל שוין אַפילע האָבן אַף הויצאָעס, איז נאָך אויך אַ פראַגע צי מעג ער צוריק פאָרן. געשיקט האָט אים דער טאַטע אַהער מיט דער קאַוואָנע, ער זאָל ווערן א לאַמדן און עפשער טאַקע אַ ראָוו, און ער האָט אים געגעבן אָנצוהערעניש, אַז פריִער ווי אין אַ יאָר אַרום זאָל ער ניט קומען.

— נישקאָשע, מיין זון,— האָט ער אים פאַרן פאָרן געזאָגט,— וועסט האָבן גוטע „טעג״ און דו וועסט ניט דאַרפן בענקען נאָך דער היים.

מיט די „טעג״ האָט טאַקע דער טאַטע געטראָפן. דאָס שטעטל איז דאפקע ניט קיין אָרעמס געווען און „טעג״ איז געווען לעראָוו, א שאָד בלויז, וואָס א וואָך פארמאָגט בלויז זיבן טעג. צוליב די

באַלעבאַטים וואָלט אַ וואָך געמעגט פאַרמאָגן הונדערט טעג, אָלטן זיך אויך געפינען באַלאָנים צו געבן זעליקן אַ טאָג... אָבער ט געטראָפן האָט דער טאַטע מיטן בענקען. זעליק האָט גע־בענקט אָן אופהער אהיים און ער פלעגט זיך אַמאָל אינמיטן לערנען מוזן אָפּרײַסן פון געמאָרע, זיך איבערגיין איבערן גרויסן בעסמעדרעש און טראַכטן פון דער היים.

אזוי ווי דער בעסמעדרעש האָט פאַרמאָגט פון דרײַ זײַטן פענצטער, פלעגט זעליק ליב האָבן אַוועקשטעלן זיך באַ איינעם פון די פענצטער און קוקן ווײַט ערגעץ אַהין, ווו זײַן היים גע־פינט זיך. שפּעטער האָט ער זיך געכאַפּט, אַז ער קען אויסרע־כענען מיט אַ כעשבן ווו עס דאַרף ערגעץ ליגן דאָס שטעטעלע זײַנס, און נאָכדעם וועט ער שוין קענען דערגיין, ווו דאָס שטי־בעלע זייערס געפינט זיך, און אַף אַזאַ אויפן וועט ער זיך קענען שטיין באַם פענצטער און זען אַזוי ווי פאַר די אויגן זײַן היים.

לויט זײַן כעשבן איז אויסגעקומען, אַז אַרויסגעפאָרן איז ער פון דער גאַס רעכטס, נאָכדעם האָט מען זיך גענומען לינקס און נאָכדעם ווידער רעכטס. הייסט עס, אַז ווען ער קוקט דורכן פענצטער פון דער דריטער וואַנט, וואָס געפינט זיך אין דאָרעם־זײַט, וועט ער צילן מיט זײַן בליק ביז אין שטיבעלע אַרײַן. מעג עס ליגן פאַר הונדערט וויאָרסט, אַבי ער ווייסט ווו עס ליגט, זעט ער עס שוין. דעריקער איז נאָר, צי מאַכט ער קיין טאָעס ניט אין כעשבן, צי ליגט טאַקע ניט דאָס שטיבעלע אין דער א אין דער זײַט.

ער האָט די ערשטע פאָר וואָכן געהאַט דערין גרויסע ספּיי־קעס, אָפּט האָט זיך אים גענומען דאַכטן, אַז ווען ער קוקט דורכן פענצטער אין דער וואַנט אין צאָפן־זײַט, וואָלט ער זיכערער מיטן בליק געטראָפן צום שטיבעלע אינדערהיים.

אָבער וויבאַלד אַז ער האָט שוין אַזוי אָפּגעקוקט אַ לענגערע צײַט, איז ער ענדלעך פעסט געוואָרן בא זיך און געגלויבט בע־עמונע שליימע, אַז נאָר דורך דעם פענצטער קען זײַן בליק גרייכן צום שטיבעלע און נאָר אין יענער ריכטונג געפינט זיך עס.

פלעג ער אַמאָל, איבערהויפּט, ווען אין בעסמעדרעש איז שטיל געווען און ליידיק פון באַזוכער, אָפּשטיין באַ דעמדאָזיקן אויס־

געווײלטן פענצטער שאָען און קוקן װײַט איבער די װײַסע װאָלקנס... און װי ער האָט דאָס אַלץ אריבערגעקוקט, האָט ער שוין דערגרייכט זײַן שטעטל, נאָכדעם דאָס געסל און גלײַך דאָס שטיבעלע.

יאָ, דאָס איז עס, מיט די צװײ קלײנע פענצטער צו פּאָרנט און מיט דער פּריזבע פונונטן, און אָט גײט ער אַרײַן אינעװײניק און דערזעט דעם פּירקאַנטיקן טיש מיט דער לאנגער באַנק באַ דער אָפּגעקאַלכטער װאַנט, און פון פּאָרנט פון טיש דעם טאַבורעט, געפאַרבט אַף רויט, דער יאַכסן פון שטוב, דערפאַר װאָס ער איז דער אײנציקער געפאַרבט. פון טאַבורעט, דעם יאַכסן, גײט ער איבער צום גרעסערן יאַכסן, צום װאַנט־זײגער, װעלכער „שטײט" שוין זינט ער געדענקט, און נאָר צוליב שענקײַט װעגן הענגט ער אַף דער װאַנט, און אַלע פרײַטיק פּוצט די שװעסטער אָפּ זײַן ציפערבלאַט און שײַערט אויס די מעשענע װאָג צוזאַמען מיט די לײַכטער... און ערשט, װען זײַן בליק זעטיקט זיך אָן מיט די אַלע ליבע מעבל און כפּײצים פון שטיבל, הײבט ער אָן צו באַטראַכטן די לעבעדיקע נעפאַשעס — דעם טאַטן, די מאַמע, די שװעסטער און דאָס קלענערע ברודערל, מיט װעלכן ער פלעגט זיך אינדערהײם קריגן, אָבער דאָ דורכן פענצטער פון בעסמעדרעש לעבט ער מיט אים בעשאָלעם און װינטשט אים אַלדאָס גוטס...

אַזוי האָט עס זיך געצויגן אַ האַלב יאָר ביז איבער די יאָנטויװים. אין די יאָנטויװים האָט זיך זעליקס בענקשאַפט נאָך פאַרגרעסערט, און דאָס פענצטער אין דער דאָרעם־װאַנט איז אים נאָך טײַערער געװאָרן. דורך אים האָט ער געזעען זײַן שטיבעלע און הויזיקע אין זײער יאָנטעװדיקן גלאַנץ און פּראַכט.

נאָך סוקעס זײַנען אָנגעקומען נײַע באָכורימלעך פון פאַרשײדענע אַרומיקע שטעטלעך, צװישן זײ האָט זיך געפונען אײנער, װאָס איז שוין „אויסן" געװען אין אַ װעלט מיט שטעט און אַפילע אין זעליקס שטעטעלע האָט ער אויך געלערנט. דערדאָזיקער יעשיװע־באָכער, װעלכער האָט זיך גערופן דער „איװיער" אַפן נאָמען פון זײַן שטעטל, איז זעליקן געװען טײַערער פון אַלע, כאָטש קאַם װאָס ער געדענקט אים פון דער הײם. יענער אָבער

פאַרזיכערט אים, אַז ער קען זעליקס טאַטן און ווייסט זייער גאַס און זייער שטיבעלע און אַלץ מיטאַנאַנדער.

האָט אמאָל דער „איוויער" באַמערקט, ווי אַזוי זעליק שטייט נאָכאַנאַנד און קוקט אַרײַן אין דעם געוויסן פענצטער. האָט ער אים געפרעגט:

— וואָס זעסטו דאָרטן אַזוינס?

— עס רעגנט... — האָט זעליק אים אָפּגעענטפערט, קעדיי ניט צו אנטדעקן אים זײַן סאָד.

דער איוויער אָבער האָט נאָכגעפּאָרשט ווײַטער:

— און אַז עס רעגנט איז וואָס? דו זאָג מיר דעם עמעס.

די שײַלע איז געשטעלט געוואָרן מיט א געוויסער שטרענגקײַט, אָבער אויך האָט זי געקלונגען מיט אַ טאָן פון כאַווערשאַפט. זעליק האָט זיך שוין ניט געקענט אײַנהאַלטן און ער האָט אים, אַביסל רויט ווערנדיק, פאַרטרויט זײַן סאָד:

— דורך דעם פענצטער זע איך די היים.

— ווי אַזוי? — האָט דער איוויִער מיט אַ שמייכל געפרעגט.

— אַדעראַבע, רעכן אויס...

און זעליק האָט אים געמאַכט דעם כעשבן, ווי אַזוי ער איז געפאָרן דעם וועג פון דער היים פריִער רעכטס, דערנאָכדעם לינקס און דערנאָכדעם ווידער רעכטס, און נאָך זײַן כעשבן קומט אויס, אַז דאָרטן אין דאָרעם־זײַט געפינט זיך זייער שטיבל...

דער איוויער האָט אויסגעהערט, זיך שטארק פארטיפט, ווי ער וואָלט האָבן פאר זיך א שווערע רעכענונג, און ענדלעך האָט ער באַשלאָסן:

— דו האָסט, ברודער, אַ טאָעס... אויב דו ווילסט „צילעווען" מיט דײַן בליק צו אײַער שטיבעלע, דאַרפסטו קוקן דאַפקע אין יענער זײַט פענצטער... זעסט אָט דאָ אין צאָפן־זײַט... דאָרטן ליגט עס...

— ביסטו זיכער?...— האָט זעליק טרויעריק איבערגעפרעגט...

— זיכער ווי גאָלד!

זעליק איז צוגעגאַנגען צו אַ פענצטער, וואָס האָט זיך געפונען אין צאָפן־זײַט פון בעסמעדרעש. ער האָט בעשומויפן דורך דעם פענצטער ניט געקענט ארויסרופן אין זײַן פאַנטאַזיִע דאָס

בילד פון זייער שטיבל. פאר די אויגן איז אים געווען אַלץ פאַר־צויגן.

און אַז דער איוויער האָט זיך אָפּגעקערט, האָט זיך זעליק אַנידערגעשטעלט צוריק באַ יענעם פענצטער, דורך וועלכן ער האָט אַ האַלב יאָר אַרויסגעקוקט, און ער האָט געוווסט, אַז ער האָט עס אַלפּיטאָעס אויסגעקליבן, אָבער ער האָט דורך אים געזעען זײַן שטיבעלע און אַלץ, וואָס געפינט זיך אין אים, קלאָר און בוילעט... צי עס איז ריכטיק, צי ניט — איז אים ניט אָנגעגאַנגען... אַבי ער זעט...

# א י ע ו

ער האָט געהייסן כאַיִם דער מעלאַמעד און זײַן „צונעמעניש״ איז געווען איִעוו.

זײַן ווײַב איז געווען שטענדיק קראַנק; איר הוסט פלעגט זיך הערן, ווי אַן אָפּקלאַנג פון א ליידיקער פאַס. ווען אַן אומ-באַקאַנטער, פרישער מענטש זאָל אַמאָל שטיין דערבײַ, ווען זי פאַרהוסט זיך, וואָלט ער זיך זיכער דערשראָקן און וואָלט געמיינט, אַז אָט, אָט עקט זיך איר שוין דאָס לעבן. אָבער כאַיִם אַליין פלעגט גאַנץ רויִק און קאַלטבלוטיק אויסהערן איר „האַרץ-מוזיק״: ער איז שוין געווען געניט — זינט ער געדענקט הוסט זי אַזוי און נאָכן אויסהוסטן זיך ווערט זי ווידער „געזונט״ און האָט נאָך גענוג קויעך צו שרײַען און צו שעלטן, ווען ער ברענגט איר קיין געלט ניט אַף ברויט.

ער אַליין איז אַפילע אויך אַ „כאָלוש״, ווי ער דריקט זיך אַליין אויס; נאָר אַ מאַנסבל איז ניט קיין יידענע — איז דאָס ניט אזוי קענטיק. אַגעוו, האָט ער צו זײַן הוסט אַ רעפּוע: די ליולקע... „די ליולקע — זאָגט ער — צעשלאָגט מיר די לייכעס און איך ווער געזונט״...

א קראַנקער טאַטע, אַ קראַנקע מוטער, — זײַנען די קינדער אַוואַדע קראַנק; נאָר די הויפּט-כוילע איז די עלטערע טאָכטער, ג ע ל ע, אַ הויכע, אַ דאַרע, דאָס פּאָנעם אירס איז געל ווי א וואַקס און די אויגן זײַנען מיט א טויטן טרויער פאַרצויגן. אף דער טאָכטער איז כאַיִם אַליין מוידע, אז זי איז „ניט אינגאַנצן״, און כאָטש ער גלויבט ניט אין „כאָכמעס האָרפוע״, דאָך זיפצט ער אַמאָל אונטער, קוקנדיק אַף איר טויטן געזיכט: „געלע האָט טאַקע

באַדאַרפט האָבן אַ דאָקטער!״... נאָר דאָס זאָגט ער סטאַם אין דער וועלט אַרײַן, פונקט ווי ער זאָגט אַמאָל, ווען עס איז ניטאָ קיין ברויט אין שטוב: איצט האָט מען געדאַרפט האָבן אין שטוב אַ דרײַ־רובלדיקע...

אַזעלכע „גוזמעס״ פלעגן אַרויסרופן אַ ביטערן שמייכל בײַ די הויזיקע, און דאָס ווײַב, אויב זי פלעגט אין דער מינוט ניט פאַר־הוסטן זיך, פלעגט זי זיך צעבייזערן:

— ער הייבט שוין אָן זײַנע כאָכמעלעך!... עס איז גאָרניט אַזוי פריילעך אַפן האַרצן...

טאַלמידים האָט ער געהאַט אַכט — אַלע אָרעמע קינדער. די רײַכע עלטערן האָבן אים זייערע קינדער נישט געוואָלט אָפּגעבן, אויס מוירע, זיי זאָלן זיך נישט „אָנשטעקן״, און אַזוי איז כאַיִם זײַן גאַנץ לעבן אין אַ רײַך הויז נישט אַרײַנגעגאַנגען און האָט שטענדיק פאַר זײַנע אויגן געזען נאָר אָרעמקײַט, דאַכקעס און קראַנקײַט!..

— דאָס לעבן איז ניט ווערט קיין ביטערע ציבעלע! — פלעגט ער אָפט זאָגן פאַר זײַן איינציקן נאָענטן מענטשן — פאַרן פאָרוש פון בעסמעדרעש, מיט וועלכן ער פלעגט ליב האָבן אַרײַנלאָזן זיך אַמאָל אין אַ שמועס וועגן הויכע איניאָנים. פאַר דעמזעלבן פאָ־רוש האָט ער אַמאָל אויסדערציילט זײַן גאַנץ לעבן, ווי אַזוי ער האָט זיך צו 12 יאָר אַוועקגעלאָזט אין יעשיוועס „לערנען״, ווי אַזוי ער האָט זיך געוואַלגערט אין אַלערליי קרײַזלעך, געשלאָפן אַף האַרטע בענק און געליטן הונגער, קעלט און קלעפּ, אומזיסטע, ניט־פאַרדינטע קלעפּ...

— עט, — האָט ער אויסגעלאָזט זײַן לעבנס־באַשרײַבונג — ס׳איז דאָס גאַנצע לעבן אַ נאַרישקײַט, העוועל האַוואָלים!.. און צײַט איך בין שוין פאַר זיך אַ באַלעבאָס, מיינט איר, לעב איך? פרעגט מיך ווען האָב איך פון נאָך מײַן כאַסענע אָן אַמאָל זאַט אָפּגע־געסן — וועל איך ניט געדענקען... הײַנט מײַן דירע... איר זענט ווען בײַ מיר געווען?

זײַן דירע איז געווען אין אַ „זעמליאַנקע״; דאָרט האָט ער זיך געבענטשט און געפּרוּווט צײַט נאָך דער כאַסענע. אַלע נאָך סוקעס אַפילע באַשליסט ער זיך פּעסט אָרויסציִען פון דעם „קיווער״,

אָבער נאָכן פעסטן באַשלוס דערמאַנט ער זיך אָן זײַנע „מעבל" און ער האָט זיך מוירע צו רירן פון אָרט מיט זיי: ווען מע זאָל די צוויי בעטן, דעם טיש און דעם קאַסטן רירן פון אָרט, וועלן זיי גלײַך צעפאַלן אַף שטיקלעך. „די סוואָרע איז מעכאַיעוו, אַז זיי וועלן צעפאַלן — פלעגט ער אויסווײַזן זײַן ווײַב — פאַרשטייסטו מיך, אַז עס נעצט זיך צוואַנציק יאָר, מוז צעפוילט ווערן... דאָס האָט שוין אַזאַ טעווע"...

זײַן לעבן וואָלט קיין ביטערע ציבעלע אויך ניט ווערט געווען, ווען ער וואָלט ניט געהאַט קיין צוויי טײַנוגים, וואָס ער האָט זיי געקענט גרייכן...

דער ערשטער טײַנעג איז די ליולקע. אַלע וואָך גייט באַ אים אַוועק אַ פעקל מאַכאָרקע פאַר אַכט גראָשן; דאָס איז באַ אים אַ מין שיקרעס, ראַכמאָנע ליצלאָן, און דאָס ווײַב וואַרפט אים טאָקע פאָר: דו פאַרשיקערסט אַף דער ליולקע דײַן גאַנצע פאַר־נאָסע". ער פילט אַליין, אַז די ליולקע איז באַ אים טאָקע אַ מין קישעף! עס האָט אים אַמאָל באַנאַכט פאַרפעלט אין ליולקע אַביסל מאַכאָרקע, האָט ער געמיינט, אַז ער ווערט מעשוגע, און צו אַ גאָי אַ שאָכן איז ער אַרײַן בעטן לײַען אַביסעלע מאַכאָרקע... ער זאָגט, אַז דער רויך, אויסער וואָס ער צעשלאָגט אים די לייכעס, צעשלאָגט ער אים אויך די ראַיוינעס... און ראַיוינעס האָט ער זייער שווערע. ער קלערט וועגן גאָט, וועגן זײַן „האַשגאָכע", „מדוע דרך רשעים צלחה"[1], און דער גוטער מענטש, דער ערלעכער מאַן, ווערט אַזוי אויסגעריסן, לײַדט אַזויפיל!.. קלערנדיק אַזוי, פאַלט ער אַמאָל אַרײַן אין ספייקעס, אין מויעך גיט אים אַ קלאַפּ, ווי מיט אַ האַמער, אַ פראַזע פון אַן אַפּיקוירעס: עס איז אַלץ אַלפּי דערעך האַטעווע און עס איז ניטאָ קיין קאַשעס... באַ דעם ראַיען פאַרלירט ער זיך אינגאַנצן, אין קאָפּ הייבט זיך אָן מישן, אין די אויגן פינטלט... ער מאַכט מיט די הענט, ווי ער וואָלט זיך געראַנגלט מיט עמעצן, טרײַבט די בייזע געדאַנקען און... פאַרוי־כערט די ליולקע. און גלײַך מיטן ערשטן רינגעלע רויך פון דער ליולקע פאַרשווינדן די מאַכשאָוועס זאָרעס. די נעשאָמע באַרויִקט זיך און ער פילט, אַז ער ווערט ווידער א מענטש, ווי גאָט האָט געבאָטן...

1) פאַרוואָס גליקט דער וועג פון די בייזע מענטשן.

דער צווייטער טײַנעג זײַנער איז צו לערנען מיט זײַנע טאַל־מידים איִעוו, און דאָס איז זײַן העכסטער, ערהאָבנסטער פאַרגע־ניגן, זײַן ליכטיקער גאַניידן אין דעם פינצטערן גענעם...

ווען אָנהייב זמאַן קומט צו אים אָן אַ נײַער טאַלמיד אין כיידער אַרײַן, פרעגט אים כאַיִם די ערשטע זאַך:

— ווי האַלסטו שוין, ייִנגעלע, אין טאַנאַך?

— יעשאַיע, — ענטפערט דער נײַער טאַלמיד.

— און באַ מיר וועסטו אָנהייבן „איִעוו"... פאַרשטייסט — איִעוו... א פײַנער טאַנאַך איִעוו... גאָר אַ פײַנער...

דאָס ייִנגל דערשרעקט זיך לעכאַטכילע; ער האָט געהערט פון עטלעכע ייִנגלעך, כאַווײרים, אַז דאָס שווערסטע פון טאַנאַך איז איִעוו און כאַיִם־„איִעוו" „רעדט אויס" דאָרט זייער אַסאַך. ווי אָבער עס קומט צום לערנען, פאַרלירט זיך דעם ייִנגלס שרעק; אנשטאָט שרעק נעמט אים דורך אַ געפיל פון אַ זיסן טרויער, פון ראַכמאָנעס אף איִעוון און אַף דעם רעבן, וואָס ווײַזט אויס, לער־נענדיק, ווי איִעוו אַליין!.. דאָס ערשטע קאַפּיטל לערנט דורך כאַיִם איַילנדיק, אַזוי ווי אַן האַקדאָמע, וואָס איז עפּעס ניט אַזוי נייטיק. איִעווס אַשירעס, איִעווס האַצלאָכע אין די ערשטע יאָרן ווײַזט אים אויס אַ ניט־געשטויגענע, ניט־געפלויגענע מײַסע, ווי אַ בײַקע, וואָס עס קען גאָר קיינמאָל ניט טרעפן... ווי ער קומט אָבער צום שאָטן, צו איִעווס יעסורים, ווי אזוי איִעוו קראַצט זיך מיט א שאַרבן, דעמאָלט גייט ערשט כאַיִם אַרײַן אין זײַן עמעסער ראָלע און אין אַ פלאם־פײַערדיקער היסלאַוועס גייט ער אַרײַן אין קאַפּיטל ג:

— אחר כּן פּתח איוֹב את פּיהוּ ויקלל את יומו — און כאַיִם טײַטשט עס אָפּ מיט אַ געפיל: און נאָכדעם האָט איִעוו געעפנט זײַן מויל און האָט געשאָלטן דעם טאָג פון זײַן געבוירן...

און אָט אזוי צעבייזערט ער זיך און לערנט אַ פּאָסעק נאָך אַ פּאָסעק. זײַן טרויעריקער הייזעריקער ניגן גיסט זיך און פילט אָן דעם ענגן כיידער מיט שוידערהאַפטע קלאַנגען, מיט „קלאָג־לידער" אף דעם קראַנקן אָרעמען לעבן, אַף דעם אייביקן צאַר און ווייטיק... כאַיִמען אַרט ניט בעשאַס לערנען, צי די טאַלמידים זאָגן נאָך גוט, צי מיט גרײַזן, — עס דאַכט זיך, אַז ער איז גאָר קיין מעלאַמעד ניט: דאָס לערנט ער גאָר איִעוו פאַר זיך... און

ער קלאָגט און יאָמערט, בייזערט זיך און פּראָטעסטירט... ער לערנט אַ קאַפּיטל נאָך אַ קאַפּיטל; ער הערט אויס קאַלטבלוטיק די טרייסט־רייד פון איעווס גוטן פריינט אליפז התימני, וואָס איז אים געקומען דולן א קאָפּ מיט זיינע נאַרישע נעכאָמעס, און ענט־פערט ווידער בייז, קרעכצנדיק, פּראָטעסטירנדיק...

אַזוי לערנט ער אָפּ עטלעכע קאַפּיטלעך, ביז ער ווערט מיד. די זיסקייט פון ניגן, דאָס טיפע געפיל נעמט אים דאָס כאַיעס אַרויס.

ער רוט זיך אָפּ, פאַרויכערט די ליולקע און פארטראַכט זיך... און אַרויסלאָזנדיק געדיכטע שטיקער רויך פון מויל, גייט דורך אין זיין מויעך זיין גאַנץ לעבן. אוי, ווי ביטער, ווי פאַרשאָלטן!.. דאָס ווייב איז קראַנק, די קינדער קראַנק, פיר—פינף קינדער (ער געדענקט שוין אַליין ניט) זיינען פאַר קעלט און הונגער אויסגע־גאַנגען, שוין לאנג... ער אַליין קאַם, קאַם וואָס ער לעבט, די ברוסט טוט אים אַזוי וויי, די ביינער דאַרן שוין, האָבן שוין קיין זאַפּט ניט... אַ טיפער טרויער נעמט דורך זיין קראַנקע נעשאָמע שרייען ווילט זיך אים, שרייען און שעלטן אַזאַ לעבן...

און ער הייבט אָן אַפּדאָסנייַ איבערצוכאַזערן פון קאַפּיטל ג: אחר כן פתח איוב את פיהו ויקלל את יומו, און נאָכדעם האָט איעוו געעפנט זיין מויל און האָט געשאָלטן דעם טאָג פון זיין געבוירן!..

# דער בוים

עס איז געווען אַ לאַנגע גאַס, ווייניקסטנס, אין דעם ייִדישן קליין שטעטל האָט זי זיך גערעכנט פֿאַר דער לענגסטער. זי האָט פֿאַרמאָגט פֿערציק הײַזער, אויסער דער „כורווע", אין וועלכער קיי־נער האָט שוין זײַט צען יאָר ניט געוווינט. די אײַנוווינער פֿון דער גאַס זײַנען געווען דורכויס ייִדן. דער איינציקער גוי, וואָס איז געווען אין גאַס, איז אויך געווען אַ האַלבער ייִד: גערעדט ייִדיש, געהאַלטן פֿון אַסאַך ייִדישע מינהאָגים, וואָס זײַנען אַ סגולע צו געזונט, און ער האָט געוווינט אין אַ ייִדיש שטיבל, ווו בײַ דער טיר איז געווען צוגעשלאָגן אַ מעזוזע. אַזוי אַז די ייִדישע „אָרעמעלײַט", גייענדיק איבער די הײַזער, פֿלעגן זיי זײַן שטיבל אויך ניט דורכלאָזן און פֿלעגן אַמאָל כאַפּן בײַ אים— ניט אין אַ יאַקרעס־יאָר — אַ צוויי־דרײַ קאַרטאָפֿל...

דידאָזיקע גאַס האָט געהאַט צוויי ברונימס, איינער מיט אַן „אָצאָפּ" און דער צווייטער מיט אַ ראָד (דער ברונעם מיטן ראָד איז געווען אַ שטיקל נײַס אין גאַס, און די עלטערע ייִדן האָבן די ערשטע צײַט אַף אים „מיסראַעם" געווען, נאָכדעם זײַנען זיי אָבער געוווינט געוואָרן), אויך האָט די גאַס געהאַט אַן „איירעוו", צוויי גריבער, ווו די קינדער פֿלעגן זיך אין זאַמד שפּילן, און צוויי גאַנץ טיפֿלעכע רינשטאָקן בײַ די זײַטן פֿון דער גאַס.

עס פֿאַרשטייט זיך, אַז די לאַנגע גאַס, וואָס איז געווען באַ־זעצט מיט ייִדן, איז ניט געווען אײַנגעטוקט אין בוימער. די גאַ־סיקע ייִדן, וואָס האָבן אַלע גוט „לערנען" געקענט, האָבן גע־ווּוסט, אַז אַמאָל, אין ערעץ־ייִסראָעל, איז יעדער ייִד געזעסן אונ־טער זײַן ווײַנשטאָק און פֿײַגנבוים. אויך האָבן זיי געוווּסט פֿון די

צעדערביימער אין וואַלד לעוואָנוין און פֿון נאָך אַנדערע ביימער, וואָס ווערן אויסגערעכנט אין פּאָסעק... דאָ אָבער, אין כוץ־לאָ־אָרעץ, האָבן זיי פֿון די ביימער ווייניק געוווּסט; ניט קלאָר פֿאַר־שטאַנען, ווי אַזוי וואַקסט עס אויס אַ בוים. צווישן די כיידער־יינגלעך נאָר איז אומגעגאַנגען אַ „סאָד", אַז אויב מע זאָל פֿאַר־זייען די קערלעך פֿון אַן עפּל אין דער ערד, קען אין אַ צײַט אַרום אויסוואַקסן אַ בוים. נאָר עס איז מער ניט געווען ווי אַ קלער, קיין עמעסע עמונע האָבן די כיידער־יינגלעך דערין ניט געהאַט און האָבן זיך אַפּילע געפּוילט צו מאַכן אַ פּרווו אײַנצו־זייען אַזעלכע קערלעך.

און די לאַנגע גאַס האָט טאַקע נאָר איין איינציקן בוים גע־האַט, און יעדערן איז געווען אַ ווונדער ווי אַזוי קומט דער בוים אַהער.

דער באַלעבאָס פֿון דעם בוים, כאַיִם־יאַנקל דער שנײַדער, האָט אויך ניט קלאָר געוווּסט ווער האָט דעם בוים פֿאַרפּלאַנצט און ווי אַזוי ער איז אויסגעוואָקסן. זײַן טאַטע האָט דאָס געוויס ניט געטון, ווײַל אַז כאַיִם־יאַנקל איז נאָך אַ יינגל געווען, איז שוין דער בוים געווען אַזוי גרויס און דיק, ווי איצטער. כאַיִם־יאַנקלס „נאַכלע" איז אים אַריבערגעגאַנגען בירושע אַוואַדע פֿון אַ זעקסטן דאָר. עפּשער האָט די נאַכלע געהערט אַמאָל צו אַ גאָי און דער גאָי האָט אים פֿאַרפּלאַנצט?

נאָר ווי די מײַסע זאָל ניט זײַן, אַזוי צי אַנדערש, די „לאַנ־גע" גאַס האָט געהאַט אַ בוים און דער בוים איז געווען כאַיִם־יאַנקל דעם שנײַדערס. געוואַקסן האָט דער בוים נעבן שטיבל האַרט באַם פֿענצטער, וואָס האָט צו דער גאַס אַרויסגעקוקט, און כאַיִם־יאַנקל פֿלעגט בעשאַסן נייען קענען קוקן אַף זײַן בוים, וועלכן ער האָט ליבער געהאַט ווי אַלעס אין דער וועלט.

אום האַרבסט, ווען דער ווינט פֿלעגט בלאָזן, פֿלעגן דעמאָלט די צווײַגן זיך שאָקלען און רוישן טרויעריק אין פֿענצטער אַרײַן, ווי זיי וואָלטן עפּעס אַן אומעטיקע לאַנגאָנענדיקע מײַסע וועלן כאַיִם־יאַנקלען דערציילן, און דעמאָלט פֿלעגט כאַיִם־יאַנקל אומע־טיק ווערן, די נאָדל פֿלעגט ווי ווערן אַרויסשפּרינגען פֿון די פֿינ־גער, ביז ער פֿלעגט זי אינגאַנצן פֿון האַנט אַרויסלאָזן, אָנלענען

זיך צום פענצטער און פאַרטראַכטערהייט אונטערברומען מיט אַ האַלב־צעבראָכן קאָל:

אָז בהלך ירמיהו
על קברי אבות!..

און אין שטיבל פלעגט זיך דעמאָלט הערן ווי שטילע טריט פון מייסים...

זומער אָבער פלעג דער בוים מער רוישעם מאַכן אף כאַיִם־יאַנקלען: „מעלאָכע" איז געווען וויניק, צײַט צו פאַנטאַזירן — מער, און ער פלעגט אין דער לײדיקער צײַט לייענען אונטערן בוים, די צווײַגן פלעגן שטיל, פאָרזיכטיק רוישן, אַ פויגל פלעגט זיך אַמאָל פאַרגאַנווענען אַף זיי און טשיריקען, און כאַיִם־יאַנקל פלעגט דעמאָלט צומאַכן די אויגן און קלערן און טראַכטן פון עפּעס העכערס, ווי שער און אײַזן...

אין זומערדיקע שאַבאָסים, אַז עס פלעגט הייס זײַן, פלעגן אַמאָל קומען נאָענטע שכיינים אויסרוען אונטער בוים נאָכן טשאָלנט.

דעמאָלט פלעגט כאַיִם־יאַנקל האָבן גרויס קאָוועד. עס פלעגט אויך קומען טעוויע דער געמאָרע־מעלאַמעד, אַ הויכער דאַרער ייִד מיט אײַנגעפאַלענע באַקן. טעוויע פלעגט רעדן זייער שטיל, בעַ־נימעסדיק, און כאַיִם־יאַנקל האָט אים זייער געשעצט.

— ווילן מיר אַביסעלע אָפּרוען אונטער אײַער בוים, רעב כאַיִם־יאַנקל! — פלעגט טעוויע שטיל אויסרעדן, אויסציִענדיק זיך מיט אַ מידן שמייכל אונטערן בוים און ניט קוקן כאַיִם־יאַנקלען אין פּאָנעם בעשאַס ריידן.

— אָך, מיטן גרעסטן קאָוועד, רעב טעוויע! — פלעגט כאַיִם־יאַנקל קימאַט ווי אויסשרײַען. — מיטן גרעסטן קאָוועד! רוט אײַך אָפּ, מאכטייסע!

— כי האדם עץ השדה, — פלעגט טעוויע אַרײַנקומען אין אַ שטימונג, ליגנדיק אונטערן בוים, — אַ בוים, רעב כאַיִם־יאַנקל, איז געגליכן צו אַ מענטשן.

און כאַיִם־יאַנקל פלעגט אופהייבן די אויגן, באַטראַכטן די צווײַגן פון בוים, דעם שטאַם, ווי ער וואָלט געזוכט אַן ענלעכ־

קײַט צווישן אַ מענטשן מיט אַ בוים. קײן גרויסע ענלעכקײַט פלעגט ער ניט געפינען. דאָך פלעגט ער ענטפערן:

— אַוואַדע, וואָס דען, רעב טעוויע!

— אַ בוים לעבט אָבער לענגער, ווי אַ מענטש! — פלעגט רעב טעוויע באַלד סויסער זײַן זײַנע ווערטער און פלעגט זיך פאַנאַנ־דערהוסטן.

געהוסט האָט רעב טעוויע לאַנג און שווער, און יעדער הוסט האָט כאַים־יאַנקלען אָפּגעקלונגען ווי אַ שטימע, וואָס רעדט:

— רעב טעוויע וועט באַלד שטאַרבן, ער האָט די שווינדזוכט, און דער בוים וועט אונדז אַלעמען איבערלעבן...

אויך פלעגט אַן אַנדער שאַבעס קומען אָפּרוען אונטערן בוים זאָרעך ברײַנעס, דער „נאָגיד" פון גאַס. נײען בגאָדים פלעגט זאָרעך באַ אַ צווייטן שנײַדער, נאָר כאַים־יאַנקל פלעגט זיך ניט נויקעם זײַן אין אים, זיך ניט באַנוצט מיט זײַן שטאַרקײַט, וואָס ער קען אים פון זײַן בוים אַוועקטרײַבן, אַדעראַבע, ער פלעגט אים זייער שיין צונעמען, ווי ער וואָלט וועלן דעם נאָגיד באַווײַזן, אַז ער באַ־שטייט ניט אָן זײַן מעלאָכע...

— אַ ווױלער בוים! — פלעג רעב זאָרעך לויבן, באַטראַכטנדיק דעם שטאַם. — אַזאַ בוים מע זאָל צעהאַקן, קען קלעקן אַף אַ ווינ־טער הייצן... מיר איז אַ כידעש, וואָס דו צעהאַקסט אים ניט, כאַים־יאַנקל...

כאַים־יאַנקל פלעגט ווערן אָנגעצונדן פון אַזאַ פאָרלייגונג: „אַ כאַזער" וואָלט אַלץ וועלן אופעסן! — פלעגט ער אין האַרצן טראַכטן. נאָר רעב זאָרעכן פלעגט ער ענטפערן איידעלער:

— מע טאָר ניט האַקן, רעב זאָרעך! מע טאָר ניט! עס איז אַפילע אַ זינד צו זאָגן אַזוינס. אַ בוים, זאָגט רעב טעוויע, איז ווי אַ מענטש...

— כי האדם עץ השדה! — פלעגט טעוויע אונטערזאָגן ווי פון שלאָף.

— עט, נאַרישקײַט, עס איז נאָר אַ מאָשל!... — פלעגט דער „נאָגיד" אַ מאַך טון מיט דער האַנט. — נו, מע דאַרף אַ דרימל טון, ווערסט מיך אַ „וועק" טון אַזייגער דרײַ, וועל איך מיר גיין טרינקען אַ גלעזל „וואַרעמס"...

איין כיסאָרן האָט אָבער דער בוים געהאַט: עס האָט אַף אים „פּיירעס״ געוואָקסן, און דאָס האָט אים און כאַיִם־יאַנקלען געשאַדט.

וואָלטן כאָטש די „פּיירעס״ געווען געראָטענע, וואָלט דאָס אומגליק עפּשער ניט אַזוי גרויס געווען. כאַיִם־יאַנקל וואָלט זיך „מאַרבע הויצאָע״ געווען און וואָלט געזען, אַז דער בוים זאָל ניט שטיין אין „רעשוס האָראַבים״, ער וואָלט אים אַרומגעצוימט, צי ער וואָלט אים פֿאַרדונגען זעליג דעם „סאַדאָווניק״, און יענער וואָלט זיך שוין אַן אייצע געגעבן ווי אַזוי צו פֿאַרהיטן אים פֿון שלעכטע הענט.

האָבן אָבער אַפֿן בוים געוואַקסן נאָר ווילדע עפּעלעך. עסן האָט מען זיי געקענט שפּעט אין ווינטער, ווען זיי ווערן, ליגנדיק אַפֿן בוידעם, שטאַרק איבערגעפּרוירן. אַפּילע דעמאָלט אויך אַף סאָנים געזאָגט זייער טאַם, וואָס זיי האָבן. די גאַנצע מײַלע פֿון די עפּעלעך, וואָס זיי זײַנען אַ רעפֿוע צו אַ „טשאַד״, און פֿריידע, כאַיִם־יאַנקלס ווײַב, פֿלעגט טאַקע מיט דידאָזיקע עפּעלעך אָפּראַטעווען דאָס גאַנצע געזינד, ווען מע פֿלעגט ווינטער־צײַט פֿון די פּרעסלעך די קעפּ פֿאַרטשאַדען...

די גאַס־ייִנגלעך האָבן אָבער ניט געקוקט, וואָס די עפּעלעך זײַנען ווילדע, זייער געלט זײַנען זיי ווערט געווען... וואַרטן ביז די עפּעלעך וועלן איבערפּרירן אַפֿן בוידעם, זײַנען זיי דערויף צו היציק געווען, פֿאַר „טשאַד״ האָבן זיי אויך קײַן מוירע ניט געהאַט, און דעריבער, ווי עס פֿלעגט קומען אָנהייב עלעל און די עפּעלעך פֿלעגן באַקומען אַ געהעריקע צורע, פֿלעגן זיי יעדן „נאָכמיטאָג״, יעדן „בין מנחה למעריב״ באַלעגערן דעם בוים, וואַרפֿן אַף די שפּיצן צווײַגן, וווּ די עפּעלעך האָבן געדיכט געוואָקסן, מיט העלצער, שטיינער, און מיט געוויש און געפּילדער פֿלעגן זיי אָנלייגן פֿולע קעשענעס מיט „רויב״...

דערזעענדיק די מאַכנע קינדער באַם בוים, פֿלעגט כאַיִם־יאַנקלען אָנהייבן ציטערן הענט און פֿיס, ער פֿלעג ווי אַן אָפּגעבריטער אַרויסלויפֿן פֿון שטוב, אַראָפּוואַרפֿנדיק דאָס שטיקל אַרבעט פֿון דער האַנט אַף דער ערד, און פֿלעגט ברומען:

— שקאָצים, וואָס ווילט איר פֿון דעם בוים, איך וועל אײַך מיימיס זײַן! אַוועק!

די גאַס־ייִנגלעך פלעגן זיך לעכאַטכילע דערשרעקן און מיט אַ געפּילדערײַ און פּײַפערײַ זיך לאָזן אַנטלויפן. אין אַ ווײַלע אַרום, אַז זיי פלעגן באַמערקן, אַז כאַיִם־יאַנקל איז צוריק אין שטוב אַרײַן, פלעגן זיי זיך ווידער צוזאַמענקומען און מיט מער פרישקײַט זיך נעמען צום בוים...

און דעמאָלט פלעגט זיך אָנהייבן אַ מילכאָמע אַף לעבן און טויט. כאַיִם־יאַנקל פלעגט שוין אָנהייבן געברויכן „קלייזאַיען" און מיט אַ שטעקל פלעגט ער זיך לאָזן לויפן ווי אַ ווילדער טיגער נאָך דער מאַכנע ייִנגלעך; די ייִנגלעך פלעגן מיט אַ געלעכטער און הוראַ זיך לאָזן אַנטלויפן און ווידער קומען צולויפן...

אַמאָל פלעגט כאַיִם־יאַנקלען די געדולד פּלאַצן און ער פלעגט זיך לאָזן לויפן ווײַט, ווײַט נאָך די ייִנגלעך. דעמאָלט פלעגט ווערן אין גאַס אַ טומל, ייִדן מיט בערד, ווײַבער מיט קינדער פלעגן אַרויסלויפן פון די הײַזער און דערשראָקענערהייט איינער דעם אַנדערן פלעג פרעגן:

— וואָס איז דאָס? האַ?..

באַלד אָבער פלעג זיך דער טומל דערקלערן און איינער דעם אַנדערן פלעג באַרויִקן:

— גאָרנישט, גאָרנישט, כאַיִם־יאַנקל דער שנײַדער יאָגט זיך נאָך די ייִנגלעך... אַ שנײַדורע אַביסל! פרעג, וואָס זשאַלעוועט ער זיי די עפּעלעך! מער פון בויכווייטיק האָט מען פון זיי ניט.

דערהערנדיק אַזאַ מיִעסע מיינונג וועגן זײַנע עפּעלעך, פלעגט כאַיִם־יאַנקל נאָך מער צערייצט ווערן און פאַר קאַס פלעגט ער כאַפּן אַ ייִנגל און געבן אים אַ קלאַפּ.

— אוי — אוי! — פלעגט זיך דאָס ייִנגל הויך צעוויינען, — פאַרוואָס שלאָגט ער מיך? איך האָב גאָרניט געריסן...

— באַסיע! מע האָט אײַער ייִנגל געהאַרגעט! — פלעגט אַ שכיינע אָנזאָגן פאַר גוטפרײַנטשאַפט וועגן דעם ייִנגלס מוטער.

— זאָל אײַך אַ דונער אײַנשלאָגן! — פלעגט זיך די מוטער אָנעמען פאַר איר קינד, — וואָס שלאָגט איר עפּעס מײַן קינד? איר גיט אים עסן? זאָלן אײַך ווערים עסן! הער אַביסל! ער האָט אַ שטיקל בוים סאַמאַמאָוועסדיקע עפּעלעך, קאָכט די גאַס!..

און אַף כאַיִם־יאַנקלען פלעגט די גאַנצע גאַס אָנפאַלן און יע־
דער פלעגט אים זידלען און מאַכן צוגלייך מיט דער בלאָטע.
„געזעצטע באַלעבאַטים" אָבער פלעגן אים נאָר זאָגן ווייכן
מוסער:

— זאָגט אַליין, ווי שעמט זיך דאָס ניט אַ ייִד מיט אַ באָרד
צו האָבן אינזינען אַזעלכע נאַרישקייט: בוים, שמוים! דאָס פּאַסט
פאַר אַ גאָי, ניט פאַר אַ ייִדן... קינדער — זיי רייַסן, זאָלן זיי
רייַסן! עס האָט עפּעס אַ ווערדע די עפּעלעך, פּע, כאַלאָשעס!

— מיך אַרט ניט די עפּעלעך, — פלעגט כאַיִם־יאַנקל ענטפערן,
ווי מיט אַ וויינענדיק קאָל, — דעם בוים קאַלעטשען זיי מיר, די
צווייַגן צעברעכן זיי...

— צווייַגן — שמייַגן! — פלעגן די געזעצטע באַלעבאַטים ווי־
דער אָנהייבן מוסערן, — נו, זאָגט אַליין, זייַט איר ניט ערגער
פאַר די קינדער? אַ געשעפט האָט איר! אָט גייט אַהיים און
נעמט זיך צו דער אַרבעט! פּע, כאַלאָשעס! אַ ייִד מיט אַ באָרד!..

און כאַיִם־יאַנקל פלעגט זיך נאָך אַזאַ מוסער פילן, ווי אַ
קינד נאָך אַן אָפּגעטונענער נאַרישקייַט. ער פלעג פאַרשעמט אַ
קוק טון אַף דעם „מוסער־זאָגער", דערנאָך אַף דער אייגענער
באָרד, נאַריש אַ שמייכל טון און זיך לאָזן צוריק אַהיים גיין.

צוקומענדיק נאָך אַזאַ מייַסע צום שטיבל, פלעגט זיך כאַיִם־
יאַנקל שטעלן באַם בוים. אַף דער ערד נעבן בוים פלעגן זיך
וואַלגערן שטיקלעך אָפּגעבראָכענע צווייַגעלעך, אינדערהייך אַפן
שפּיץ בוים זייַנען אַ פאָר צווייַגן געהאַנגען אָפּגעבראָכענע און
האָבן אויסגעזעען ווי הארוגים. כאַיִם־יאַנקל פלעגט קוקן אַף די
צעבראָכענע צווייַגעלעך אַף דער ערד, אַפן בוים, קוקן, זיפצן און
מיט אַ געקלעמט האַרץ אין שטוב אַרייַנגיין...

אַזוי פלעגט יעדער עלעל ביז אַ שטיק אין האַרבסט רוישן
די גאַס, און דער איינציקער בוים האָט אין גאַס אַסאַך לעבן
געבראַכט...

עס זייַנען אַזוי איבערגעלאָפן אַ צענדליק יאָרן.

און די צען יאָר האָבן סימאָנים געלאָזן אין דער גאַס: די
„כורווע" איז צעלייגט געוואָרן, לויט דעם באַפעל פון אַ נייַעם

פּריסטאַוו, וואָס האָט געזאָגט, אַז אַזױנע כוואַליעס טאָרן „פּאָ זאַ־קאָנו" ניט שטיין; טעוויע דער געמאָרע־מעלאַמעד האָט זיך איינ־מאָל שטאַרק פאַנאַנדערגעהוסט, ניט געקענט כאַפּן דעם אָטעם און איז אַוועקגעשטאָרבן; זאָרעך דער נאָגיד האָט געוואָלט ווערן אַ גוויר, האָט געקויפט דריי הונדערט פּוד טרוקענע יאַגעדעס און האָט עס געהאַלטן אַף „ספּעקוליאַציע", האָט צוגעלייגט זיין אייגנס און האָט נאָך פאַרנומען אַ פינף און צוואַנציקער פרעמדע געלט און איז אַן אָרעמאַן געוואָרן.

און דער בוים אין גאַס איז נאָך אַלץ געשטאַנען, און אום האַרבסט, ווען דער ווינט פלעגט בלאָזן און די צווייַגן פלעגן טרויעריק רוישן, פלעגט כאַים־יאַנקל אַלץ אונטערברומען דעמ־זעלבן ניגן מיט דיזעלביקע ווערטער פון „קינעס":

אָז בהלך ירמיהו
על קברי אבות.

זומער אין אַ ליידיקער צייַט פלעג ער נאָך אַלץ ליגן אונטערן בוים און טראַכטן וועגן עפּעס העכערס פון שער און אייַזן... עלעל־צייַט פלעגט ער אַלץ האָבן צו טון מיט די קיידער־ייִנגלעך, וואָס פלעגן קומען באַלאַגערן דעם בוים, און די גאַס פלעגט אַלץ רוישן און קאָכן: עפּעלעך, בוים, כאַים־יאַנקל!

עס זייַנען אַוועק נאָך עטלעכע יאָר.

אַף טעוויע דעם מעלאַמעדס מאַצייווע זייַנען שוין אַ פּאָר ווערטער אָפּגעמעקט געוואָרן; זאָרעך דער נאָגיד איז שוין איינ־גאַנצן אַן עוויען געוואָרן. פריידע, כאַים־יאַנקלס ווייַב, איז גע־שטאָרבן, כאַים־יאַנקל איז שוין ווייַס געוואָרן, און דער בוים איז נאָך אַלך געשטאַנען...

דער בוים איז שוין אָבער אויך ניט דערזעלבער געוועזן.

— עפּעס ווייס איך ניט וואָס מיטן בוים איז געוואָרן! — פלעגט זיך כאַים־יאַנקל וועלן אַמאָל אויסרעדן דאָס האַרץ פאַר עמעצן. — עפּעס איז ער ווי אייַנגעבויגענער געוואָרן, שיטערער די צווייַגן און איז גאָרניט דער, וואָס אַמאָל.

נאָר קיינער פלעגט אים ניט ענטפערן:

— אַ נאַרישער שנײַדער! האָט אַלץ אַן אייסעק מיטן בוים, ער שמעקט, דאַכט זיך, שוין מיט „קוואָרעס־בלעטלעך״, ער וואָלט בעסער טילים זאָגן, עפּעס אָנגרייטן!

און כאַיִם־יאַנקל האָט מיט זײַנע מאַטע אויגן, מיט אַ געקלעמט האַרץ געקוקט, ווי דער איינציקער בוים אין גאַס שטאַרבט אָפּ צוזאַמען מיט אים...

— די קינדער האָבן אים אַוועקגעהאַרגעט! — פּלעגט ער וויי־נען אין דער שטיל, — דער בוים דאַרט, ער שטאַרבט אָפּ...

און כאַיִם־יאַנקל האָט זיך דערמאָנט אָן טעוויעס אָלאָוואַשאָ־לעמס ווערטער: כי האדם עץ השדה...

— אַ לאַמדן אַ ייִד געווען; אַ שאָד, וואָס ער איז געשטאָרבן...— פּלעגט כאַיִם־יאַנקל זיפצן אין אַזוינע מינוטן, פּלעג זיך אָנ־לענען אָן פענצטער, צוהערן זיך, ווי דער בוים רוישט קאָם מיט זײַנע עטלעכע איבערגעבליבענע צווײַגן, און כאַיִם־יאַנקל פּלעגט אַרײַנפאַלן אין אַ שווערער מאָרעשכוירע...

# דאָס געענדערטע הויז

אַ כוילע אין זעליקס הויזגעזינד איז אַפּילע ניט אַזאַ זעל־טענע דערשײַנונג, אָבער אויך צו אָפט איז מען בײַ זעליקן אין הויז ניט קראַנק געווען, ווײַל אַ כוילע האָט געהייסן ניט דאַפקע ווען עס שטעכט עמעצן, כאָלילע, אין אַ זײַט, צי עס ברעכט אַ פוס, צי אַ האַנט: אַזוינס פלעג איבערגיין פון זיך אַליין. אַ כוילע האָט שוין אָבער געהייסן, אַז מע קריגט „וואַרעמקײַט"... און מע מוז שוין ליגן אין בעט און גוט אײַנגעדעקט און עס איז נאָך אַלץ קאַלט. דאָ פלעגט שוין זעליק ווערן אַביסעלע אומרויִק און זיך געייִשעווט מיט דער ווײַב, זעלדען, וועגן אַ דאָקטער... צום כוילע, מעג עס שוין זײַן אַפּילע אַ דערוואַקסן קינד, אַ ייִנגל צי אַ מיידל, פלעגט מען שוין רעדן מיט די צערטלעכסטע ווערטער און זיך גאָרניט געשעמט, האַגאַם ס'האָט געקלונגען זייער ניט נאַ־טירלעך, און דער כוילע אליין האָט עס אויך ניט געקענט פאַר־טראָגן: דאָס וואָרט „טײַערע", אָדער „האַרץ מײַנס" האָט גע־קלונגען אין הויז פרעמדלעך, פונדעסטוועגן האָט עס אָפּן כוילע גוט געווירקט און ס'איז וואַרעמער געוואָרן פון טאַטנס צי פון דער מאַמעס גוטסקײַט... אויך די איבעריקע קינדער, די געזונטע, זײַנען שוין בעסער באַהאַנדלט געוואָרן, און פון דעם בעסערן און איידעלערן ביסן, וואָס מע האָט געגעבן דעם כוילע, האָבן זיי שוין אויך גענאָסן.

צוליבן כוילע האָט זיך שוין זעליק מיט זײַן ווײַב זעלדען אויך ווייניקער איבערגערעדט און האָט זיך ניט אַרײַנגעמישט, ווי זײַן שטייגער איז געווען, אין דער באַלעבאַטישקײַט. און

אויך זי אַליין איז צוליב אים, צוליבן כוילע, געוואָרן נעענטערי טײַערער.

— זעלדע, מיר דאַכט, אַז דו האָסט הײַנט נאָך גאָרניט פאַר־זוכט...

און אַנשטאָט צו ענטפערן אים, ווי איר שטייגער: „ניט דײַן באָבעס דײַגע״, פלעג זי שוין ענטפערן:

— עס קריכט, באָרעכאַשעם, ניט אין האלדז...

און זעלדע הייבט אָן אַ פאַרטרויערטע, אָבער מיט אַ מין יאָנטעוודיקן אויסדרוק, אופרוימען די שטוב, ווײַל ס׳איז אַ סוואָ־רע, אז מע וועט מוזן רופן דאָוויד דעם רויפע...

און איידער דער רויפע קומט נאָך, איז שוין אין הויז איבער־געביטן. אַפן טיש, וואָס איז אינמיטן וואָך, אויסער ווען מע עסט אמאָל צוזאַמען, שטענדיק אַ נאַקעטער, ליגט שוין אויסגעשפּרייט אַ האַלב־שאַבעסדיקער סערוועט.

און זעליק אליין פוצט שוין צו זײַן באָרד און כאַפּט אַפילע פאַרקעמען מיט די פינגער די האָר אונטערן היטל, כאָטש פאַרן רויפע נעמט ער דאָס היטל ניט אַראָפּ, נאָר לײַטישער אויסזען מוז מען אַפילע פאַר אים. ער גיט שוין אין איינוועגס אַ רייניק די קאַפּאָטע און קראַצט אָפּ מיט די נעגל די לײַכטערע פליאַמע...

און ביז דער רויפע קומט, ווערט די אָרעמע שטוב איבערגע־ביטן, ווי האַלב־יאָנטעוודיק.

און אָט קומט דער רויפע. דער רויפע איז אַפילע אַ מאַכמיר, נאָר קיין סאַקאָנע זעט ער ניט. די היץ איז בלויז נײַן און דרײַ־סיק גראַד. בלויז אַ נײַן און דרײַסיק. פונדעסטוועגן דאַרף דער כוילע זיך גוט אויסרוען אין בעט...

אַז דער רויפע, באַקומענדיק פאַר זײַן „גאנג״ די געוויסע מאַטבייע, גייט ארויס פונעם הויז, ווערט זעליקן אַף דער נעשאָמע אי לײַכט, אי שווער. „טאַקע גאָרניט, אָבער היץ איז ניט קיין שפּילכל״...

„מע וועט שוין זען, וואָס וועט ער מאָרגן זאָגן״.

און ביז מאָרגן איז אין שטוב שטילער און טרויעריקער, אָבער ס׳איז אויך דאָ די האָפענונג אף בעסערונג.

אַף מאָרגן קומט דער רויפע ווידער. דעם כוילע איז צוגעקו־מען אַ גראַד היץ.

— „פערציק״! — רופט דער רויפע אויס ווי פאַר זיך אַליין און פאַרקנייטשט טיפזיניק דעם שטערן.

און אַזוי ווי ער איז אַן ערלעכער רויפע, וואָס שטעלט ניט אַלץ אַף זיך אַליין, שלאָגט ער פאָר, אַביסל מיט געפאַלנקייט:

„איך מיין, אַז מע וועט דאַרפן רופן דעם דאָקטער״.

כאָטש דער דאָקטער וועט ערשט קומען האַלעוויי אַזייגער צוויי — איין דאָקטער אין שטעטל — פונדעסטוועגן דאַרף מען זען אַלץ צוגרייטן. דאָס וויכטיקסטע איז אַ טינט־און־פען. זעליק גע־דענקט נאָך פון פאַר אַ פאָר יאָר צוריק, אַז דער דאָקטער איז אַ גרויסער מאַקפּיד אַף דער פען.

נעמט זעליק און פרוווט אויס די פען. ווײַזט זיך טאַקע ארויס, אַז די פען איז גאָר שאָפל. דער שפּיץ איז, פון לאַנג ליגן אין טינטער, פארזשאַווערט געוואָרן און שרײַבט צו גראָב... מע וועט מוזן קויפן אַ נײַע פען, און די טינט אַליין איז שוין אויך צו וואַ־סערדיק.

און קויפן נײַע טינט־און־פען איז אַ גרויסער איניען. ער אַליין, זײַנע כעשבוינעס, וואָס ער האָט צו מאַכן פון זײַנע מיס־כאָרים, מאַכט ער עס אַמאָל מיט אַ קליין שטיקעלע בלײַפעדער, וואָס ער האָט פון לאַנגע צײַטן אָן, און אַמאָל טאקע מיט אַ שוואַרצער קויל...

שיקט ער אַרויס דאָס יינגערע קינד, שוין אויך אַ מיידל פון אַ יאָר דרײַצן, און גיט איר, באַהאַרצט, גאַנצע צוויי קאָפּיקעס.

„פאַר אַ קאָפּיקע טינט, פאַר אַ גראָשן אַ פען און פאַר אַ גראָשן צוויי בויגן פאַפּיר, גלאַטע״.

ער געדענקט נאָך פון אַ פאָר יאָר צוריק, אַז דער דאָקטער האָט ניט ליב צו שרײַבן אַף געווירעטן פאַפּיר. און איידער דער דאָקטער קומט, איז שוין אין הויז דאָ פרישע, שוואַרצע טינט, אַ נײַע פען און ווײַס, ריין פאַפּיר.

אַז דער דאָקטער ווײַזט זיך נאָך פאַרן הויז, גייט אים זעליק מעקאַבל־פּאָנעם זײַן אין פירהויז, און אַראָפּנעמענדיק דאָס היטל פאַר אים, פירט ער אים אַרײַן אין שטוב...

זעלדע באַגעגנט אים מיט אַ פאַרשוולדיקטן שמייכל.

דער דאָקטער, ניט קיין בייזער, נאָר טוט אַף זיך אָן אַ שטרענגן פּאָנעם, מע זאָל מער דערעכערעץ האָבן און גלויבן אין אים, גייט צו גלײַך צום בעט, צום כוילע...

זעליק וואַגט ניט נאָכצוגיין. בלויז די מוטער גייט אויך צו אַף די שפּיץ פינגער.

זעליק באַטראַכט דערווײַל די פּען. די פּען וועט דעם דאָק־טער שטאַרק געפעלן. ער איז זיכער.

דער דאָקטער פרעגט אויס אַף יידיש דעם גאַנג פון דער קראַנקײַט; ער רעדט, דאַכט זיך, יידישע ווערטער, נאָר פון זײַן מויל קומען זיי אַרויס אַנדערע... אַף יעדן וואָרט, וואָס דער דאָק־טער זאָגט אַרויס, דאָ פרעגנדיק און דאָ באַפעלנדיק, לייגט זעליק גרויס געוויכט און גרויס האָפענונג. די צוויי קליינע זילבערנע מאַטבייעס, וואָס ער האָט אײַנגעוויקלט אין אַ פּאַפּירעלע, האַלט ער שוין גרייט פאַרן „וויזיט"...

דער דאָקטער גייט צו צום טיש. זעליק איז אים מעשאַמעש, דערלאַנגט אים דעם טינטער און די פּען באַזונדער און נאָכדעם דאָס ווײַסע, גלאַטע פּאַפּיר.

דער דאָקטער רײַסט אָפּ אַן אַכטעלע, אַ שמאָל שטיקל פּאַפּיר פון ווײַסן בויגן, און פינטלט מיט דער פּען.

זעליק ווייסט, אַז דאָס שרײַבט ער אַף לאַטײַן, אַ לאָשן, וואָס נאָר דאָקטוירים קענען עס; דער דערעכערעץ איז גוואַלדיק גרויס. ער קוקט ביגנייווע אַף דער שנעלער האַנט־באַוועגונג פון דעם דאָקטער אַפן פּאַפּיר און זיפצט פריילעך־טרויעריק אונטער...

אַז דער דאָקטער גייט אַרויס, נעמט ער דעם רעצעפּט און באַטראַכט.

לויטער רעמאָזים, סוידעס...

טאַקע זײַנע אַ טאָכטער איז קראַנק, אָבער ער פילט, אַז פון דעם שטיקעלע פּאַפּיר וועט קומען די הילף.

אין אַפּטייק גייט ער אַליין. ס'איז ווידער אַ וויכטיקער אײַנ־יען: אַפּטייק, אַפּטייקער, אַ פּאָר רוסישע ווערטער... ער גיט אַוועק דאָס לעצטע געלט... אָבער וואָס גייט אים אָן געלט! אין שטוב איז אַ כוילע...

דאָס פּלעשעלע זעט אויס זייער שיין. צוליב דעם קאָליר פֿון דער רעפֿוּע איז דאָס רויט. אַ רויט פּלעשעלע; בײַ דער זײַט איז אָנגעהאַנגען אַ לאַנג שטיקעלע פּאַפּיר מיט אַ גאַנצער מעגילע אָנגעשריבן. דאָרט איז שוין אויך אָנגעשריבן וויפֿל מאָל אַ טאָג, צו וויפֿל טראָפּן און אין וויפֿל וואַסער.

נאָר דאָס וועט שוין דער רויפֿע פֿאַנאַנדערזאָגן.

און אַז דער כּוילע ווערט אין עטלעכע טעג אַרום געזונט, איז נאָך אין הויז אַלץ ניט ווי געוויינלעך. דער בעסערער ביסן, וואָס מע מוז געבן דעם כּוילע צו שטאַרקן אים, מאַכט יאָנטעוודיקער. די רייד אין שטוב זײַנען נאָך אַלץ צערטלעך, האַגאַם שוין ניט ווי פֿריִער, ווען דער כּוילע איז געלעגן אין בעט.

שפּעטער־צו פֿאַרגעסט מען, אַז אין הויז איז געווען אַ כּוילע. לעליק נוצט שוין דעם טינטער און פֿען אָף מאַכן אַ כעשבן וויפֿל האָט דער כּוילע אָפּגעקאָסט.

דעם כעשבן מאַכט ער טאַקע אַף דעם ווײַסן, גלאַטן פּאַפּיר, וואָס איז שוין געוואָרן אַביסל פֿאַרגרויט און פֿאַרשטויבט...

און די זיפּצן, וואָס ער לאָזט דערבײַ אַרויס, זײַנען געוויינ־זעכע, וואָכיקע, זיפּצן פֿון אַ גאַנץ יאָר.

דער כּוילע איז שוין פֿאָלקאָם געזונט...

# קרויווים

נאָך קינדוויַז האָט געדרשן געהערט אָפּט זײַן מאַמען רעדן וועגן איר שוועסטערקינד באַשע, וואָס וווינט אין דער גרויסער שטאָט. ווער רעדט, אַז די מאַמע איז אַמאָל געפֿאָרן אין דער גרויסער שטאָט צו אַ דאָקטער, האָט זי, צוריק קומענדיק, באַשען פֿון מויל ניט אַרויסגעלאָזט: באַ באַשען. האָט זי געגעסן, באַ באַשען איז זי געשלאָפֿן, באַשע איז מיט איר צום דאָקטער גע־גאַנגען, באַשע האָט איר אויסגעבאָרגט אַ פּעלטעלע, וואָס עס האָט איר געפֿעלט צו אַ בילעט, און אַזוי אָן אַ סאָף.

הערנדיק אַזוי אָפּט באַשעס נאָמען אין שטוב, האָט גערשן געהאַט אַ פֿאָרשטעלונג, אַז באַשע איז די בעסטע, די קליגסטע און די רײַכסטע אין דער וועלט, און אויך האָט זיך אים געדאַכט, אַז באַשע איז אַ הויכע, גײט ריין אָנגעטון און אַז זי רעדט, שמייכלט זי, אַזוי ווי יאָכע די גאַבעטע, וואָס גייט שטענדיק „צו־נויפמאַכן" פֿאַר אָרעמע קינפּעטאָרנס.

זײַענדיק אַזוי שטאַרק צופֿרידן מיט באַשען, האָט גערשענען נאָר איין זאַך פֿאַרדראָסן: באַשע איז זײַנע, אין גרונט גענומען, ניט גאָר קײַן נאָענטע קרויווע — סאַכאַקל אַ גליד־שוועסטערקינד. ווי גוט וואָלט געווען, לעמאָשל, ווען באַשע וואָלט געווען דער מאַמעס אַ פּלימעניצע, וואָלט זי געווען זײַנע טאַקע אַן עמעס שוועסטערקינד. אָט וואָלט געווען נאָענט! פֿונדעסטוועגן האָט גערשן זיך אַזוי אויך געהאַלטן מיט באַשען פֿאַר אַ נאָענטן קאָ־רעוו. ווײַל עס איז אַ סוואָרע, אַז דער מאַמעס אַ שוועסטערקינד איז זײַנע מער ווי אַ גליד־שוועסטערקינד, נאָר אַ שײַני בישלישי. אָט מיט באַשעס קינדער איז ער שוין גליד־שוועסטערקינדער. אַז

ער וועט ווען עס איז כאַסענע האָבן און באַשעס קינדער וועלן כאַסענע האָבן, וועלן באַשעס קינדער מיט זײַנע קינדער שוין זײַן גאָר ווײַטע קרוויוים — גליד־גליד־שוועסטערקינדער! נאָר וואָס דאַרף ער אַזוי ווײַט באַזאָרגן. ער אַליין אָבער איז באַשעס אַ שייני בישלישי, קימאַט אַ שוועסטערקינד...

אַז גערשן איז אַלט געוואָרן זיבעצן יאָר און האָט שוין געקענט „גוט" לערנען און אַביסל רוסיש, און דערצו אַלע פיר כעשבוינעס מיט פודן, פונטן, לייטן, זאָלאָטניקעס און געקענט אויסרעכענען וויפל סעקונדעס עס איז פאַראַן אין אַ יאָר און נאָך אַזעלכע קונציקע כעשבוינעס, מיט וועלכע די לערער אין שטעטל פלעגן עקזאַמענירן זייערע טאַלמידים, — האָט מען גענומען זוכן פאַר אים אַ טאַכלעס. באַלמעלאָכעס זײַנען שוין דאָ געווען אין מאָדע, אַפילו דעם שטעטלשן ראָוום אַן אייניקל האָט זיך געלערנט פאַר אַ זייגערמאַכער, און דאָס האָט שטאַרק געווירקט, אַז מע זאָל אַף אַ באַלמעלאָכע שענער קוקן. פונדעסטוועגן האָט טאַטע־מאַמע זייער גערשענען פאַר אַ באַלמעלאָכע ניט געוואָלט מאַכן. ערשטנס, איז ער געווען שוואַך אין געזונט, און צווייטנס איז ער שוין אַרויס פון די יאָרן. צו אַ באַלמעלאָכע אָפּגעבן איז גוט, אַז מע איז אַלט פערצן—פופצן יאָר, אָבער ניט אַ באָכער פון זיבעצן יאָר. אַזאַ באָכער מיט אַביסל רוסיש און אַזאַ „באַלכעשבן" (אַזוי האָט דער טאַטע געהאַלטן) קען טויגן נאָר אין קראָם פאַר אַ „פּאָמאָטשניק בוכהאַלטער", אָדער אַזוי צו פאַרשרײַבן אין בוך... אָבער אַזוי ווי אין שטעטל פירט יעדער קרעמער זײַן „בוך" אַליין אָן „פּאָמאָטשניק בוכהאַלטערס", איז באַ טאַטע־מאַמע געבליבן אַ פּלאַן שיקן אים אין דער גרויסער שטאָט, ביפראַט אַז ער האָט דאָרטן אַזאַ קרויווע — באַשע.

און אין אַ רעגנדיקן פרימאָרגן נאָך סוקעס איז גערשן אַרויסגעפאָרן אין דער גרויסער שטאָט.

פון שטעטל אין דער גרויסער שטאָט איז אַפילו געגאַנגען די אײַזנבאַן און אַ בילעט האָט געקאָסט פיר גילדן מיט צוויי קאָפּיקעס. אָבער פון שטעטל פלעגן אין דער גרויסער שטאָט אויך פאָרן באַלעגאָלעס, מיט וועלכע עס האָט געקאָסט דאָס פאָרן נאָר אַ פערטעלע פון, אַ פאַרשוין און פאַר אַזאַ ייִנגל, ווי גערשן—

בלויז אַ גילדן, ווײַל אַזאַ ייִנגל פּאַרט ניט, נאָר ער „פּאָרט אונטער".

געזעסן איז ער אַפּילע אין בויד, נאָר אַזוי ווי דאָס פּאָרן האָט געדויערט קימאַט אַ מעסלעס און דער רעגן האָט די גאַנצע צײַט געגאָסן, איז גערשן געקומען אין דער גרויסער שטאָט אַ דער־פרוירענער.

געקומען אין דער גרויסער שטאָט, איז דער באַלעגאָלע פּאַר־פאָרן אַף דער אַכסאַניע, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען פון גערשנס שטעטל. אָבער אַז גערשן איז אַראָפּ אַפן הויף און האָט זיך אָנגעקוקט אַף די גרויסע הײַזער וואָס אין הויף און אַף די פולע נײַע מענטשן, וואָס האָבן זיך דאָרט אַרומגעדרייט, האָט ער זיך דערפילט אַן עלנטער און אַ פרעמדער, און אַפּילע דער באַ־לעגאָלע, וועלכער איז זייערער אַ נאָענטער שאָכן, האָט אים אויך אויסגעוויזן פרעמד און בייז, און זײַן האַרץ האָט דורכגענומען אַ קלעמעניש און אַ בענקעניש...

אַז דער באַלעגאָלע זײַנער איז אַרײַן אין דער אַכסאַניע, איז גערשן, נעמענדיק דאָס קעסטל, אים נאָכגעגאַנגען, כאָטש ער האָט ניט געוווּסט צו וועמען און צי מעג ער — עס איז דאָך אַ פרעמדע שטוב. ער איז דאָך אַרײַנגעגאַנגען און האָט דאָס קעסטל אַוועקגעשטעלט נעבן טיש.

— ניין, זוניע! דאָ איז ניט קײַן אָרט פאַר אַ קעסטל. איך האָב בילכערע אָרכים...

דאָס איז געווען דער ערשטער באַרעכאַבע פון דער באַלע־באָסטע פון דער אַכסאַניע.

גערשן האָט אַ דערשראָקענער אופגעהויבן דאָס קעסטל און ניט געוווּסט, ווו אַוועקצושטעלן עס; ער האָט נאָר געקוקט מיט בעטנדיקע בליקן אַף דעם באַלעגאָלע, וואָס האָט אים געבראַכט.

— נו, באָכערל — האָט זיך דער באַלעגאָלע צו אים געווענ־דעט אַביסל היימיש — דאָ איז פאַר דיר קיין אָרט ניטאָ... דאָ, ברודער לעבן, קאָסט געלט... האָסט דאָך ערגעץ אַ קרויווע... גיי זוך זי אוף און וועסט דאָרטן שוין זײַן. זי וווינט אַפן „וואַל",

ניט וויַיט... בײַ שמועל דעם שויכעט אין הויז. וועסט פרעגן, וועט מען דיר ווײַזן...

דערהערט דאָס וואָרט קרויווע, האָט זיך געריסן דערמאָנט אָן באַשע, אָן זײַן שייני בישלישי, און אַ וואַרעמער שטראָם האָט דורכגעפּלייצט דורך זײַנע גלידער.

און פאַרגעסנדיק, צי ניט וועלנדיק זיך אָפּגעזעגענען מיטן באַלעגאָלע, איז געריסן אַרויס אַף דער גאַס, און אַ פערטל שאָ נאָכאַנאַנד האָט אין דער רוישנדער שווערער גרויסשטאָטיקער לופט געקלונגען אַ שטילע פראַגע פון אַ בלייכן, דערשראָקענעם ייִנגל:

„ווי גייט מען דאָ אַף דעם וואַל? שמועל דעם שויכעטס הויז?"

אַרײַנקומענדיק אין דעם גרויסן הויף פון שמועל דעם שויכעט, האָט געריסן אַ בליק געטון פון אַ פענצטער צוויי אויגן פון אַ הויכער רייך געקליידעטער ייִדענע. „דאָס איז באַשע!"— האָט אים אַ קלונג געטון אין קאָפּ, און ער האָט זיך גלײַך געלאָזט גיין צו יענער ווײַסער טיר, וואָס איז געווען נעבן דעם פענצטער, פונוואַנען די הויכע רייך געקליידעטע ייִדענע האָט אַרויסגעקוקט.

צוקומענדיק צו דער טיר, וועלכע האָט זיך געלאָזט פאָרט עפענען, האָט ער פאַר גרויס אופרעגונג, וואָס אָט אָט באַלד איז ער בײַ זײַן שייני בישלישי באַשע, אָנגעהויבן קלאַפּן מיט אַלע זײַנע קויכעס. באַלד האָט ער זיך אָבער אַליין איבערגעשראָקן פאַר זײַנע קלעפּ: ווער ווייסט וואָס ער האָט אָנגעמאַכט! די טיר האָט עמעצער געעפנט, און ער האָט פאַר זיך דערזעען די הויכע רײַך אָנגעטאָנענע ייִדענע מיט אַ בייזן בליק:

— וואָס קלאַפּט איר? — האָט זי געשריִען — וועמען דאַרפט איר?

און איידער ער האָט געענטפערט, איז שוין אין דער אָפענער טיר געשטאַנען עטלעכע קינדער; גרעסערע און קלענערע, און געריסן האָט געקלונגען אין קאָפּ: באַשעס קינדער, זײַנע גלידשוועסטערקינדער!... און אַ דערמונטערטער פון דעם געדאַנק, האָט ער צעהיצט אַרויסגערעדט:

— איך דאַרף באַשען... מײַנע אַ שוועסטערקינד...

אַנשטאָט אַן ענטפער, אָנשטאָט „אַ, סאַראַ גאַסט!‟, וואָס ער האָט אַף זיכער דערוואַרט, האָט ער דערהערט אַ הילכיקן געלעכטער פון די קינדער, וואָס זײַנען געשטאַנען אין דער אָפּענער טיר, און אַ בייזן ענטפער פון דער ייִדענע:

— ניטאָ דאָ קיין באשע... שלימאַזל איינער...

און ווידער אַ געלעכטער פון די קינדער און נאָכדעם אַ האַק מיט דער טיר...

און גערשן האָט זיך ערשט דערפילט עלנט, אָבער ער האָט ניט פאַרגעסן גאָט צו דאַנקען, וואָס דאָס איז ניט באשע, זײַן שייני בישלישי... אַזאַ שלעכטע, אַזאַ בייזע...

און ער איז געגאַנגען איבערן הויף און געזוכט די עמעסע באַשע, זײַן קרויווע, וואָס איז אַ הייסע, אַזאַ גוטע.

נאָר אין די אויערן האָט אים געקלונגען דאָס געלעכטער פון די קינדער און „ניטאָ דאָ קיין באַשע‟ פון דער ייִדענע און עס האָט אים עפּעס געשראָקן...

איבערטאַפּנדיק, שוין פאָרזיכטיקער, נאָך אַ צענדליק דירעס און אָנהערנדיק זיך זידלערײַען און באַליידיקונגען, איז אין אַ האַלבע שאָ אַרום גערשן אַרײַן אין אַ נידעריק הײַזל אין ווינקל הויף און, זײַענדיק זיכער, אַז דאָ איז דאָס געוויס ניט, האָט ער דאָך אַ פרעג געטון באַ אַ נידעריקער איינפאַך־געקליידעטער ייִדענע מיט אַ פאַרזאָרגט פּאָנעם:

— ווו וווינט דאָ באַשע?

— אַף וואָס דאַרפסטו זי? — האָט די ייִדענע אויסגעשטעלט פאָרשנד די אויגן און געקוקט ווי מיט שרעק און כשאַד.

— זי איז אונדזערע אַ קרויווע...

— וועמעס ביסטו? — האָט די ייִדענע געפרעגט און ניט אַראָפּגענומען די אויגן פון אים און פון דעם קעסטל, וואָס ער האָט געהאַלטן אין די הענט.

— איך בין כיענעס, פון בעדנאָווקע...

— דאָס בין איך, — האָט די ייִדענע קאַלט געענטפערט, — שטעל אַנידער דאָס קעסטל. וואָס טוסטו דאָ?

גערשן איז אַזוי מעוווּלוול געוואָרן, דערהערנדיק, אַז אָט די נידעריקע אָרעם־געקליידעטע ייִדענע איז דאָס טאַקע באַשע, פון

וועלכער ער האָט זיך אַזויפיל אָנגעהערט און צו וועלכער עס האָט אים אַזוי געצויגן, — אַזוי מעוווּלוול געוואָרן, אַז ער האָט ניט געקאָנט ענטפערן און איז נאָר געשטאַנען און געקוקט, ווי ער וואָלט וועלן פרעגן:

— זײַט איר טאַקע באַשע ? פאַרוואָס זײַט איר אַזאַ ני־דעריקע ?...

אין אַ ווײַלע אַרום האָט באַשע אים אַרײַנגעפירט אין שטוב. אַרום טיש זײַנען געזעסן דרײַ קינדער, צוויי מיידלעך און אַ באָכערל אין גערשנס יאָרן. זיי האָבן אַף אים אויסגעשטעלט מאָדנע פאַרוווּנדערט די אויגן, און איין מיידל האָט זיך אופגע־שטעלט און געפרעגט:

— מאַמע, ווער איז דאָס ?

— אונדזער אַ קאָרעוו... כיענעס פון בעדנאָווקע.

די קינדער האָבן זיך איבערגעקוקט און באַלד אָנגענומען זיי־ער פריִערדיקע פּאָזע, ווי קיין גערשן וואָלט ניט נאָר באַ זיי אין שטוב, נאָר אַף דער גאַנצער וועלט ניט געווען.

גערשן האָט אַף זיי געקוקט און געכעשבנט זײַן אַלטן כעשבן: זײַנע קינדער ווען עס איז און זייערע קינדער ווען עס איז וועלן זײַן גליד־גליד־שוועסטערקינדער. „ווייטע קרויווים!״— האָט ער אַ זיפץ געטון, פילנדיק, אַז אויך זיי, און אַפילע באַשע די „שייני בעשלישי״ אַליין, איז אים עפּעס ווײַט און פרעמד, און דערמאָ־נענדיק זיך, אַז זי האָט זײַן מאַמען געליִען אַ פערטעלע צו אַ בילעט, האָט ער זיך מאָדנע געוווּנדערט און ניט געגלויבט.

— וואַש זיך עסן! — האָט אים פּלוצלים איבערגעשלאָגן זײַנע מאַכשאָווועס באשעס קאָל.

נאָר אויך די גאַסטפרײַנטלעכקײַט האָט אים פרעמד געקלונ־גען. געווען איז גערשן הונגעריק, נאָר געגאַנגען איז ער זיך וואַשן ניט צוליב דעם עסן, נאָר צו פּאָלגן, וואָס די פרעמדע ייִדענע הייסט.

אַז ער האָט זיך געזעצט עסן און גענומען דעם ערשטן ביסן אין מויל, איז אין פאָרהויז עמעצער אַרײַן. אַ מיידל, גערשנס אַ גליד־שוועסטערקינד, איז צו אים אַרויס און צוריק אַרײַן און געזאָגט:

— מאַמע, אַן אָרעמאַן איז אַרײַן.
— זאָג אים, ניטאָ וואָס צו געבן.
און פֿאַר זיך האָט זי אונטערגעבּרומט:
— איך האָב אײגענע אָרעמעלײַט...
גערשן האָט עס דערהערט און האָט זיך געוואָרגן מיטן ביסן...

# די נײַע לאַטע

יאַנקעלע איז אַ ייִנגעלע פון זיבן יאָר, נאָר זעען זעט ער אויס ווי צען יאָר. אָבער דעריך איז ניט ער נעבעך שולדיק, נאָר די איבערגעגנייטע קאַפּאָטקעלע זײַנע. זי עלטערט אים פאַר דער צײַט, זי איז אַף אים זייער ברייט און לאַנג. בעשאַס מע האָט זי איבערגעגנייט פאַר אים, האָט די מאַמע בעדייע געהאַט, עס זאָל קלעקן אַף עטלעכע יאָר, ווײַל דאָס קינד האַלט אין וואַקסן. אויך דאָס היטעלע זײַנס איז אַן אַלטס און א גרויס,— פון טאַטנס קאָפּ,— און ער זעט אין זיי אויס עלטער אַף שטאַרקע דרײַ יאָר, און דער טאַטע זײַנער, ווען ער איז אין גוטן הומאָר, רופט אים „באַלע־בעסעלע"... און יאַנקעלע איז צופרידן.

ניט אַזוי איז אָבער מיט יאַנקעלעס הייזעלעך. זיי זײַנען גע־ווען זייער קורץ, די לעצטע צײַט זײַנען די „קאַלאָשעס" פון זיי צעפליקט געוואָרן, און באַ יאַנקעלען האָבן זיך נעבעך די הוילע קני אַרויסגעזעען, און די מאַמע האָט דורכן ווינטער ניט איין מאָל דערמאַנט איר כײַקלען.

— וואָס וועט זײַן, כײַקל, מיט אַ פּאָר הייזעלעך פאַר יאַנקע־לען ?— זיי זײַנען שוין צעבערעקלט געוואָרן.

און כײַקל פלעגט א קוק טון אַף יאַנקעלען, אים הייסן באַ־ווײַזן. יאַנקעלע פלעגט אופדעקן די פּאָלעס און אויסשטעלן די פיסעלעך, דער טאַטע כײַקל פלעגט מיט גרויס מעווינעס באַטראַכטן די „ריסן" אין די הייזעלעך און פלעגט ענטפערן:

— מע דאַרף זען מאַכן...

און א גאַנץ ווינטער האָט מען אַלץ געזעען צו מאַכן. עס איז אָבער אַ שווערער ווינטער געווען, מע האָט זעלטן א מעזומענעם גראָשן אין שטוב געזעען, און מע האָט ניט געמאַכט...

נאָך פּורים האָט יאַנקעלע שטאַרק גענומען מאָנען:

— מאַמע, נײ מיר „הייזעלעך"... מאַמע!

און די מאַמע האָט פאַרזיכערט, אַז ווי מע וועט נאָר אָפּבאַקן מאַצע, איז די ערשטע זאַך יאַנקעלען מאַכן הייזעלעך...

און דער טאַטע האָט אויך געזאָגט, אַז ווי נאָר די מאַצע וועט זײַן אין שטוב, וועט מען גיין אין קראָם און נעמען פאַר אַלע קינדער סכוירע און יאַנקעלען הייזעלעך, און עפשער א היטעלע וועט מען אויך קויפן...

מע האָט מאַצע קאָם אָפּגעבאַקט, עס איז געבליבן א וואָך צו פּייסעך און אין שטוב איז קיין גראָשן ניטאָ. כײַקל האָט אָפּגע־לייגט גיין אין קראָם אַף נאָך פּייסעך.

— נאָך פּייסעך וועט זיך אימירצעשעם ווײַזן אַרבעט!— האָט ער מיט ביטאָכן געזאָגט.

כײַקל האָט געהאַט אַ מעלאָכע אין האַנט — אַ מאלער איז ער געווען — און ביטאָכן אין האַרצן...

— וויל הייזעלעך!— האָט יאַנקעלע זיך געוואָרפן מיט א גע־וויין אַ פּאָר טעג פאַר פּייסעך.

— נו, יאַנקעלע, וויינען טאָר מען ניט! אין ווינקעלע שטייט דער בעזעם...— האָט כײַקל געסטראַשעט.

דער בעזעם איז אַפילע געווען אַן אַלטער, די ריטלעך צע־דאַרטע, און יאַנקעלע איז געווען מעסופּעק צי וועט די עלטערע שוועסטער, וואָס היט דעם בעזעם, ווי דאָס אויג פון קאָפּ, לאָזן רירן א ריטעלע,— דאָך איז ער באַלד שטיל געוואָרן.

אַף מאָרגן האָט ער אָבער זיך נאָך שטאַרקער פאַנאַנדערגעוויינט:

— נײ מיר הייזעלעך, מאַמע, האָסט דאָך צוגעזאָגט.— און יאַנ־קעלע האָט אָפּגעדעקט די פּאָלעס און ווײנענדיק אָנגעוויזן:

— זע, זע, צעריסן!... איך שעם מיך.

— וואָלסט עפשער זען צו קריגן עפּעס אַף הייזעלעך...—האָט די מאַמע זיך געווענדעט צו כײַקלען.

— עפשער גיין גאַנווענען!— האָט כײַקל כויזעק געמאַכט.

— ווייסט גאָר וואָס, יאַנקעלע,— האָט די מאַמע זיך פּלוצים ווי ערוואַכט,— כ'וועל דיר לייגן אַף די הייזעלעך לאַטעס, עס וועט זײַן שענער ווי נײַע...

— טאַקע ? — האָט יאַנקעלע מיט לוסטיקע אייגעלעך געפרעגט.

— אַף נעמאָנגעס, מײַן קינד... װעסט זעען. באַלד װעל איך אַרויסנעמען דעם קאַסטן פון אונטערן בעט, דאָרט ליגט באַ מיר אַוואַדע אַ האַלבער אַרשין קאָרט, פײַנער, אין „קעסטעלעך” !

— אין קעסטעלעך ! — האָט יאַנקעלע זיך נאָך מער דערפרייט. שוין לאַנג, אַז ער האָט כיישעק צו אַזאַ סאָרט בעגעד, נאָר ער האָט קיינמאָל ניט געהאַט קיין האָזע צו טראַכטן פון אַזאַ גליק.

און די מאַמע האָט אַרויסגענומען דעם קאַסטן פון אונטערן בעט און זיך גענומען זוכן דאָס שטיקל קאָרט אין „קעסטעלעך”.

זי האָט עס געפונען און געוויזן כײַקלען און יאַנקעלען.

— אַן אנטיק אין דער וועלט, — האָט כײַקל אויסגעשריִען, קעדיי צו אָפּנאַרן נאָך מער יאַנקעלען, — עס וועט זײַן גאָר רײַך, גאָר רײַך — האָט ער געדריקט די ווערטער און געזשמורעט מיט די אויגן צום ווײַב.

און יאַנקעלע איז געוועזן אַפן זיבעטן הימל, דאָס שטיקעלע סכוירע האָט אים אַנטציקט. ער האָט זיך גענומען ציילן די קעסטעלעך.

— איינס — צוויי — דרײַ — פיר — אוי, סאַראַ פולע קעס־טעלעך !...

— הײַנט באַנאַכט וועל איך דיר פאַריכטן, בעשאַס דו וועסט שלאָפן.

— עס וועט זײַן שיין ! — האָט יאַנקעלע מיט אַ שײַנענדיק פּאָנעם געזאָגט, האַלטנדיק דאָס שטיקל סכוירע.

— מאַמע, ווו האָסטו דאָס גענומען ?

— עס ליגט שוין באַ מיר לאַנג, איך האָב זיך גאָר פאַרגעסן.

באַנאַכט האָט יאַנקעלע אויסגעטון די הייזעלעך, זיך געלייגט אין בעט, און די מאַמע האָט גענומען זיך צו דער גרויסער רע־פּעראַציִע... איר שטערן האָט זיך געקנייטשט, די אויגן האָבן גע־גלאַנצט און דער מויעך האָט געאַרבעט...

יאַנקעלע איז געלעגן אין בעט און האָט ניט געקענט אײַנ־שלאָפן, אַלע ווײַלע האָט ער פון בעטל געפרעגט :

— נו, מאַמע, באַלד...

— שלאָף, שלאָף, מײַן קינד, עס וועט נאָך געדויערן.

נאָר שווער איז יאַנקעלען געווען אײַנשלאָפן. דאָרטן באַם טיש זיצט די מאַמע איבער זײַנע הייזעלעך, וועלכע דאַרפן מעגולגל ווערן אין עפּעס אַזוינס, וואָס זײַן מויעכל קאָן זיך בעשומויפן ניט פאָרשטעלן... און די ראַיוינעס האָבן אים שלאָפן ניט געלאָזט.

אַף מאָרגן פרי, ערעוו פּייסעך, האָט די מאַמע יאַנקעלען געוועקט:

— שטיי אוף, מײַן זון,—כ'האָב דיר פאַרטיק געמאַכט די הייזעלעך.

— וואָסערע הייזעלעך?— האָט יאַנקעלע, רײַבנדיק די פאַר־שלאָפענע אייגעלעך, געפרעגט.

— דײַנע הייזעלעך — פאַריכט.

אַז ער האָט די אייגעלעך גוט אויסגעריבן און זיך גוט אויס־געקראַצט די רעכטע און לינקע זײַט פּלייצעלעך, איז ער ערשט געקומען צו זיך און זיך ערשט דערמאָנט אָן דעם נעכטיקן האַלבן אַר־שין קאָרט אין די „קעסטעלעך", און זײַן פּענימל האָט גענומען שײַנען.

— שיין עפּעס? הא, מאַמע? — האָט ער אויסגעשטעלט זײַנע אייגעלעך...

— אַן אַנטיק! — האָט די מאַמע געשמייכלט, — נאַ, טו אָן.

יאַנקעלע האָט אַף גיך זיי אָנגעטון און אָנגעהויבן צו באַ־טראַכטן מיט אַן ערנסטן פּענימל.

— אַזוי ווי נײַע! — האָט ער פריילעך אויסגעשריִען, טאַפּנדיק די צוויי גרויסע לאַטעס, וואָס אַף יעדער „קאָלאָשע".

— נאָך שענער! — האָט די מוטער ביטער געשמייכלט.

— טאַקע שענער! — האָט יאַנקעלע אײַנגעוויליקט. — מאַמע — האָט ער צום סאָף באַמערקט,— אָט די לאַטע איז אַ שענערע פאַר דער אַנדערער — זי איז אַ קײַלעכדיקע, אַזוי ווי אַ ראָד...

— די אַנדערע איז אויך שיין, מײַן זון... — האָט די מאַמע אים געטרייסט.

ער האָט זיך פאָרזיכטיק אײַנגעוואַשן, ער זאָל כאָלילע ניט פאַרשפּריצן, די קײַלעכדיקע לאַטע, עס האָט זיך אים אָבער ניט אײַנגעגעבן. די עמעס שיינע קײַלעכדיקע לאַטע האָט זיך אַביסעלע פאַרשפּריצט, און יאַנקעלע האָט אַביסל צאַר דערפון געהאַט!... באַלד האָט זי זיך אָבער אויסגעטריקנט, ווײַל יאַנקעלע האָט זיך געשטעלט לעבן קוימען, וועלכן מע האָט געברענט אַף פּייסעך און ער איז ווידער פריילעך געוואָרן.

ער האָט אָנגעטון די קאַפּאָטקעלע און — אוי־ווי — ווידער אַ צאַר — די קאַפּאָטקעלע איז לאַנג און זי פֿאַרשטעלט אַזעלכע צוויי שיינע לאַטעס. אַז ער וועט אַרויסגיין אַף דער גאַס שפּילן, וועלן אַפילו די ייִנגלעך גאָרניט זעען...

— מאַמע, — האָט ער זיך געקלאָגט, — די קאַפּאָטע איז אַ לאַנגע — עס זעט זיך ניט די לאַטעס אַרויס...

— ס׳אַ דאַגע, מײַן זון, — האָט די מאַמע מיט אַ זיפֿץ אים געטרייסט, — אַז מען זעט ניט, איז נאָך בעסער...

— איך וויל ניט, וויל ניט!... — האָט ער זיך קאַפּריזנע געוואָרפֿן, — שנײַד מיר אונטער די קאַפּאָטקעלע.

— שפּעטער, מײַן זון, — האָט די אָרעמע מוטער אים פֿאַרשפּראָכן, — עס אָפּ פֿריִער דעם כאָמעץ, באַלד וועט מען דאַרפֿן טראָגן אַפּן בוידעם.

אַז ער האָט אָפּגעגעסן אָנבײַסן און איז אַרויס שפּילן אַפּן הויף, וועלכן די פֿרילינג־זון האָט שוין אַביסל אונטערגעטריקנט, האָט ער גלײַך געפֿונען אַ קאָמפּאַניִע ייִנגעלעך, אַלע אין נײַע בגאָדימלעך.

— דיר, יאַנקעלע, האָט מען גאָרניט גענייט אַף פּייסעך? — האָט אים אַ ייִנגעלע געפֿרעגט.

יאַנקעלע האָט גאָרניט געענטפֿערט, נאָר מיט שטאָלץ פֿאַרקאַטשעט די קאַפּאָטקעלע און געוויזן די צוויי נײַע לאַטעס.

די ייִנגעלעך האָבן זיך פֿאַנאַנדערגעלאַכט.

— וואָס לאַכט איר, וואָס? — איז יאַנקעלע אין קאַס געוואָרן, און פֿאַר פֿאַרדראָס, וואָס זיי שאַצן ניט אָפּ די שיינקײַט פֿון די לאַטעס, שיר וויינען ניט אָנגעהויבן.

— כי־כי־כי — נײַע לאַטעס... כי־כי־כי!...

— אַוועקט! — האָט ער אויפֿגעהויבן אַ שטיקל בלאָטע און אַ וואָרף געטון פֿאַר קאַס — אַוועקט!... און מיט פֿאַרדראָס איז ער אַליין אַוועק.

אונטערשנײַדן דאָס קאַפּאָטקעלע האָט שוין יאַנקעלע ניט געוואָלט. ער האָט שוין פֿאַרשטאַנען, אַז נײַע לאַטעס זײַנען ניט אַזאַ גרויס גליק, ווי ער האָט זיך פֿאָרגעשטעלט...

# דאָס בענטשערל

גערשן — אַ צעניאָריק טאַלמוד־טוירע־ייִנגעלע — האָט געהאַט כיישעק צום קליין סידערל, וואָס האָט זיך געפונען באַם פאַקנ־טרעגער אין קאָשעק, ווײַל דאָסדאָזיקע סידערל איז געווען אין אַ רויטן אײַנבונד און די אויסיִעס אַפן טאָוול זײַנען געווען עמעסע גאָלדענע און האָבן געפינקלט נאָך בעסער ווי גאָלד. נאָר פאַר דעם סידערל האָט דער פאַקנטרעגער געבעטן אַ גילדן, און גערשן האָט מער ניט געהאַט, ווי אַ פירערל, וואָס ער האָט אַליין פאַרדינט באַ זײַן מאַמען, גרוינע די אַלמאָנע. האָט ער זיך מעיאַ־שעוו געווען, אַז ער וועט נאָר קויפן דאָס בענטשערל. עמעס, בענטשן קען ער אויסווייניק, אָבער אין בענטשערל שטייט דאָך ניט נאָר בענטשן אַליין: דאָרטן שטייט קרישמע, ציצעס־בענטשן און אַפילע בראָכעס, און דערצו איז נאָך דאָס בענטשערל אַ קליינס, מיט רויטע פאָדער־בלעטלעך, און שיין צוזאַמענגענייט.

און גערשן האָט עס אָפּגעקויפט פאַר אַ פירערל.

געקומען אַהיים, האָט אים די מאַמע געגעבן עסן וועטשערע — פאַרפל.

— וואָרט, ווי מאַכט מען אַ בראָכע אַף פאַרפל? — האָט ער צו זיך אַליין גערעדט. דער שייגעץ האָט געוווּסט, אַז אַף פאַרפל מאַכט מען „מעזוינעס", נאָר ער האָט געוואָלט זיך אַליין אָפּנאַרן, אַז ער בויִך דאָס בענטשערל נייטיק צו האָבן, אַז ער האָט עס געקויפט ניט, כאָלילע, דערפאַר, וואָס ער איז אַ צעלאָזן ייִנגל און פאַרשווענדט גלאַט אומזיסט געלט, נאָר אַדעראַבע, ווײַל ער איז אַן ערלעך ייִנגל, וואָס מוז האָבן אַ בענטשערל, ער זאָל וויסן ווי אַזוי מע מאַכט אַ בראָכע.

— אַף פֿאַרפֿל מאַכט מען מעזוינעס,— האָט ער הויך געלייענט.
— וואָס לייענסטו דאָרטן? — האָט די מאַמע, פֿאָרענדיק זיך באַם פּריפּעטשיק, געפֿרעגט.
— איך האָב געקויפֿט אַ בענטשערל! — האָט גערשן געזאָגט מיט אַ גלאַנץ אין די אויגן.
— ניט קיין נאַרישקייט, — האָט די מאַמע אים נאָכגעגעבן, — וויפֿל קאָסט?
— אַ פֿירער... זעסט — אַ טייער בענטשערל,— האָט ער געלאָזן די טעלער פֿאַרפֿל און צוגעטראָגן דאָס בענטשערל צום אויוון.
די מאַמע, ניט קיין געלערנטע, האָט עס גענומען אין דער האַנט, אַרייַנגעקוקט אין דעם און מיט אָפּשייַ געענטפֿערט:
— אַ גוט בענטשערל — ווערט אַ פֿירער. זייַ נאָר אַ ייִד און וויל לערנען.
גערשנקע עסט אָפּ וועטשערע און זאָגט די בראָכע־אַכרוינע.
— ווערט אַ פֿירער! — טרייסט ער זיך נאָך דער בראָכע־אַכרוינע, כאָטש דער שייגעץ קאָן די בראָכע־אַכרוינע ווי אַלע בראָכעס. אַ, וואָס פֿאַר מאַכאָלים עס טוט זיך אַף דער וועלט! גאַנצע פֿיר בלעטער אייַנגעטונקען מיט גוטע זאַכן!
— „אַגרעסן, וואָס מע קאָן זיי עסן רויע"... ע... דאָס ווייס איך... — ער לייענט ווייַטער.
— „אוגערקעס"... דאָס ווייס איך אויך...
— „אייַנגעמאַכטס" — אייַנגעמאַכטס עסט מען, דאַכט זיך, פּייסעך... מאַמע, ווען עסט מען אייַנגעמאַכטס?
— ווען גאָט העלפֿט! — זיפֿצט די מאַמע...
— „אייער"... אייער עסט מען צום סיידער, דאָס ווייס איך...— ער לייענט ווייַטער.
— „אינגבער"... אַ', אינגבער איז אַ גוטע זאַך. אינגבערלעך פֿאַרקויפֿט מען נעבן טאַלמעטוירע צו גראָשן אַ שטיקל... עס איז גאַנץ געשמאַק...
— „פּייַכטע" — מאַכט מען „האַדאָמע", „טרוקענע" אָן אַ בראָכע... ע... די ייִדענע פֿאַרקויפֿט טרוקענע, קאַם וואָס מע בייַסט אייַן...
ער לייענט ווייַטער:

— „און אַזוי איז דער דין באַ פּעפּער"... ע... פּעפּער איז בלאָטע... פּעפּער האָט ער פֿײַנט.

— „אַרבעס, פּאַסאָלעס" — דאָס איז גאָרנישט...

— „לימענע־שאָלעכץ"... — דאָס ווייס ער ניט.

— מאַמע, וואָס איז דאָס לימענע־שאָלעכץ?

— לימענע־שאָלעכץ...— פֿאַרטראַכט זיך די מאַמע: — צי זאָל דאָס ניט זײַן אָפּטמאָל אַזאַ מין ציטרין?

— אַ ציטרין ווייס איך!... — שרײַט גערשן אויס, — עס איז זויער... איך ווייס!

ער לייענט ווײַטער, און וואָס ווײַטער ער לייענט, קריכט ער אַלץ אַרײַן אין אומבאַקאַנטערע מאַכאָלים, וואָס ער האָט קיינמאָל זייער נאָמען אַפילע ניט געהערט. איבערהויפּט געפעלט אים דער מײַכל „סטרודל", אַף וואָס מע מאַכט „מעזוינעס".

— וואָס איז דאָס סטרודל, מאַמע?

— לאָמיר מײַן זון אַזוי ניט וויסן פֿון בייז, ווי איך ווייס ניט וואָס דאָס איז, עס מוז זײַן אַזאַ געפילט טייגעכצל.

— עס מוז זײַן געשמאַק — איז זיך גערשן מעשאַער.

— מיסטאָמע איז דאָס ניט שלעכט,— גיט אים נאָך די מאַמע.

גערשן לייענט ווײַטער, ער פֿאַרטיפֿט זיך שטאַרק אין בענטשערל. אים איז ניט אַזוי וויכטיק די בראָכע, ווי די מאַכאָלים, די בראָ־כעס זײַנען גאָר פּאָשעטע: אָדער „האַדאָמע", אָדער „מעזוינעס", אָדער „שעהאַקל", די מאַכאָלים אָבער זײַנען אַזויפֿיל און אַזוי פֿאַרשידן!...

ענדלעך ווערט ער מיד און, דאַכט זיך, ווי ברויגעזלעך, פֿאַראַן אַזויפֿיל גוטע מאַכאָלים אַף דער וועלט און ער ווייסט פֿון זיי גאָרנישט! פֿאַרוואָס איז עס אַזוי? ער איז אַזאַ ערלעך ייִנגעלע — ער האָט פֿאַרן לעצטן פּירערל געקויפֿט אַ בענטשערל. עפּעס פֿילט ער, אַז עמעצער האָט אים געטון אַן אַוולע און ער ווייסט ניט ווער...

ער לאָזט דאָס צעטל פֿון די מאַכאָלים און נעמט זיך צו די אַנדערע בראָכעס...

„אַף אַ דונער מאַכט מען: „שעקויכוי אוגוווראָסוי"... ע... צו זומער איז נאָך ווײַט, טראַכט ער, און אַף שנײ מאַכט מען ניט קיין בראָכע.

„אַז מע טוט אָן אַ נײַעם בעגעד, מאַכט מען: „באָרוך אַטאָ מאַלביש אַרומים״.

דאָס איז שוין יאָ אַ אינטערעסאַנטע בראָכע. נאָר וואָס אײ־די פּולע, אַז ער טוט קיינמאָל ניט אָן קיין נײַ בעגעדל, אַלץ געלאַטעט און געלאַטעט. די מאַמע האָט אַ גרויסן קנויל פּאָדעם און לאַטעט ראַק.

— מאַמע, אַף פּייסעך וועסטו מיר נייען אַ בעגעד? — פרעגט ער.

— האַלעוויַ, מײַן זון.

„עט, זי וועט ניט נייען״, — איז ער זיך מעיאַעש, די בראָכע „מאַלביש אַרומים״ וועט ער קיינמאָל ניט דאַרפן מאכן... קיינמאָל ניט! און וואָס האָט ער גאָר געדאַרפט דאָס בענטשערל, אַז קיין זאַך האָט ער ניט!

# די וואַזאָנעס

דאָס שטיבל, וואָס איז באַוווינט געווען פון דער זיבן־פּאַר־שוינענדיקער פאַמיליִע, איז געווען זייער קליין. אָבער די האַנט פון דער עלטערער צוואַנציק־יעריקער טאָכטער, ביילקע, האָט עס שטענדיק געהאַלטן אין ריינקייט און ציכטיקייט. די מאַמע אַליין, כיענע, איז אַפילע אויך געווען אַ בעריע, אָבער דער מאַמעס בעריעשקייט האָט זיך מער אויסגעדריקט אין פּראַקטישער אַר־בעט; זי פלעגט באַקן אַליין ברויט, וואַשן גרעט, לאַטען העמדער און צירעווען זאָקן. אין די אַלע אַרבעט איז זי געווען באַרימט אין דער גאַנצער גאַס. די טאָכטער אָבער האָט זיך בלויז אָפּגע־געבן מיט אויסערלעכער שיינקייט. נאַטירלעך, פלעגט זי מוזן העלפן דער מאַמען אויך אין דער פּראָסטער אַרבעט. אַ געבעק ברויט אָפּצובאַקן איז ניט פון די גרינגע זאַכן, און ביילקע פלעגט מוזן העלפן פאַרקנעטן דעם ברויט אין דייזשע, אויך די וועש, וואָס עס פלעגט זיך אָנקלייבן פאַר אַ מאָנאַט צייט, איז ניט גע־ווען פאַר דער מוטערס קויכעס אַליין צו צעוואַשן — אָבער די־דאָזיקע אַרבעט פלעגט ביילקע טון אויס פליכט און ניט מיטן גוטן ווילן.

מיט ליבע פלעגט ביילקע טון בלויז יענע אַרבעט, וואָס האָט געהאַט אין זיך שענקייט: שטריקן סערוועטן, העפטן די ווייסע פאָרהענגלעך, אויסנייען אַף די ציכלעך מיט רויטע באַוול דעם נאָמען, און אין אַ פרייער צייט — אויסנייען אַף קאַנווע פאַרשיי־דענע פייגל און כאַיעס.

אָבער דאָס פלעגט איר ניט לייכט אָנקומען. פון איין זייט, די הויצאָעס, וואָס עס פלעג קאָסטן דאָס מאַטעריאַל דערוף, וואָס

דער טאַטע, כאַים, אַן אָרעמער טוווע־הענדלער, האָט איר קיינ־מאָל ניט געגעבן, און זי פלעגט עס מוזן אַליין פאַרדינען, טאַקע פון דערזעלבער אַרבעט פאַר אַנדערע מיידלעך, וואָס האָבן אויס־נייען און העפטן אַליין ניט געקענט; און פון דער צווייטער זײַט, איז דער טאַטע געווען פון דידאָזיקע „שמאָכטעס״, ווי ער פלעגט עס אָנרופן, זייער ניט צופרידן. — „לייבן, בערן, לעמפערטן, פּי־פּערנאָטערס!״ — פלעגט ער מורמלען, זעענדיק די טאָכער באַ איר אַרבעט — „עס איז מיר מער ניט אין קאָפּ, ווי אַזוינע נאַרישקײַטן״...

אָבער דאָס פלעגט אַראָפּ ענדלעך גלאַט. און ווער ווייס, טיף אין האַרצן האָט עס אים עפּשער האַנאָע געטון: אַ קונץ איז עס דאָך, מע זאָל פון געוויינלעכע פּאָדעם אויסנייען לעבעדיקע זאַכן...

אַז דער טאָכטערס כאַיעס און פייגל האָבן געלעבט, האָט ער גע־זען באַשײַנפּערלעך. עמעס, קיין לעבעדיקן לייב און לעמפּערט האָט ער קיינמאָל ניט געזען, אָבער ער האָט פאַרשטאַנען מיטן סייכל, אַז אַזוי זען דידאָזיקע כאַיעס אויס. און די פּאָר פייגל, וואָס זי האָט אויסגענייט, דערקענט ער דאָך גלײַך, אַז זיי זײַנען עמעסע. פייגל זעט ער אַלע טאָג אַפן הויף, ווען זיי קומען פּיקן די טוווע-קערנדלעך, וואָס זײַנען אַפן הויף צעשאָטן. ער צע־טרײַבט זיי גלײַך: זיי שטערן אים דעמאָלט אין מיסכער...

אַזוינס צו מאַכן מיט דער נאָדל איז טאַקע אַ בעריעשקײַט. דאָס איז ער מוידע. אָבער אַלץ באַ זיך אין האַרצן, און אויך נאָר אין אַ שאַבעס־טאָג, ווען ער וואַרפט פון זיך אַראָפּ די זאָרג פון פּאַר־נאָסע... איינמאָל, טאַקע אין אַ שאַבעס, ווען ער איז געווען באַ־זונדערס גוט אופגעלייגט, האָט ער זײַן מיינונג אַרויסגעזאָגט הויך:

— גאָר נישקאָשעדיק, כ'לעבן... דער לייב איז האַפּלע...

אָבער דאָס ראָוו טעג פון וואָך, איבערהויפּט ווען דער האַנדל גייט ניט פויגלדיק, קוקט ער אַף די פייגל און כאַיעס בייז און אָנגעשטויסן. אים דאַכט זיך, אַז זיי קוקן אַראָפּ פון די אָרעמע ווענט מיט כויזעק...

און דאַמאָלס ברומט ער ווידער בייז און סאַרקאַסטיש:

— וואָראָנעס, סאָראָקעס, פּיפּערנאָטערס... אַ כאַרפּע פאַר לײַטן...

— זיי בעטן באַ דיר עסן? — פֿאַרטיידיקט די מוטער די אָרעמע פֿייגל און כאַיעס, קוקנדיק אַף זיי מיט גרויס אָפּשײַ.

— ווייניק קאָסטן זיי, וואָס! — ברומט ער צוריק...

— ניט פֿון דײַן פּאַרנאָסע מאַכט זי עס, — ענטפֿערט די מוטער...

דאָ בלײַבט ער צוריק שטיל און לאָזט די פֿייגל מיט די כאַ־יעס הענגען אַף דער וואַנט אין פֿרידן.

אָבער מיט די פֿייגל און כאַיעס אַף די ווענט האָט זיך ביילקע ניט באַנוגנט. געוואָלט האָט זי דאָס קליינע שטיבל פֿאַרוואַנדלען אין אַ פּאַלאַץ, און אויב פּאַר מעבל איז קיין געלט ניטאָ און קיין פּלאַץ ניט אַפֿילע, ווו אַוועקצושטעלן עס — איז אָבער נאָך פֿאַראַן גענוג מיטלען צו קריגן פֿאַרן שטיבל שיינע זאַכן אָן געלט און אויך פּלאַץ אַף אַוועקצושטעלן עס.

און ביילקעס פֿאַנטאַזיע איז דערפֿלויגן ביז וואַזאָנעס...

אַ וואַזאָנע קאָסט ניט טײַער. פֿאַר אַ צענערל קען זי קויפֿן צוויי—דרײַ טעפּ און פֿאַרפֿלאַנצן אין זיי בלומען. די צוויי פֿענצ־טער, וואָס דאָס קליינע שטיבל פֿאַרמאָגט, האָבן אונטן גענוג פּלאַץ אַף אַוועקצושטעלן זיי.

— אַך, ווערט עס זײַן שיין!

און ביילקעס פּאָנעם שטראַלט בלויז באַם געדאַנק וועגן וואַ־זאָנעס.

און אַנדזשיע, די טאָכטער פֿון קעגנעבערדיקן גאָיעשן שאָכן, איז זייער אַ גוטע שיקסע, מיט ביילקען לעבט זי, ווי לעהאַוודל מיט אַ שוועסטער. זי האָט אַפֿילע פֿאַרטרויט איר וועגן איר ליבע צו אַנטאָשן, וואָס וווינט אין עק גאַס און זי זעט זיך מיט אים אַלע טאָג און אַמאָל שפּעט אין אָוונט אין פֿעלד... ביילקע איז אַף דעמדאָזיקן „ליובאָוו" מאַסקים, זי קען אַנטאָשן גוט און אַנער־קענט אַלע זײַנע מײַלעס: אַ שיינער, אַ גוטער און אַ פֿריילע־כער. זי האָט אים אַמאָל געהערט שפּילן אַפֿן האַרמאָניק, איז זי געוואָרן אויסער זיך: אַזאַ שפּילער האָט זי אין איר לעבן נישט געהערט... אַלערליי וואַלסן, אַלערליי פּאָלקעס האָט ער אויסגע־שפּילט. אַנדזשיע איז אנטציקט פֿון ביילקעס גוטער מיינונג וועגן

איר אַנטאָשן, און זייער פרייַנטשאַפט איז די לעצטע צייַט נאָך שטאַרקער...

און אַז ביילקע האָט איר פאַרטרויט איר פאַרלאַנג צו האָבן וואַזאָנעס, האָט אַנדזשיע אָנגעהויבן טאַנצן פאַר פרייד:

— מייַן טייַערע, מייַן גאָלדענע, מייַן נעשאָמע... וואַזאָנעס!... וואָס פרעגסטו?... איך גיב דיר די בעסטע פלאַנצונגען... וועסט עס אייַנזייען אין טעפּ און וועסט האָבן אין אַ פּאָר כאַדאָשים אַרום די שענסטע וואַזאָנעס... אָט אַזוי הויך!...

און אַנדזשיע האָט אופגעהויבן אירע הענט און געוויזן, ווי הויך די וואַזאָנעס וועלן אויסוואַקסן אין צוויי כאַדאָשים אַרום...

די ערשטע פּאָר וואָכן האָט דעם סאָד פון די וואַזאָנעס בלויז געוווּסט די מוטער אַליין. זי האָט אַפילע געזאָגט, אַז אין ענגשאַפט איז דאָס אַן איבעריקע זאַך, אָבער זי האָט ניט געשטערט. דער טאַטע ווידער האָט קלאַל נישט באַמערקט. ער האָט נאָר געפרעגט:

— צו וואָס דאַרף מען שטעלן טעפּ אַף די פענצטער? קען מען זיי דען ניט שטעלן אַפן אויוון?...

האָט ביילקע אַ דערשראָקענע געענטפערט:

— די טעפּ טאָר מען אַפן אויוון ניט שטעלן...

און האָט געשמייכלט...

נאָר אַזוי ווי עס האָט זיך דורכן פענצטער דערטראָגן אַ גערויש פון אַ וואָגן, איז דער טאַטע אַרויסגעלאָפן אַפן גאַס צו זען, עפשער האָט דער גאָי צו פאַרקויפן אַן אַכטל קאָרן... און די טעפּ זייַנען געבליבן אַפן פענצטער.

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָבן זיך די פלאַנצונגען אין די טעפּ צעבליט און זייַנען עטוואָס העכער געוואָרן...

כאַיִם האָט עס באַמערקט, האָט זיי מיט ערשטוינונג אָנגעקוקט און שטרענג זיך אָנגערופן:

— איך וואָלט שווערן, אַז „די מויד" האָט פאַרפלאַנצט וואַזאָנעס; עס בליט דאָך, עס וואַקסט דאָך...

— און אַז עס בליט, איז וואָס? און אַז עס וואַקסט, איז וואָס? — האָט ביילקע געענטפערט מיט געבעט און פאָרוורף.

נאָך כאַיִם, בייז פון שלעכטע מיסכאָרים די וואָך, האָט זיך צעשריִען:

— צו וואָס בליִען, צו וואָס וואַקסן... צו וואָס וואַזאָנעס?... פריצים זײַנען מיר?

— אָט זאָל וואַקסן! — האָט זיך די מוטער אַרײַנגעמישט. — עסן בעט עס ניט...

דער מאָטיוו, אַז עסן בעט עס ניט, האָט אָנפאַנגס כאַיִמען אַביסל אָפּגעקילט פון קאַס. און טאַקע: וואָס אַרט עס אים, ווי־באַלד אַז עסן בעט עס ניט...

אָבער באַלד האָט ער זיך דערמאַנט, אַז מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק האָט מען אים אָפּגענאַרט:

— טאָ וואָס האָט איר געזאָגט, אַז דאָס זײַנען טעפּ?... איך קוק — אַף די פענצטער טעפּ...

ביילקע האָט אָנגעקוקט די מאַמע און געשמייכלט, ווי זי וואָלט געזאָגט: אַבי גלאַט אָפּגעגאַנגען.

האָבן אָבער די צוויי וואַזאָנעס ניט געוואָלט וויסן פון כאַ־יִמס בייזקייַט, פון די שלעכטע מיסכאָרים און האָבן פון דעם ביסל וואַסער, מיט וואָס ביילקע פלעגט זיי אַלע טאָג באַגיסן, אָנגעהויבן וואַקסן אין דער לענג און אין דער ברייט. אין שטוב די לעבעדיקע זײַנען וואָס אַ טאָג בלאַסער, מאָגערער און פאַרוועלקטער געוואָרן, און זיי, די צוויי וואַזאָנעס, האָבן געבליט און גע־בליט און האָבן פאַרנומען די גאַנצע צוויי פענצטער מיט זייערע צווײַגן, קנאָספּן און בלעטער און האָבן זיך פון קיין זאַך ניט געמאַכט וויסנדיק.

— ווי זיי בליִען! — האָט ביילקע איר אַנטציקונג אין איין טאָג אויסגערופן.

— יאָ, זיי וואַקסן שיין! — האָט די מוטער, קנעטנדיק דאָס ברויט, באַשטעטיקט, — לעהאַוודל, ווי אַ מענטש, אַז אים גייט גוט ...

דאָ איז אָבער דער געשפּרעך איבערגעריסן געוואָרן: דער טאַטע, אַ בייזער און אַ צערייצטער, איז אַרײַן פון גאַס און זיך אַוועקגעזעצט באַם טיש.

ביילקע איז צוגעגאַנגען צום פענצטער און האָט זיך געשטעלט

מיט דער פּלייצע צו דער וואַזאָנע און מיטן געזיכט צום שטוב־דאָס האָט זי געוואָלט זי באַשיצן...

באַלד אָבער האָט זיך דערהערט אַ געררודער פון רעדער...

כאַים האָט בייז אויסגעברומט:

— אַ גאָי פּאָרט, לאָז מיך אַ קוק טון.

ביילקע איז מיט שרעק אָפּגעגאַנגען פון פענצטער און האָט מיט די אויגן געהיט די וואַזאָנעס.

— די וואַזאָנע פאַרשטעלט דאָך די שײַן! — האָט כאַים אויסגעשריגן. — נעם זי צו פון פענצטער, דאָס פענצטער איז דאָך מײַן ברויט!...

ביילקע האָט ביטער אָפּגעזיפצט, האָט מיט גרויס ליבשאַפט גענומען די וואַזאָנע פון פענצטער און אַוועקגעשטעלט אַף דעם צווייטן, ווו די אַנדערע איז געשטאַנען.

פאַר ביידע וואַזאָנעס איז אָבער אַף איין פענצטער קיין פּלאַץ ניט געווען: די צווײַגן און בלעטער האָבן זיך פאַרפּלאָנטערט איינע אין די אַנדערע, און ביילקען האָט זיך געדאַכט, אַז זיי קריגן זיך, ווי לעבעדיקע מענטשן, ווען זיי איז ענג...

זי איז מיט אַ זיפץ אָפּגעגאַנגען פון פענצטער און פאַרויסגעזעען זייער גיכן סאָף...

# אין די רײַכע גאַסן

װעלװול דער שוסטער, אַ הױכער דאַרער ייִד מיט פֿרײלעכע אױגן, װױנט שױן, זינט ער איז „פֿאַר זיך" אַ באַלעבאָס געװאָרן און האָט אַן אײגענעם װאַרשטאַט, אױף דער סמאָטשע־גאַס. װױ־נען װױנט ער אין אַ קעלער, די קלײנע פֿענצטערלעך גײען אַרױס צום הױף. דער הױף איז אַ שמאָלער, די הײַזער פֿירשטאָקיקע, און דעריבער איז בײַ װעלװולען אין „װױנונג" שטענדיק „פֿאַר־נאַכט". ליכטיק װערט נאָר אין װױנונג דאַן, װען עס װערט שױן „גוט נאַכט" און דאָס װײַב כּײַקע צינדט אָן דעם לאָמפּ.

— עס װאָלט געװען אַ יושער — זאָגט אַמאָל װעלװול, װען דער לאָמפּ ברענט און דאָס פֿײַער מאַכט אים מונטער — עס װאָלט געװען אַ יושער, אַז דער לאָמפּ זאָל בײַ אונדז אין „זאַל" ברענען אַ גאַנצן טאָג, אַזױ זעט מען גאָרניט די טײַערע מעבל און די גאַרדינען...

דער אײנציקער פֿויעל, װעלכן ער צאָלט אַ רובל אַ װאָך מיט קעסט און קװאַרטיר, שמײכלט צו און ענטפֿערט:

— בעסער, רעב װאָלף, ציט זיך אַרױס אין אַ נײַער דירה!

— אין אַ נײַער דירה װעלן מיר זיך אױך אימירצעשעם אַרי־בערציִען. — ענטפֿערט װעלװול, פֿרײלעך קלאַפּנדיק אין פּאָדעשװע די טשװעקלעך.—איבער הונדערט און צװאַנציק יאָר און עפּשער פֿריִער װעל איך האָבן אַ דירה אײנס אין דער װעלט... דו װעסט צו מיר קומען געװאָרע װערן? — ענדיקט ער לוסטיק, אױסשטעלנ־דיק אַפֿן פֿויעל די פֿרײלעכע אױגן.

— אײדער יענע דירה, שױן בעסער דאָ אין קעלער! — ענט־פֿערט דער פֿויעל אַ קראַץ טוענדיק זיך.

— וואָס איז, נאַרעלע, וואָס פעלט דאָרטן?—שמייכלט וועלוול ווײַטער — דאָרטן ווערסטו גלײַך אויס שוסטער און הייבסט אָן גלײַך באַקן בייגל... האָסט עפּעס ליב פרישע, טרוקענע בייגל?

— בייגל מיט סמעטענע דאַרף זײַן ניט שלעכט,—הייבט שוין אָן זיך וויצלען אויך דער פּויעל.

— ע, ביסטו שוין גאָר אַ פּרעסער — ווערט וועלוול קלוי־מערשט ערנסט — בייגל אַליין איז דיר ווייניק, ווילסטו נאָך סמעטענע...

און אַזוי וויצלט מען זיך פאַרן לאָמפּ אַלע נאַכט קימאַט. עס איז קענטיק, אַז די ליכטיקײַט מאַכט אַף די צוויי אַרבעטער אַ גרויסע ווירקונג, און ווער ווייסט, ווי פריילעך זיי וואָלט זײַן, ווען אַ גאַנצן טאָג וואָלט טאַקע אַ לאָמפּ אין קעלער גע־ברענט...

דאָס איז אָבער אַ זאַך, וואָס איז ניט מעגלעך. נאַפט איז זייער טײַער, און פאַרדינען פאַרדינט וועלוול זייער ווייניק. ער אַרבעט פאַר אַ פאַבריק און נעמט 6 רובל אַ וואָך. צאָלט ער פאַרן קעלער 2 רובל אַ וואָך, אַ רובל נעמט צו דער פּויעל און דרײַ רובל גייט אַוועק אַף עסן פאַר אים מיטן פּויעל, מיט דעם ווײַב און די צוויי קינדער, וואָס ער האָט. עס איז גוט, וואָס עס קלעקט אַף נייטיקע זאַכן, אָבער ניט אַף לוקסוס — ברענען באַ־טאָג אַ לאָמפּ...

עמעס, אַמאָל טרעפט, אַז ער דאַרף נייטיק אָפּשוואַרצן אַ קנאַפּל באַטאָג, דעמאָלט מוז ער אָנצינדן פײַער. נאָר דערצו האָט ער אַ קליין לעמפּעלע, אָן אַ גלעזעלע, און עס רויכערט מער איידער עס ברענט, און וועלוול האָט ניט קיין גרויסן טײַנעג פון אַזאַ מין ליכטיקײַט. פאַרקערט, כײַקע, אַ שוואַכע קראַנקע פרוי, קלאָגט זיך ניט זעלטן, אַז עס פאַרטשאַדעט דעם קאָפּ פון רויך.

— ביסט דאָך גאָר אַ גאַנצע „מאַדאַם”, מײַן ווײַב — וויצלט זיך דעמאָלט וועלוול — ווו ביסטו דאָס געהאָדעוועט געוואָרן?

אַז ער דערהערט אָבער כײַקעס אַ קרעכץ, פאַרשווינדט זײַן וויציקע שטימונג און ער ענטפערט ערנסט און גערירט:

— שאַ, כײַקעלע, שאַ, באַלד פאַרלעש איך. אָט איך שוואַרץ אָפּ דעם קנאַפּל...

און ער פֿאַרלעשט טאַקע באַלד...

יאָ, אַ גאַנצע וואָך וווינט וועלוול אַף דער סמאָטשע־גאַס אין פֿינצטערן קעלער און לעכצט נאָך אַביסל ליכט, דערפֿאַר אָבער שאַבעס ציט ער זיך אַריבער אין די שענסטע, ליכטיקסטע רײַכסטע וואַרשעווער גאַסן און פֿאַרגעסט דאַן די סמאָטשע־גאַס, דעם קעלער און עפּשער זיך אַליין. עס טוט זיך אַף אים אָן גאָר אַן אַנדער הויט, ער ווערט גאָר עפּעס אַן אַנדער מענטש. עפּעס פֿילט ער, אַז ער איז אַביסל גלײַך צו די איבעריקע מענטשן, וואָס ער באַגעגנט אין די רײַכע, שיינע און ליכטיקע גאַסן...

שאַבעס דאַוונט ער „וואָסיקן", כאָטש כײַקע קען ניט פֿאַרשטיין, וואָס איז אַף אים אַזאַ אײַלעניש. ער האָט איין טאָג אין וואָך, וואָס ער קען זיך אויסשלאָפֿן, שטייט ער אויף נאָך פֿריִער ווי אינמיטן דער וואָך. אַ מעשוגענער און גאָר! ביז צען אַזייגער איז ער שוין זיך פֿאַרטיק מיטן טשאָלנט, ער טרײַבט און יאָגט: גיכער! און גלײַך נאָכן עסן לאָזט ער זיך גיין צו די רײַכע שיינע גאַסן.

אָט איז שוין די סמאָטשע־גאַס הינטער אים. עס באַווײַזט זיך שוין עפּעס אַ שענערע גאַס. וועלוול הייבט שוין אָן גיין לאַנגזאַמער — דאָס איז אויך ניט שלעכט... נאָר ער האָט נאָך אין זינען די איבעריקע ברייטע, לוסטיקע גאַסן, און אַ וואַרעמע פֿרייד גיסט זיך און פֿליסט דורך אַלע זײַנע גלידער, און ער לעבט און האָפֿט: באַלד, באַלד !...

אָט איז שוין די „האָניק־גאַס" — ברייט און לאַנג איז זי, דער ברוק פֿון טײַערן האָלץ. די הײַזער זײַנען אַלע פֿון איין הייך, אויפֿגעשטעלט ווי אַ פֿאָלק סאָלדאַטן — סמירנאָ! אַ מעכאַיע דאָ... נאָר ניין! די גאַס איז נאָך גאָרנישט אַנקעגן דער קראַקאָווער פֿאָרשטאָט, וואָס נעמט זיך רעכטס פֿון דער האָניק־גאַס. דאָס איז אַביסל אַ גאַס!... אַך! ווי ברייט זי איז, ווי רײַך!... אָט פֿינקלט אין די אויגן!...

וועלוול איז אַפֿילע אַ ייִד ניט קיין פֿאַכדן, לאַכט זיך אויס פֿון אַלץ אין דער וועלט, נאָר אַף דער קראַקאָווער פֿאָרשטאָט טרעט ער אַרײַן אַביסל דערשראָקן און צעטומלט, און עס לויפֿט אים דורך אין קאָפּ עפּעס אַ פֿראַגע, צי מעג מען דאָ גיין. נאָר ער

דערמאָנט זיך גלײַך, אַז דאָס האָט ער אַ טאָעס: דאָ מעג מען יאָ גיין, — אין זאַקסישן גאָרטן טאָר מען ניט...

און וועלוול ווערט פריילעך און לאַכט אין האַרצן פון די נאַרישע אָרדענונגען אין וואַרשע:

— זיי ווייסן זייער וואָס צו פאַרווערן! — טראַכט ער — אויך מיר אַן אומגליק ניט צו גיין אין זאַקסישן גאָרטן!... וואָס איז דאָרטן אַזוינס? — ביימער! אַ טײַערע מײַסע! אָט דאָ וואָלטן די נאַרן פאַרווערן, וואָלט טאַקע געווען אַן אומגליק... דאָ איז טאַקע גוט, ליכטיק, געדרים, ברייט...

און וועלוול גייט ווײַטער, טיפער אַרײַן אין דער רײַכער גאַס און קען ניט פאַרשטיין, פאַרוואָס איז דאָ ניט פאַרווערט אים צו גיין... עמעס, ער האָט אָנגעטון די שאַבעסדיקע קאַפּאָטע, אָבער וואָס האָט זײַן שאַבעסדיקע קאַפּאָטע, וואָס האָט שוין אין די אַרבל צו לאַטקעס, פאַר אַ ווערט אין אַזאַ רײַכער גאַס?...

און וועלוול באַנוצט זיך מיט דער נאַרישקײַט פון די וואַרשעווער אָרדענונגען, וואָס מע לאָזט אים דאָ גיין, און הייבט זיך אָן דאָ אָפּשטעלן בײַ אַלע גרויסע פינקלענדיקע מאַגאַזינען. זײַן אויג קען זיך זאַט נישט אָנקוקן. און ער קוקט און אײַלט זיך. איין אויג דערזעט אַן אויסשטעלונג, דאָס צווייטע אויגט זיך. איין אויג דערזעט אַן אויסשטעלונג, דאָס צווייטע אויגט זכאַפּט אַ קוק אַף אַ צווייטע אויסשטעלונג, און וועלוול וויל אַלץ באַקוקן, און דאָ איז קיין צײַט ניטאָ. דער טאָג שטייט ניט... און ער גייט ווײַטער און ווײַטער.

און גייענדיק, פאַלן אים אַרײַן אין קאָפּ טויזנטער מאַכשאָוועס איינע ווילדער פאַר דער אַנדערער. אַזעלכע מאַכשאָוועס, ווען זיי וואָלטן אים אײַנמיטן וואָך אַרײַנגעפאַלן, וואָלט ער זיך זיכער דערשראָקן און מיינען, אַז ער ווערט מעשוגע. דאָ ווער ער אָבער אַ גרויסער באַלדימיען, און אַפילע אַף דער מאַכשאָווע, וואָס פליט קימאַט אַלע שאַבעס דורך זײַן קאָפּ, צו איבערציִען זיך אַמאָל כאָטש ווען עס איז, כאָטש פאַרן טויט, אַהער אין דער גאַס, דינגען דאָ אַ וווינונג, אַפילע אַף אָט דער מאַכשאָווע קוקט ער אויך גלײַכגילטיק, ווי אַף עפּעס אַ מעגלעכס... שאַבעס, וווינענדיק אף די רײַכע גאַסן, ווערט ער גאָר אַן אַנדער מענטש און ער דענקט גאָר אַנדערש...

אַף דורכגיין אַלע רײַכע, לוסטיקע, ליכטיקע גאַסן געדויערט באַ אים דער גאַנצער טאָג. מינכע־צײַט לאָזט ער זיך גיין צו־ריק, צוריק... די נײַע גאַסן פֿאַרשווינדן אַלץ מער און מער; בלײַבן הינטער אים, און ער פֿאַלט אַלץ ביסלעכווײַז צוריק אַרײַן אין די אָרעמע גאַסן, ביז ער דערגרייכט צו דער סמאָטשע־גאַס...

בעיס ער קומט צו דער סמאָטשע־גאַס, איז שוין טונקל. ער לאָזט זיך אַרײַנגיין אין קעלער, פֿרעגט, פֿאַרוואָס צינדט מען ניט אָן פֿײַער, און באַקומענדיק אַן ענטפֿער, אַז עס איז ניטאָ קיין נאַפֿט, פֿאַלט ער אַ מידער אַפֿן צעבראָכענעם בעטל און ווערט אַזוי אײַנגעשלאָפֿן אין דער פֿינצטער..,

אין כאָלעם אָבער זעט ער נאָך די רײַכע, ליכטיקע גאַסן...

# די גרויסע סוקע

דאָס קלענסטע שטיבל אין גאַס איז געווען באָרוכס. דאָסדאָזיקע שטיבל האָט געהאַט מער ענלעכקייט צו אַ כאַטקע אין אַ דאָרף איידער צו אַ שטעטלשן ביניען. נאָר דער דאַך מיט צעפוילטע שינדלען איז געווען אַן איידעס, אַז דאָס שטיבל איז אַ שטעטלש, און די מעזוזע באַ דער טיר — אַז עס איז אַ יידיש.

דאָס שטיבעלע אינעווייניק האָט קיינע צימערן ניט געהאַט. די עלטערע טאָכטער האָט אַפילע אַמאָל געפּרוּווט די צווייטע העלפט פון שטיבעלע, וואָס איז געווען אָפּגעצוימט מיט אַ הילצערנעם ניט געפּאַרבטן אַלמער, אַ נאָמען געבן „די פינצטערע קאַמער". דאָס האָט זיך איר ניט איינגעגעבן. פינצטער איז אַפילע אין דער אַנדערער העלפט געווען געננג, אָבער קיין איינדרוק פון קיין „קאַמער" האָט דאָס ניט געמאַכט. צוויי מאָל האָט זי עס מיט דעמדאָזיקן נאָמען אָנגערופן, אָבער אַז די אַלע הויזיקע האָבן זי ניט אונטערגעהאַלטן, האָט זי אַליין אויך אופגעהערט צו גלויבן אין דער ריכטיקייט פון נאָמען, און זי האָט צו גלייך מיט אַלע הויזיקע אָנגערופן די צווייטע העלפט — „דער פינצטערער ווינקל"...

עס פאַרשטייט זיך, אַז אַן אַלמער אין אַזאַ ענג שטיבעלע איז ניט אַזאַ אָנגעלייגטער גאַסט. הויך און שטאָלץ און קאַלטבלוטיק איז ער געשטאַנען אינמיטן שטיבעלע און האָט ניט געלאָזט אַ קער טון זיך דעם לעבעדיקן מענטשן... דער אַלמער איז אָבער געווען אַ יערושע פון באָרוכס עלטערן און מע האָט זיך מיט אים געמוזט האַלטן, בעטנדיק אַף אים אַלע טאָג אין האַרצן אַ מאַפּאָלע...

אָבער נאָך מער אָפּקומעניש איז געווען דער אויוון. אָט דער אַכזער האָט פאַרכאַפּט קימאַט דריַי כאַלאָקים פון שטיבל. דער אַלמער איז זייַנער גאָר אַ נאָענטער שאָכן געווען, נאָר שטאַרק ליב איינע די אַנדערע האָבן זיי זיך ניט; זיי האָבן ביידע זיך שטענדיק בייז אָנגעקוקט. סייַדן ערעוו פייסעך, ווען ציוויע, די באַלעבאָסטע פון שטיבעלע, פלעגט דעם פּאָרנט פון אויוון אָפּקאַלכן, דאַן פלעגט ער עפּעס אָנהייבן אַביסל ווי פרייַנטלעכער קוקן אַף זייַן שאָכן...

ווי קומט אין אַזאַ קליין שטיבעלע אַזאַ גרויסער אויוון, ווייסן אַפילע ניט זייַנע באַלעבאַטים. דאָס שטיבעלע שטייט שוין אַוואַדע הונדערטער יאָרן.

ווער ווייסט, וואָס פאַר אַ מעשוגאָים פאַרצייַטן זייַנען געווען, וואָס פאַר אַ מיין זיי האָבן דערמיט געהאַט. זיי, די באַלעבאַטים האָבן דאָס שטיבל ניט געקויפט. גלייַך נאָך באָרוכס כאַסענע האָט דער פאָטער אים אַרייַנגעזעצט אַהער, און אָט אַזוי זיצט ער שוין עטלעכע צענדליק יאָר. צו דערגיין די געשיכטע פון דעם שטיבעלע האָט ער קיין צייַט ניט, ער האָט בילכערע זאַכן: באָרעך איז אַ ייִד, וואָס האָט אַ ווייַב מיט אַסאַך קינדער און מיט ווייניק פאַרנאָסע...

בעכיין, איז איינס פון די ערשטע אומגליקן אין באָרוכס הויזגעזינד—די ענגשאַפט. באָרוכס ווייַב, ציוויע, איז אַפילע אַ בעריע אַ ייִדענע, די עלטערע טאָכטער האָט נאָך זי איבערגעשטיגן, און אָט די צוויי בעריעס אַרבעטן גענוג, קעדיי צו מאַכן עפּעס אָרדענונג, גערוימקייַט אין שטיבעלע. אָבער וויפל זיי זאָלן ניט אַרבעטן, העלפט עס ניט. אָט איז נאָך אָנבייַסן; די מוטער און טאָכטער האָבן דאָס געזונט אַוועקגעלייגט אופצוראַמען, מאַכן אַ שטיקעלע דורכגאַנג צום טיש. עס גערדויערט אָבער ניט קיין צען מינוט, עס פאַלט עפּעס אַראָפּ אַף דער ערד, עפּעס ניט פאָרזיכטיק אַוועקגעשטעלט, עטוואָס די באַנק אַ דרייַ געטון, און אין שטיבל קאָן מען שוין ווידער ניט דורכגיין, כאָטש נעם און שפּרינג! וואָרעם אויסער דעם אַלמער און אויוון האָבן זיך נאָך, פאַרשטייט זיך מעמיילע, געפונען אין שטיבל צוויי בעטן, אַ טיש און צוויי לאַנגע בענק, פון וועלכע איינע, די לענ־

גערע, האָט מיט אירע שפּיצן געלעכערט די ווענט, און קלע־נערע קליי־באַיס.

— האָט אונדז דיין טאַטע אַ ירושׂע געלאָזט! — פלעגט ציוויע ניט איינמאָל „שטעכן" איר באָרוכן, ווען די ענגשאַפט איז געווען ניט צו דערטראָגן, לעמאָשל באַם אויסבעטן, באַם כאַלע באַקן, טשאָלנט רוקן און נאָך אַזוינע צייַטן פון הוי־האַ.

באָרוך פלעגט איר קיינמאָל ניט ענטפערן, וואָרעם ער אַליין איז מיט דערדאָזיקער ירושׂע אויך ניט געווען צופרידן. כאָטש צייַטנווייַז פלעגט ער טראַכטן: פונדעסטוועגן פאָרט אַן אייגענער ווינקל.

אויסער וואָס די באַלעבאַטים פון שטיבעלע האָבן געליטן פון דער ענגשאַפט פיזיש, האָבן זיי אויך גייַסטיק געליטן, און מע קאָן זאָגן, אַז די גייַסטיקע לייַדן זייַנען פיל גרעסערע געווען...

עמעס, באָרעך איז געווען אַן אָרעמער ייִד, אָבער דאָך איז ער געווען אַ באַלעבאָס, געשטאַמט פון שיינעם ייִכעס. כאַיִם זלאַטעס, לעמאָשל, איז געווען זייערער גאָר אַ נאָענטער קאָרעווו, און כאַיִם זלאַטעס איז אַ ייִד אַן אוישער... אויסער דעמדאָזיקן קאָרעוו האָט ער געהאַט נאָך פיל קרויווים: ציוויע איז אויך ניט געווען כאָלילע קיין עלנטע, אויך ניט פון שטיין געבוירן. פון בײדע צדאָדים האָבן זיך אָנגעקליבן מומעס, פעטערס, שוועסטער־קינדער, שייני־בישלישי אַ היפש ביסל. און אָט טאַקע צוליב דערדאָזיקער מישפּאָכע האָט באָרוך מיט זייַן ציוויען מיט דער עלטערער טאָכטער געהאַט ניט זעלטן שפּיכעס־דאָמים.

עס טרעפט זיך, און ניט זעלטן, אַז ציוויע ווערט געלעגן מיט אַ ייִנגל. עס פאַרשטייט זיך, עס איז אַ סימכע, זאָל זייַן אַפילע — דאָס דריטע ייִנגל. אין שטיבעלע איז טאַקע ענג, אָבער די ערשטע וואָך ליגט דאָס נייַ־געבוירענע קינד נעבן דער קינ־פּעטאָרן און פאַרנעמט ווייניק פּלאַץ. שפּעטער, אַז עס דאַרף האָבן אַ וויגעלע, איז אויך ניט קיין בייז. ציוויע האָט אַלע קינ־דער אויסגעהאָדעוועט אין אַ הענג־וויגעלע, וואָס דאָס פאַרנעמט נאָר אַ פּלאַץ אינדערלופטן, עלעהיי אַ צווייטער גאָרן... אָבער דעם בריס מאַכן איז ניטאָ ווו, אין באָרוכס שטיבעלע קאָן זיך ניט אַפילע דער נייטיקער מיניען פּאָטויפען און, ווי געזאָגט, באָ־רוך מיט ציוויען זייַנען באַלעמישפּאָכע און רופן מוז מען יעדן.

און דאָ הייבן זיך אָן די שפּיכעס־דאָמים. די רײַכערע מומעס און פעטערס, וואָס זײַנען דאָס גאַנצע „שײַנדל", קומען ערשט נאָכן ברית, און אויך ניט אַלע צוזאַמען, נאָר פּאָרווײַז, און באַרוך מוז זיך פאַר יעדן פאַרענטפערן, וואָס עס איז אַזוי ענג, און וואַרפט פאַרצווייפלטע בליקן אַף די ווענט, ווי ער וואָלט געוואָלט זיי בעטן: ווערט עפּעס ברייטער, גאַזלאָנים!..

אָבער נאָך גרעסער זײַנען די שפּיכעס־דאָמים באַ יעדן יאָנטעוו, ווען די קרויווים, ווי דער מינהעג איז, לאַדן אײַן איינע די אַנדערע אַף „קיבעד".

— זאָלסט זיך אָקאָרשט ניט לאָזן בעטן אַף בראָכע!—קלאַפּט אים אין שול אָן יעדער קאָרעוו אין פּלייצע נאָכן יאָנטעווודיקן דאַווענען — לעמאַנעשעם מיט ציוויען און מיט די קינדערלעך, הערסט, באָרוך?

באָרוך הערט, ווי דען? ער וועט ניט גיין און אָנמאַכן אַ בערויגעז!.. אַוואַדע קומט ער צו יעדערן מיט זײַן גאַנצן געזינד, מע מאַכט בראָכע, מע ווינטשט לעכאַים. און נאָכן קיבעד, ווען ער דאַרף צו זיך רופן, לויט דעם מינהעג אין שטעטל, דינט אים ניט די צונג אַרויסצורעדן זײַן אײַנלאַדונג, און ער שטאַמלט קאַם אַרויס:

— איצטער דאַרף מען צו מיר גיין...

— אימירצעשעם, אַז דו וועסט בויען אַ גרעסערע שטוב... גאָט וועט העלפן...

באַקומענדיק אַזאַ ענטפער, וויל ער צוריק ענטפערן:—וואָסי? אין אַ גוט לעבן איז ניט ענג. — וואָס קאָן זײַן אין גרונט אַ קליגערער ענטפער?.. אָבער דער ענטפער בלײַבט באַ אים ווי אין האַלדז, און באָרוך קאָן אים בעשומויפן ניט אויסרעדן, כאָטש גיי און שלעפּ אים אַרויס פון דאָרטן מיט די הענט...

און פאַרגעסנדיק צו באַדאַנקען „פאַר אלעם גוטן", ווי דער דערעכערעך איז, גייט ער אַרויס פון קאָרעוו, נאָכשלעפּנדיק נאָך זיך דאָס געזינד, און אים דאַכט זיך, אַז ניט פון „קיבעד" גייט ער, נאָר פון אַ מאָלצײַט, וואָס אַ גוויר האָט געמאַכט פאַר אָרעמעלײַט.

און דאָס פּאָנעם פלאַמט אים פאַר כאַרפּע, און מיטן דאָזיקן געפיל גייט ער אַוועק צו אַ צווייטן קאָרעוו, אַ דריטן און אַזוי ווײַטער.

וואָס דען? ניט גיין און אָנמאַכן אַ בערויגעז?..

אָבער יעדער יאָנטעוו צו גיין אַף „קיבעד" און צו זיך אין מישפּאָכע קיינמאָל ניט איַינלאַדן וואָלט באָרוך נישט געקאָנט פּויעלן באַ זיך פאַר קייַן פאַל ניט. אַזוי געפאַלן זייַן וואָלט שוין אַפּילע באָרוך, דער אָרעמער אין מישפּאָכע, ניט געקענט.

פּייסעך, שוועס, כאַנוקע אַף לאַטקעס, פּורים צו דער סודע קאָן ער טאַקע צוריק צו זיך אַף קיבעד ניט רופן: זייַן שטיבעלע קאָן אַזאַ גרויסן אוילעם ניט אופנעמען. דערפאַר אָבער איז דאָ נאָך אַ יאָנטעוו — סוקעס. סוקעס לאַכט באָרוך פון דער גאַנצער וועלט!

באָרוכס שטיבעלע איז טאַקע דאָס קלענסטע אין גאַס, אָבער דער הויף איז דער גרעסטער. „פּלאַץ" איז אין שטעטל ניט קייַן גרויסע מעציִע. דער איקער איז דאָס בויען, און ווען באָרוך איז ניט ביִעכוילעס אויסצובויען אַ גרויס הויז אַף זייַן גרויסן הויף, קאָן ער אָבער דערפאַר אַוועקשטעלן סוקעס אַזאַ סוקע, וואָס זאָל זייַן די גרעסטע פון אַלע סוקעס. ווען אַ גאַנץ יאָר לעבט באָרוך מיטן גאַנצן הויזגעזינד אין ענגשאַפט, וויל ער כאָטש לעבן אין ראַכוועס זיבן טעג אין יאָר. אַ כאַיע שאָ איז אַ לעבן, ביפראַט זיבן טעג, — אַ קלייניקייַט זיבן טעג אין גערוּאַמקייַט, הייַנט דאָס ניט פאַרשעמט ווערן פאַר דער מישפּאָכע... און גלייַך נאָך יאָם-קיפּער נעמט זיך באָרוך בויען זייַן פּאַלאַץ — די סוקע. קוידעם-קאָל שיקט ער אַרויף זייַן עלטערן באָכערל אַפן בוידעם, ווו עס ליגן אַ פיר־פינף ברעטלעך, אויך יערושע נאָך פון זייַן טאַטן. עס פאַרשטייט זיך, אַז די עטלעכע ברעטלעך וואָלטן אַפּילע „אַף אַ צאָן נישט געקלעקט" אַף אַ געוויינלעכער סוקע, ביפראַט נאָך אַזאַ גרויסע, ווי באָרוך נעמט זיך פאָר צו מאַכן. מע דאַרף אָבער ניט פאַרגעסן, אַז באָרוך איז אַ גרויסער „עקאָנאָם", די סוקע בויט ער ניט אינמיטן הויף, ער זאָל דאַרפן האָבן פיר גאַנצע ווענט, נאָר ער שטעלט זי צו צו דער וואַנט פון שטיבל. די סוקע דאַרף אָבער זייַן גרעסער פאַר זייַן שטיבל, שטיקעוועט ער טאַקע צו צו דער וואַנט די עטלעכע ברעטער, וועלכע גרייכן ביז דעם שאָכנס גאָרטן, וואָס האָט צום גליק אַ פאַרקן פון ברעטער. האָט שוין באָרוך צוויי ווענט קימאַט פאַרטיקע, בלייַבט אים נאָך אַנ־

דערהאַלבן, נעמט באָרוך אַראָפּ די דרײַ ווינטער־פֿענצטער פֿון בוידעם, די צוויי טירלעך פֿון אַלמער, דאָס איבעריקע באָרגט ער בײַ די שכיינים, וועלכע „גייען אַרײַן אין זײַן לאַגע״ און באָרגן אים פֿון דאָס לעצטע, און די סוקע האָט שוין פֿערטהאַלבן ווענט און אַ כאָלעל אַף אַ טיר. די טיר איז שוין ניט פֿון ברעטער, נאָר פֿון אַ קאָלדרע, און דאַפּקע פֿון צוויי קאָלדרעס, ווײַל אַ גרויסע סוקע מוז האָבן אַ גרויסע טיר, און איין קאָלדרע קלעקט ניט...

אַז דער ביניען פֿון דער סוקע ווערט פֿאַרטיק און קײַן מאַנסבלשע אַרבעט דאַרף זי שוין ניט, נעמען זיך צו איר ערשט די ווײַבער — ציוויע מיט דער עלטערער טאָכטער. זיי קערן זי גוט אויס, שיטן אויס מיט געלן זאַמד און מע טראָגט אַרויס דאָס גאַנצע מעבל פֿון שטיבל, ד. ה. דעם טיש מיט צוויי בענקלעך און די צוויי טאַבורעטן אין סוקע אַרײַן. דאָס שטיבל בלײַבט פּוסט, פֿילט זיך ווי באַליידיקט, און די פֿיר ווענט רעדן, דאַכט זיך: גרויסע יאַכסאָנים!.. אָבער ווען פֿון הויזגעזינד ליגט איצט אין קאָפּ דאָס שטיבל, ווען אַפֿן הויף שטייט אַזאַ גרויסע סוקע! אַלע לאַכן איצט פֿון שטיבעלע און ווילן פֿאַרגעסן, אַז נאָך סוקעס וועט מען צוריק צו איר מוזן אָנקומען און זי וועט זיך געניג דעמאָלט נוקעם זײַן מיט איר ענגשאַפֿט...

ווער געדענקט אין אַ גליקלעכער צײַט וואָס שפּעטער וועט זײַן?..

איצט אָבער איז די סוקע די איינציקע דירע פֿון הויזגעזינד, און דאָס שטיבל דינט אַלס אַ קיך...

— אַ קיך, — זאָגט ציוויע איראָניש — איז זי אַ גאַנץ גרויסע...

דאָס שטיבעלע הערט און ווערט געבעך צעפּלאַצט, און די פֿיר ווענט קלערן: וואַרט, וואַרט, מיר וועלן זיך מיט אײַך אָפּרעכענען!..

ווער הערט זיי אָבער איצט? די גרויסע סוקע איז דערווײַל די יאַכסנטע. די מישפּאָכע פֿלעגט טאַקע אַף קיבעד אַהער קומען אויך ניט אין שטיבעלע.

און ווירקלעך, דעם אַנדערן טאָג יאָנטעוו פֿאַרופֿט באָרוך אַף „בואָכע״ דאָס שײַנדל פֿון זייער מישפּאָכע.

— איר וועט אָנקוקן אַ סוקע! — זאָגט ער מיט אַ שטאָלצן שמייכל: — אַ סוקע — אַ פֿעלד! אַ ראַכוועס!

— אַהאַ! — ענטפערט אים ווער פון זײַן מישפּאָכע, — סוקעס ביסטו דאָך טאַקע אַ קייסער.

און די מישפּאָכע גייט צו באָרוכן אַף בראָכע, און באָרוך נעמט אוף מיט קאָל האַקיבודים, וואָס זײַן ציוויע האָט פּאַרן לעצטן גראָשן אָנגעגרייט, און ער שטייט הינטער זיי און באַדינט זיי מיט אַ שטראַלנדן פּאָנעם און קאָן זיך ניט אײַנהאַלטן און מוז כאָטש צו איינעם פון די קרויווים אַ זאָג טון:

— מיר דאַכט, אַז מײַן סוקע איז גרעסער פון אײַערער.

דער „מיר דאַכט" איז נאָר פון איידלקײַט וועגן. באָרוך איז זיכער, אַז זײַן סוקע איז די גרעסטע אין שטעטל.

און גרויס איז זײַן סימכע, ווען דער רײַכסטער קאָרעוו זײַנער ענטפערט אים מיט אַ מין געפאַלנקײַט:

— מײַן סוקע איז אַ ברעקל... זיך ניטאָ ווו אַ קער טון...

אָ, דעם ענטפער געדענקט באָרוך אַ גאַנץ יאָר, און דער ענטפער גיט אים מוט און האָזע צו גיין די איבעריקע יאָנטויווים צו זײַן מישפּאָכע אַף קיבעד: נישקאָשע, סוקעס באַצאָלט ער זיי קייפל קיפלאַיִם...

# פון דעם גױערס בּרונעם

די שװערקײַט פון לעבּן, װאָס בּאַ ייִסראָעל העניס האָט זיך אײַנגעשטעלט װי אַ נאַטירלעכקײַט, איז ניט נאָר בּאַשטאַנען אין פירן די הױצאָע, אין שפּײַזן דאָס גאַנץ היפּשע הױזגעזינדל, נאָר אַפילע דאָס װאַסער צו בּאַקומען איז אָפּטמאָל געװען אַ שװערער יאָך.

די גאַס, װוּ ייִסראָעל העניס האָט געװױנט, האָט פאַרמאָגט דרײַ בּרונימער. דער נאָענטסטער צו זײַן הױז איז געװען דער בּרונעם פון דעם גױ אָנופרי. איז ער, ערשטנס, אױך געװען אַ פּאָר מינוט גאַנג אין לײדיקן, אָבער מיט אַ פּאָר פולע עמערס װאַסער מיט דער קאָראָמיסלע אַף דער פּלײצע האָט שױן געדױערט מער, און קײן „גיבּוירים" זײַנען אין ייִסראָעל העניס הױז ניט געװען. אַפילע ייִסראָעל אַלײן, דער מאַנסבּל, פלעגט נאָכן אַרײַנבּרענגען אין שטוב די פּאָר עמערס װאַסער, און אַמאָל צװײ פּאָר, גענוג סאָפּען און געמוזט זיך אַ צײַט אָפּרוען, בּיז ער האָט צוריק אױסגעגלײַכט די פּלײצע. און הענע פלעגט שױן האָבּן צו לאַכן פון אים, קלוימערשט אין אַ גוטמוטיקן אופן:

— דו בּיסט, מײַן מאַן, אַ גװאַלדיקער בּעריע...

איז אָבּער נאָך גוט געװען, אַז דעם גױ אָנופריס בּרונעם איז געװען אין אָרדענונג. עס האָט אָבּער אָפּט פּאַסירט, אַז אינמיטן דרינען איז דער בּרונעם קאַליע געװאָרן. דאָס װאַסער איז געװאָרן לײמיק, אָדער אַן אַנדער סיבּע האָט פּאַסירט, און אָנופרי האָט שױן צוגעשלאָסן דעם בּרונעם־עמער צום הילצערנעם „זרוב", מיט װעלכן דער בּרונעם איז געװען אױבן אַרומגעבּױט, און האָט געהײסן זיך געבּן צושטײַער אַף לאָזן פאַריכטן און רײניקן דעם

ברונעם. האָט דאָס שוין געמוזט, כּוח די יערלעכע צען גילדן, וואָס אָנופרי האָט באַקומען פון יעדן וואַסער־נעמער, קאָסטן נאָך עפּעס באַזונדער...

און ביזוואַנען דער ברונעם איז ווידער ריין געוואָרן און ביז־וואַנען מע איז מושווע געוואָרן מיטן מעקעך, האָט מען שוין גע־מוזט טראָגן די וואַסער פון עליע דעם בעקערס ברונעם, וואָס אי' ער איז געווען מיט עטלעכע הײַזער ווײַטער פון אָנופרין, אי דאָס וואַסער האָט ניט געהאַט קיין גוטן שעם...

און אַמאָל האָט פּאַסירט, אַז עליע דער בעקער האָט זיך געקרימט. און ניט אַזוי ער, ווי זי, כאַיע די בעקערקע. געלט געמען פאַר וואַסער ווילן זיי ניט, נאָר וואָס דען? זיי אַליין דאַרפן האָבן זייער פּיל וואַסער פאַר זיך, און די נעענטערע שכיי־נים קאָן מען אויך ניט אָפּזאָגן; איז אויך דעם בעקערס ברונעם געוואָרן צוגעשלאָסן פאַר ווײַטערע שכיינים...

אַוואַדע האָט יִסראָעל העניס פאַרדראָסן אַזא מין באַהאַנדלונג פון אַ ייִדן. מע זאָל גאָר זשאַלעווען וואַסער!

האָט ער שוין געגעבן אַן אייצע, אַז ביז וואָס־ווען זאָל מען גיין נאָך וואַסער צום דריטן ברונעם, וואָס האָט אָנגעהערט צו דעם גוויר פון גאַס — מיכל זאַוולס, דער גרויסער טוווע־סויכער...

— ס׳איז פאַר מיר אַ גאַנג! — פלעגט העני זיך קווענקלען, — אַזאַ מעהאַלעך!

און מיכל זאַוולס הויז איז טאַקע געשטאַנען ווײַט פון גאַס, קימאַט דאָס לעצטע פון די ייִדישע הײַזער. נאָך מיכל זאַוולס גרויס און שטענדיק נײַ הויז האָבן זיך שוין אָנגעהויבן די גויִשע כאַטעס, און נאָכדעם האָבן זיך שוין געצויגן פעלדער און ברייטע וועגן אין דער וועלט אַרײַן.

נאָר ניט אַזוי וואָס צו מיכל זאַוולס איז דער גאַנג נאָך וואַ־סער געווען צו ווײַט, ווי די מוירע פאַר דעם גוויר אַליין. דער הויף, ווו דער ברונעם געפינט זיך, איז אַ פאַרמאַכטער מיט אַ ברייטן טויער, ווי, לעהאַוודל, באַ אַ פּאָרעץ... בלויז אַ שמאָל טירעלע פון טויער איז אָפן... דער הויף אַליין איז אַ ריינער, אַן אויסגעברוקירטער מיט שטיינדלעך, און טיף אין הויף שטייט דער

ברונעם, וואָס איז ארומגעבויט מיט שיינע קיילעכדיקע קלעצער, און דער עמער הענגט אַזוי הויך, אַז מע דאַרף אים קאָנען דער־לאַנגען.

צו מיכל זאַוולס גייט שוין דאָסראָוו העני אַליין. ייִסראָעל קאָן ניט אַזוי נידעריק פּאַלן... ער מיט מיכל זאַוולס זײַנען גאָר שטאַרק באַקאַנט... אַפילע אַז זי, העני, דאַרף גיין צום גוויר נאָך וואַסער, טוט זי אָן אַ ריין קליידל און זי מאַכט אַ יאָנטעווודיקע מינע...

אַף די פּאָר עמערס וואַסער, וואָס העני דאַרף ברענגען פון גווירס ברונעם, וואַרטן אַלע אין הויז מיט אומגעדולד. צי האָט עפּעס ניט פּאַסירט? דערהויפּט איז אומגעדולדיק ייִסראָעל אַליין.

אַז העני פלעגט קומען צוריק מיט צוויי פולע עמערס וואַסער, האָט זי זיי ניט גלײַך אַרײַנגעגאָסן אין דער וואַסער־קיילע, נאָר פריִער אַוועקגעשטעלט אינמיטן שטוב, ווי אַף אָנצוקוקן... ייִסראָעל איז צוגעגאַנגען, באַטראַכט דעם קאָליר פון דער וואַסער און זיך שטאַרק באַגײַסטערט...

— ס'אַראַ וואַסער! עס שפּיגלט אַזש! אַ גוויר האָט מאַזל!..

העני אַליין, וואָס איז אויך געווען אַ מייוונטע אַף גוט וואַ־סער, האָט צוגעגעבן:

— אַ קלייניקייט זייער וואַסער! עס קאָכט זיך גאָר בעסער...

— האָסט באַגעגנט עמעצן פון זיי? — טוט ייִסראָעל אַ פרעג אַביסל אופגערעגט.

— יאָ... איך האָב זי געזעען אַפן הויף, די גווירנטע...

— נו?..

— נו, גאָרנישט... געזאָגט איר אַ גוט־מאָרגן און געבעטן זי זאָל מיר דערלויבן נעמען וואַסער ביז אָנופריס ברונעם וועט פאַריכט ווערן. האָט זי גאַנץ פרײַנטלעך געשמייכלט און געזאָגט: „אַדעראַבע, אויב עס איז אײַך נאָר ניט ווײַט צו גיין"... זי איז זייער אַ פרײַנטלעכע...

און ערשט נאָכדעם ווערט אָפּגעגעבן פון ייִסראָעלן אַ באַפעל, מע זאָל זיך ניט פליוכען מיט דער וואַסער, ווײַל עס קומט דער מאַמען אָן שווער צו ברענגען, אַזש פון מיכל זאַוולס, אַזאַ מעהאַלעך!

ער אַליין אָבער וויל האָבן שוין די גאַנצע גדולע. און ער לייגט פאָרזיכטיק פּאָר צוצושטעלן א „ליאָק”. ער וויל טרינקען טיי טאַקע פון דעם גווירס ברונעם...

העני קווענקלט זיך אַפילע אַביסל, מיט די פּאָר עמער וואַסער דאַרף זי קאָכן און וואַשן אַ גאַנצן טאָג... עס וועט אויספעלן...

אָבער אָפּזאָגן ייִסראָעלן קאָן זי ניט. זי גיסט אָן דעם קלענערן „ליאָק” און שטעלט אים צו אין אויוון, וואָס הייצט זיך אַף צו קאָכן...

און אַז עס ווערט פאַרטיק, מאַכט ייִסראָעל גרויסע האַכאָנעס און טרינקט די גלאָז טיי מיט מער האַנאָע ווי אַלעמאָל. עס איז פּאָרט פון דעם גווירס ברונעם... די טיי איז גאָר אַן אַנדערע, אַ שטאַרקערע און ציט מער אָן...

ער וויל אַף טשיקאַווע הערן טאַקע העניס מיינונג אויך. ווען ער טרינקט אָפּ אַליין, גיסט ער אָן פאַר איר אַ גלאָז טיי און דערלאַנגט איר, ניט ווי אַ מאַן, נאָר ווי אַ קאַוואַלער:

— טרינק, העני... איך וויל הערן, וואָס וועסטו זאָגן...

העני לאָזט זיך בעטן... עס איז איר גאָרניט אין קאָפּ צו טרינקען טיי אינמיטן דרינען. אָבער ייִסראָעלן אָפּזאָגן קאָן זי ניט... אַ פאַרשעמטע טרינקט זי די טיי און זי רימט:

— איך האָב שוין לאַנג גְעזאָגט, אַז מיכל זאַוולס וואַסער האָט גאָר אַן אַנדער טאַם... די טיי איז אַזוי ווי וויַין...

ייִסראָעל ווערט גערירט פון איר מיינונג. עס איז אים אָבער אַ שאָד, וואָס דעם גווירס ברונעם איז אַזוי וויַיט און וואָס מע קען ניט אַלע טאָג נוצן דידאָזיקע טיַיערע וואַסער.

דאָך איז ער זיך מעיאַשעוו, אַן ער וועט נאָך הײַנט בְרענגען אַליין נאָך אַ פּאָר עמער וואַסער פון מיכל זאַוולס ברונעם. און פאַרנאַכט לאָזט ער זיך ווי אַף אַ שפּאַציר, מיט ליידיקע צוויי עמערס אין די הענט, שוין אָן אַ קאָראָמיסלע, צום גווירס ברונעם...

ער בלײַבט שטיין באַם טויער, עפנט אוף דאָס קליין טירל און גייט אַרײַן אין הויף...

פון איין זײַט, שעמט ער זיך צו באַגעגענען מיט עמעצן פון גווירס הויז... פון דער אַנדערער זײַט, וואָלט ער אָבער יאָ געוואָלט, אַז דער גוויר, מיכל זאַוולס, צי ווער עס איז פון זײַן

הויזגעזינד זאָל זיך ווײַזן, ער זאָל זיי אָפּגעבן, ווי זיי קומט, דעם שײנעם „גוטן אָוונט"...

אָבער דער הויף איז ליידיק. ייִסראָעל שעפּט אָן אַ פולן עמער פון ברונעם, מיט וועלכן ער גיסט אָן ניט גאָר פול די ביידע עמערס זײַנע, נעמט זיי אין די הענט און קוקט זיך אַרום אין אַלע זײַטן...

אַז ער גייט אַרויס פון הויף, שטעלט ער אַוועק די צוויי עמערס אַף דער ערד, מאַכט צו מיט אַ פרומער מינע דאָס טירל פון טויער, גלײַכט זיך אויס און טראָגט די צוויי עמערס אין די הענט מיט גרויס פאָרזיכטיקײַט, ווי ער וואָלט ניט וואַסער געטראָגן, נאָר אַ טײַערע מאַשקע...

— נו, וואָס? — באַגעגנט אים העני מיט אַ דאַנקבאַרן אויסדרוק אַף איר מידן פּאָנעם.

— גאָרנישט, — ענטפערט ער. — קיינעם ניט געזעען.

העני באַטראַכט די צוויי עמער וואַסער און שמייכלט:

— ניט פולע, קימאַט האַלבע...

— אָן אַ קאָראָמיסלע איז שווער, — פאַרענטפערט ער זיך.

אָבער העני איז צופרידן. ביז מאָרגן וועט זײַן גענוג, און מאָרגן וועט מען שוין קאָנען נעמען וואַסער באַ אָנופרין. און זי זאָגט הויך אַרויס:

— איך האָב פּײַנט די טויוועס...

אַף מאָרגן גלײַכט מען זיך אויס צוריק מיט אָנופרין, וועמעס ברונעם איז שוין צוריק פּאַרטיק. אָבער ייִסראָעל בענקט נאָכן גווירס ברונעם... און אַז ער פילט זיך אמאָל יאָגטעוודיק, ברענגט ער אַ פּאָר עמער וואַסער אין אַ נאָווינע פון גווירס ברונעם.

# ראָטשילד און ראָקאָפעלער

פון שיף האָט באָרוכן אַראָפּגענומען זײַן שוואָגער ביי־נוש, אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר פינף און דרײַסיק, וועלכער איז שוין פינף יאָר אין „לאַנד”. דערזעענדיק אים מיט די קורץ־געשוירענע וואָנצן און מיט דעם גלאַט־געראַזירטן פּאָנעם, האָט באָרוך גלײַך דערעכערעץ פאַר אים באַקומען, און אַנשטאָט וואָס אינדערהיים איז ער, באָרוך, געווען דער יאַכסן און ער פלעגט ביינושן זאָגן „דו” און ביינוש אים—„איר” האָט ער באַם באַגעגעניש גלײַך אים גענומען אירצן, און צו זײַן גרויס פאַרוווּנדערונג האָט אים ביינוש דאַפקע געזאָגט דו, דעמאָלט האָט באָרוך דערפילט, וואָס הייסט אַ גער, און האָט זיך שוין מייכן געווען אַף אַסאַך דערנידערונגען.

אַף מאָרגן האָט ביינוש, קומענדיק פון דער אַרבעט און זעצנדיק זיך גלײַך צו דער וועטשערע, וואָס די באַלעבאָסטע, ווי ער איז אַ שאָכן געווען, האָט אים צוגעטראָגן, זיך געווענדעט צום גרינעם:

— נו, ווי געפעלט דיר, באָרוך, אונדזער אַמעריקע?

באָרוך איז נאָך געווען שטאַרק מיד פון וועג, געדאַכט האָט זיך אים נאָך אַלץ, אַז ער איז אַפן שיף און אַלץ שאָקלט זיך נאָך... אינדרויסן איז ער סאַכאַקל א האַלבע שאָ געווען — אי דאָס בלויז נעבן הויז. אויסער קליינע קינדער, גרויסע „אַזעספּע־נימער” פאָרנדיק אַף „רעדלעך”, האָט ער נאָך גאָרנישט געזעען. אָבער אַז דער שוואָגער פרעגט, דאַרף מען ענטפערן איידל:

— אַ ווּילע מעדינע...

— אַ ווּילע מעדינע!—האָט ביינוש שפּאָטיש איבערגעכאַ־זערט.—אַ, דו גרינער! האָסט דען א באַגריף וואָס אַמעריקע איז?

ער איז אַנשוויגן געוואָרן, האָט אַרויסגענומען פונעם טאַש אַ באַנאַנע און, קוקנדיק שטאָלץ אַף באָרוכן, האָט ער גע־פרעגט:

— וואָס דאָס איז ווייסטו?

באָרוך האָט זיך ניכנעדיק צוגעבויגן, באַטראַכט די ווילדע פּיירע און ווי אַ פאַרשולדיקטער מיט אַ מאָגער שמייכעלע גע־ענטפערט:

— לאָמיך אַזוי וויסן פון בייז...

— אַוואַדע, ווי קומען גרינע צו וויסן פון אַזוינע זאַכן, — האָט ביינוש געלאַכט מיט גייווע, — באַ אײַך אין אייראָפּע ווייסט מען נאָר פון בולבע...

— בולבע איז איצט אויך באַ אונדז זייער טײַער געוואָרן,— האָט באָרוך מיט אַ זיפץ איבערגעריסן...

— און וואָס איז באַ אײַך ניט טײַער? — האָט ביינוש געכוי־עקט...—אַזאַ באַנאַנע, אויב מע קריגט שוין באַ אײַך, מוז אַוואַדע קאָסטן אַ פערציקער, און ווייסט וויפל קאָסט זי דאָ? טרעף!

— אַוואַדע ניט מער ווי פינף סענט...—האָט באָרוך שוואַך אויסגערופן, ציטערנדיק צי איז ער כאָלילע ניט אַרײַנגעפאַלן מיטן מעקעך.

און טאַקע אַרײַנגעפאַלן! ביינוש האָט אַף אים זיגעריש אויס־געשטעלט די אויגן און זיך פאַנאַנדערגעלאַכט שטאָרק, געזונט און זיכער:

— אַ גרינער איז אַ גרינער! מענטש דו! פאַר פינף סענט קריגסטו צען אַזעלכע!

— צען שטיק! — האָט באָרוך זיך באַגײַסטערט פונעם זאָל—טע! טע! טע! — האָט ער געמאַכט מיט די ליפּן,—אָט דאָס הייסט אַ זאָל.

בלײַבנדיק צופרידן, וואָס דער גרינער איז דאָך אַ שטיקל מייוון אַף זײַן אַמעריקע, האָט ביינוש גוטמוטיק אים פאָרגעלייגט די באַנאַנע.

— נאַ, פאַרזוך, וועסט זיך אויסגרינען.

באָרוך האָט גענומען די פרוכט מיט ציטערדיקע הענט און ניט געוווּסט וואָס צו טון.

— האַ, איך האָב גאָר פאַרגעסן, אַז דו ביסט אַ גרינער, ווייַז, איך וועל דיר אָפּשיילן...

— אַזוי גאָר... דאָס שיילט זיך, הייסט עס...—האָט באָרוך זיך געמאַכט כּידעשן.

— אַוואַדע שיילט זיך עס... — האָט ביינוש דערקלערט און קונציק אַרונטערגענומען פון דער באַנאַנע די גראָבע הויט.

— ס׳איז, הייסט עס, איינעוויייניק גאָר ווייַס... — האָט באָרוך ווידער אויסגעדריקט זייַן היספּייַלעס...

— עס בעסער, ווּעסטו זען, וואָס הייסט גוט...—האָט ביינוש ווי באַפוילן, ווי מע באַפעלט אַ קינד.

באָרוך האָט פאָרזיכטיק אָנגעביסן דעם שפּיץ, געגעבן אַ קייַ און זיך מיט שאַרפער מעווינעס צוגעהערט צום טאַם... ביינוש האָט אַף אים געקוקט און געוואַרט אַף מעווינעס. „מע מוז לויבן!״ האָט באָרוך באַשלאָסן, כאָטש געוואָלט האָט ער דעם ביסן צוריק אויסשפּייַען. פאַר אים איז עס צו זיס געווען.

— נו?

— עס צעגייט פאָשעט אין מויל... אָט דאָס הייסט פרוכט! — האָט ער אויסגערופן מיט היספּייַלעס...

און ביינוש איז מיטן שוואָגער פון ערשטן עקזאַמען געבליבן צופרידן.

אַף מאָרגן האָט באָרוך אויסגעהאַלטן אויך דעם עקזאַמען פון די „טומייטעס״, באַ וועלכע ער האָט זיך פון דעם ווילדן טאַם פאַרקרימט, האָט אָבער שטאַרק געלויבט און געזאָגט, אַז באַ „זיי״ וואָלט מען עס צעצוקערט...

ביינוש איז געבליבן מיט זייַן גרינעם ווידער צופרידן, האָט אים צוגעזאָגט אינגיכן געפינען אַ שאַפ, ווו ער וועט צונייען הענגערס צו מיידלשע בלוזקעס... און ער וועט מאַכן אַ לעבן...

דאַרף אָבער אין אַ פּאָר טעג אַרום ביינוש מאַכן אַ שמועס וועגן אַמעריקאַנער מיליאָנערן, און דאָ הייבט זיך אָן באָרוכס אומגליק.

אָנגעפאַנגען האָט ביינוש אים צו דערקלערן, אַז אַמעריקע פאַרמאָגט פיר הונדערט מיליאָנערן, אַזוי הייסן זיי טאַקע — „די פיר הונדערט!״ נאָר דער גרעסטער פון זיי איז ראָקאָפעלער...

— ווער איז דער ראָקאָפעלער?

— ראָקאָפעלער,— האָט ביינוש דערקלערט,— איז דער גרעס־טער מיליאָנער פון דער גאַנצער וועלט.

דאָ האָט זיך באָרוך דערמאָנט אָן ראָטשילדן. ראָטשילד איז באָרוכן געווען איינגעבאַקן טיף אין האַרצן: ערשטנס, אַ ייִד און צווייטנס—טאַקע ראָטשילד. און דערהערנדיק, אַז ראָקאָפעלער איז גאָר דער גרעסטער מיליאָנער, האָט אים עפּעס אַ ריר געטון באַם האַרצן און זייער פאָרזיכטיק האָט ער באַמערקט:

— און ראָטשילד...

— עט, ביסט אַ שויטע,—האָט ביינוש זיך אָנגעכאַפּט... — באַ אייַך אין איירָאָפּע איז ראָטשילד אַ שיסער, דאָ ווייסט מען אַפילע ניט פון אים... ראָטשילד פאַרמאָגט ניט אַפילע ראָקאָ־פעלערס מיסט...

באָרוך האָט ביטער אַ שמייכל געטון און באַשלאָסן, אַז אונטערגעבן זיך דאַרף מען ניט אַזוי גיך. באַנאַנעס און טומייטעס קאָנען טאַקע גוט זייַן, ער איז אַ גרינער און קריגן זיך דערפאר מיט זייַן שוואָגער וועט ער ניט. אָבער עס האָט דאָך אַלץ אַ גרענעץ!... און ער האָט איידל באַמערקט:

— מיר דאַכט זיך, ביינוש, אַז איר האָט א טאָעס... איך, לע־מאָשל, האָב פון ראָקאָפעלערן קיינמאָל נישט געהערט. פון ראָ־טשילדן אָבער ווייסט אַ קינד אין וויג... אַ קלייניקייַט — ראָ־טשילד...

— נו,— האָט ביינוש אַ שטאָך געטון,— וואָס־זשע ביסטו ניט געפאָרן קייַן פאַריזש צו ראָטשילדן?

— כע־כע־כע!— וואָס האָב איך מיט אים פאַר אַ געשעפטן,— האָט באָרוך מוטלאָז געלאַכט— נאָר איך מיין, אַז מע רעדט, רעדט מען: סע הייסט, ווער ווייסט דאָס ניט, אַז ראָטשילד איז דער גרעסטער מיליאָנער!

— ביסט אַ גרינער,— האָט ביינוש געטייַנעט,— מע זאָגט דיר, אַז ראָקאָפעלער איז דער גרעסטער מיליאָנער, קומסטו מיט דייַן ראָטשילדן...

— מייַנער, וואָס הייסט מייַנער?— האָט באָרוך זיך געהאַלטן פּעסט,— ער איז מייַנער, ווי דייַ... ווי דייַ... ווי אייַערער... עס

רעדט זיך נאָר. ראָטשילד, ווייסט יעדערער, איז דער גרעסטער מיליאָנער...

— אויב אַזוי, לאָמיר בעסער וועגן דעם ניט רעדן, — האָט ביינוש טרוקן אַרויסגערעדט, זיך אופגעשטעלט און שטום פאַרויכערט אַ דרײַ־סענטענעם סיגאַר.

באָרוך האָט געפילט, אַז דער שוואָגער איז בייז אַף אים, נאָר קיין כאַראָטע האָט ער דאָך ניט געהאַט.

— ס'איז דאָך נאַרישקייַט! — האָט ער פאַר זיך געטראַכט, — עס האָט דאָך אַלץ אַ גרענעץ!

# דער קאָנטראָליאָר

דאַפּקע אינמיטן זומער, ווען די לייזונג באַ די מאַרק־קרעמער איז געווען אַזוי געשלאָגן, כאָטש נעם און שליס צו די קראָמען, און באַ די קראָמען איז מען טאַקע אין אַזוינע טעג געזעסן מער צוליב היימלעכקייט, צוליב געוווינהייט, ווי צוליב פּדיען, — אָט דאַפּקע דעמאָלסט האָט זיך פאַרשפּרייט דער קלאַנג, אַז עס קומט אַ קאָנטראָליאָר פון דער גובערניע און ער וועט גיין איבער די קראָמען איבערקוקן די „בילעטן" און זען, צי האָט יעדער קרע־מער דעם ריכטיקן בילעט און צי נאַרט ער כאָלילע ניט אָפּ די מעלוכע...

דער אָנזאָגער איז געווען דאָוויד־שלוימע דער אייַזן־קרעמער, — אַ הויכער, פעסטגעבויטער ייִד, מיט אַ פייַער־רויטער באָרד און ברענענדיקע, פרייִלעכע אויגן. „דער אייַזן־קרעמער" האָט ער גע־הייסן דערפאַר, וואָס מער ווי אַנדערע סכוירעס האָט ער פאַר־מאָגט אין זייַן קראָם אייַזנוואַרג. אָבער אויסער אייַזנוואַרג האָט ער געהאַט נאָך אַנדערע סכוירעס, צו וועלכע עס האָט זיך גע־פאָדערט אַ „בילעט" פון ערשטער גילדיע, וואָס דאָס וואָלט אים קיינמאָל ניט מעגלעך געווען צו צאָלן.

דערפאַר איז ער געווען מער פון אַלע פאַראינטערעסירט אין אָנקומען פון דעם קאָנטראָליאָר. דערצו אָבער איז ער גלאַט גע־ווען אַ שטיקל „שטאָט־מענטש", אַדאַנק דעם, וואָס ער האָט גע־קאָנט רעדן ניט נאָר דאָס פּראָסטע גוייִש, נאָר אויך עכטן רוסיש. אַז מע פלעגט אַמאָל דאַרפן האָבן צוליב קאָהאָלשע אינינאָנים צום פּריסטאַוו, פלעגט מען טאַקע מוזן אָנקומען צו דאָוויד־שלוימען,

און אַמאָל טאַקע צוליב זײַן רעדן רוסיש, און אַמאָל אַ מאַטנאַס־יאַד אַ צענרובלדיקע — פֿלעגט דאָוויד־שלוימע אַלע מאָל פֿויעלן...

צו אַ קאָנטראָליאָר אָבער קאָן דאָס רעדן רוסיש און אַפּילע אַ צענרובלדיקע אַליין ניט העלפֿן. פֿריִער מוז מען געוואָרע ווערן דעם ריכטיקן טאָג, ווען ער קומט, און וווהין ער פֿאַרפֿאָרט, צי צום פּריסטאַוו, אָדער צו יאָסל־לייזערן, וואָס האָט אי אַ שענק, אי אַן אײַנפֿאָר־הויז; און אז מע געפֿינט שוין אויס וווהין ער פֿאַרפֿאָרט, דאַרף מען זעען, ווי אַזוי ער זעט אויס, אַ יונגער צי אַן אַלטער, אַ בייזער צי אַ גוטער, אַ סוינע־ייִסראָעל צי אַן אויהעוו־ייִסראָעל; און טאַקע צי „נעמט" ער.

דאָס אַלץ האָט געקאָנט אויסגעפֿינען טאַקע נאָר דאָוויד־שלוימע אַליין!

געטון האָט ער דאָס מיט גרויס פֿאַרגעניגן, האָט ליב געהאט צו האַווען, ווײַזן, אַז אָן אים וואָלט געווען זייער שלעכט; אַ העלפֿט קרעמער וואָלטן דאַרפֿן אַוועקגיין אין אַרעסטאַנטסקע ראָטע, אַסאַך אַזוי אין אָסטראָג, געוויינלעכן, הייסט עס, און די איבע־ריקע וואָלטן שוין געקאָנט אָפּקומען מיט אַ גרויסער געלט־שטראָף...

און אז דאָוויד־שלוימע זאָגט, איז געזאָגט. קיין ליגנער איז ער ניט. איז נאָר די פֿראַגע, וויפֿל ער שטעלט יעדן אַוועק צו געבן צושטײַער. וואָרעם אלעמאָל ווײַזט זיך אַרויס, אַז דער קאָנ־טראָליאָר נעמט יאָ; דאָס הייסט, אַז ער אליין, אַזאַ גרויסער לײַט, נעמט ניט; נעמען נעמט אַן אַנדערער, אַ קלענערער, וואָס דאַרף אים אַרומפֿירן און ווײַזן די אַשירעס פֿון די קרעמער און די אויצרעס פֿון די קראָמען; און אָט דער, וואָס דאַרף אים אַרומפֿירן, נעמט עס און גיט עס איבער אים, דעם קאָנטראָליאָר, ווען קיינער זעט ניט...

און איידער דער קאָנטראָליאָר קומט נאָך, ווערט דאָוויד־שלוימע דער קאָנטראָליאָר אַליין. גייט אום צווישן די קראָמען, אויך מיט אַן אַרומפֿירער, אַ יונגן קרעמערל, ערשט אַראָפּ פֿון קעסט, וואָס לייזט נעבעך ווייניקער פֿון אַלע, דערפֿאַר אָבער איז ער אַ גרויסער באַלכעשבן און קאָן ריכטיק פֿאַרשרײַבן, וואָס יע־דער גיט דאָוויד־שלוימען צושטײַער פֿאַרן קאָנטראָליאָר.

און דאָוויד־שלוימע, פֿאַרגעסנדיק, אַז ער אַליין איז ניט מער ווי אַ קרעמער, וואָס גייט טון טויוועס זײַנע ברידער, ווערט אַליין שטרענג און רעדט שיר־שיר ניט קיין רוסיש, און די קרע־מער, וואָס זײַנען מיט אַ טאָג צוריק געווען זײַנע שכיינים, שכיי־נים און פֿרײַנט, שרעקן זיך אַביסל פֿאַר אים.

— וואָס פֿאַר אַ בילעט האָסטו, העני? לאָמיר אָנקוקן. . — ווענדעט ער זיך צו אַן אָרעמער קרעמערן, דאָס ערשטע קרעמל נאָך זײַנער.

— וואָס האַלט איך דען, מישטיינס געזאָגט? — די זיבן רובל, וואָס איך האָב אָפּגעצאָלט נאָך נײַ־יאָר פֿאַר אַ בילעט, איז אויך אַ גאַזלאָוואַי, אין מײַן גאַנצן קרעמל געפֿינט זיך איצט ניט קיין סכוירע פֿאַר זיבן רובל; איר ווייסט דאָך, רעב דאָוויד־שלוימע.

דאָוויד־שלוימע ווייסט טאַקע, פֿונדעסטוועגן מאַכט ער זיך ניט וויסנדיק; איין ראַכמים באַדין! ער זאָל הײַנט ראַכמאָנעס האָבן, וועט ער שיין אויסקוקן.

און ער נעמט זיך באַקוקן די סכוירע.

— זעסטו, אָט אין דעם קעסטעלע האָסטו אַ פּאָר שפּולן מיט זײדענע פֿאָדעם. דו ווייסט, אַז דערפֿאַר מוז מען צאָלן ערשטע גילדיע — זײַד!

די אָרעמע קרעמערן צעלאַכט זיך.

— דו לאַכסט? — האַלט זיך דאָוויד־שלוימע קאָם אײַן פֿון גע־לעכטער. — איך זאָג דיר, אַז פֿאַר זײַדענע פֿאָדעם פֿאָדערט זיך אַ פּערווע־גילדיע־בילעט פֿאַר דרײַ הונדערט רובל... אָבער וואָס וועל איך דיך גיין באַרײַסן, גיב אַ האַלבן רובל, און דו וועסט אַפֿילו דעם קאָנטראָליאָר ניט אָנזען.

מיט רײַכערע קרעמער איז ער געווען נאָך שטרענגער; געריסן רובלס, דרײַערלעך און אַפֿילו פֿינפֿערלעך...

דאָס צונויפֿנעמען די גרויסע סומע האָט געדויערט עטלעכע טעג...

און קיין קאָנטראָליאָר, אויסער דאָוויד־שלוימען אַליין, האָט קיינער ניט געזען.

דאָוויד־שלוימע האָט זיי אָבער אי־ געשראָקן, אי באַ־רויִקט ..

— ער איז דאָ, אָבער ער וועט ניט גיין. ער פאַרלאָזט זיך אַף מיר...

זײַנען די קרעמער יאָ געווען צופרידן און ניט. טאַקע בעסער, אַז מע זעט דעם קאָנטראָליאָרס פּאָנעם ניט אָן. פונדעסטוועגן וואָלט אַן אַנדער קרעמער געווען אַ באַלן צו זען, ווי אַזוי קוקט ער אויס...

פלעג זיי דאָוויד־שלוימע אַמאָל אַ טױװע טון, נאָכדעם ווי ער איז מיט אַ גוטן קאָנטראָליאָר אַליין דורכגעקומען, האָט ער אים געפירט איבער עטלעכע קראָמען...

יענער קאָנטראָליאָר איז גראָד געווען אַ דאַרער, אַ נידעריקער און אָנגעטון אין ציווילע קליידער. בלויז אויבן אַפּן היטל האָט געפינקלט אַ קאָקאַרדע. גערעדט האָט ער גאָרנישט, בלויז אַ נאַכלעסיקן בליק אַ וואָרף געטון אינעווייניק אין קראָם, צוגענאַנגען צו אַ צווייטער קראָם, צו אַ דריטער און גוטמוטיק געשמייכלט.

האָבן די קרעמער דערנאָך טאַקע געהאַט טײַנעס צו דאָוויד־שלוימען:

— אָט אַזאַ גאָרניט שטאָפּט איר אים אָן, רעב דאָוויד־שלוימע, מיט גאָלד...

אָבער רעב דאָוויד־שלוימע האָט זיי פאַרזיכערט, אַז ער איז אַ גרויסער „לײַט״, דער קאָנטראָליאָר, האָט אַ גענעראַלסקן טשין, און זײַן טיטול איז: „וואַשע פּרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ״.

דער טשין און דער טיטול האָט שוין דאַפּקע בא די קרעמער אויסגענומען, און צוליב דעם איז בא זיי דאָוויד־שלוימע מער דער־הויבן געוואָרן.

— אַ מוט פון אַ ייִדן...— האָבן נאָכדעם די קרעמער, ניט האָבנדיק קיין לייזונג אין די לאַנגע זומער־טעג, די זאַך אַרום־גערעדט ברייטער,— ער גייט זיך אַרום מיט אַזאַ גרויסן „לײַט״, ווי מיט זײַנעם אַ גלײַכן.

— נו, יאָ, איר שפּילט זיך מיט דאָוויד־שלוימען... ער איז מיט זיי אויסגעבונדן.

און אַזוי האָט דאָוויד־שלוימע מיט דער צײַט באַקומען דעם צו־נעמעניש, וואָס האָט אָבער געקלונגען ווי אַ טיטול—דער קאָנטראָליאָר.

אָבער קיין מוירע האָט מען פאַר אים דאָך ניט געהאַט. ער איז פּאָרט אַן אייגענער מענטש, אַליין אַ קרעמער, און עס איז אַ סוואָרע, אַז ער איז פּונקט אַזאַ אָרעמאַן, ווי זיי...

# דער איינציקער זייגערמאַכער

ווי דאָס שטעטל איז געווען ניט גרויס, פונדעסטוועגן האָט עס פאַרמאָגט געגנוג פון יעדן מין באַלמעלאָכעס. ווער רעדט שניי־דער, זײַנען געווען ניט צום ציילן. זיי האָבן אַפילע פאַרמאָגט אַן אייגענע שול און אַפילע אַן אייגענע „כעוורע". קיין שוסטער האָבן אויך ניט אויסגעפעלט. יעדע גאַס האָט פאַרמאָגט צו עט־לעכע שוסטער. טשעסלערס און סטאָלערס זײַנען שוין געווען ווייניקער, אָבער ווי־ניט־ווי איז אַ טשעסלער און א סטאָלער קיין בעניאָכיד אַפילע אין אַ גאַס ניט געווען, און מיט וואָס צו יאַכסענען זיך האָבן זיי ניט געהאַט.

אַן איינציקער ניט נאָר אין גאַס, נאָר אין גאַנצן שטעטל, איז געווען דער זייגערמאַכער.

און מע פלעגט אים טאַקע פאַרענטפערן, ווען ער פלעגט אויסבעטן פאַר פאַריכטן אַ זייגער צו טײַער, אַז ער איז איינער אין דער „מעדינע".

פונדעסטוועגן האָט ייִצכאָק, דער איינציקער זייגערמאַכער, קיין גליקן ניט געמאַכט. פאַרקערט, עס איז געווען אַ סוואָרע, אַז אין פאַרנאָסע איז ער הינטערשטעליק אַפילע דעם אָרעמסטן באַלמעלאָכע. וואָרעם טאָמער האָט שוין איינער אין שטעטל גע־קויפט אַ זייגער, טאַקע באַ ייִצכאָק דעם זייגערמאַכער גופע, איז דאָס געווען פאַרזאָרגט אַף צענדליקער יאָרן. הענגענדיק, איז דער זייגער מיט דער צײַט צוגעוואָקסן געוואָרן צו דער וואַנט און ער האָט זיך געעלטערט שוין אינגיינעם מיט דער שטוב און מיט די מענטשן...

טאָמער איז דער זייגער מיט דער צײַט פאָרט קאַליע געוואָרן, האָט מען געפּרוּווט אייגענע מיטלען, וואָס זײַנען אומגעגאַנגען פון דאָר צו דאָר, און וואָס, ווי אַף צעלאָכעס דעם זייגערמאַכער, האָבן זיי געהאָלפן, און דער זייגער איז אַוועק, ווי מיט ניסים... אויב מ'האָט שוין יאָ געדאַרפט טראָגן דעם זייגער צו ייִצכאָק דעם זייגערמאַכער, — ווײַל קיין ניסים זײַנען ניט געשעען — איז דאָס געווען פּונקט ווי מע וואָלט געדאַרפט גיין מיט אַ כוילע צו אַ גרויסן דאָקטער, וואָס ניט ער נעמט אַסאַך געלט, נאָר מע דאַרף וויסן ניט נאָר ווי צו ריידן, נאָר אַפילע ווי אַזוי צו שטיין פאַר אים.

און ייִצכאָק דער זייגערמאַכער האָט טאַקע אויסגעזעען ווי אַ דאָקטער, מיט אַ שטרענגן בליק. און אַפילע באַ דער אַרבעט זיצנדיק איז ער געווען געקליידט ניט ווי אַ געוויינלעכער ייִד, נאָר עפּעס גאָר אַנדערש. טאַקע נאָר מײַסע דאָקטער!... ריין, ציכטיק, און די באָרד — ווי צוגעשוירן.

געקומען מיטן זייגער, וואָס מע האָט געטראָגן צו אים מיט גרויס פאָרזיכטיקײַט און דאָסראָוו אין צווייען, האָט זיך דער באַלעבאָס פון זייגער אַוועקגעשטעלט מיט גרויס האַרצקלאַפּעניש און געוואַרט.

ייִצכאָק אַליין איז געזעסן אַף אַזאַ מין בענקל, באַ אַזאַ מין טישעלע, וואָס איז געשטאַנען האַרט צום פענצטער, און געקוקט דורך אַ שפּאַקטיווע אין אַן אַנדער זייגער, שוין אַ צענומענעם, און האָט אַפילע ניט באַמערקט, צי געמאַכט זיך, אַז ער באַמערקט ניט דעם, וואָס איז אַרײַנגעקומען מיטן קראַנקן זייגער.

ערשט אַז ער איז פאַרטיק געוואָרן און האָט אַראָפּגענומען קאַלטבלוטיק די שפּאַקטיווע פון דעם רעכטן אויג, האָט ער פריִער אָנגעקוקט דעם ייִדן מיטן זייגער אין די הענט און נאָך דעם דעם זייגער אַליין און זיך אָנגערופן:

— וואָס עפּעס גוטס?

— אָט, דער זייגער, איר קענט דאָך אים, באַ אײַך פאַר צען יאָרן געקויפט... קאַליע געוואָרן...

— כ־כי־כי, פאַר צען יאָרן געקויפט... האַ? פאַר צען יאָרן...— לאַכט דער זייגערמאַכער אַביסל גוטמוטיק און אַביסל מיט

בייזקײַט; אַקוראַט קאָן דער באַלעבאָס פון זייגער ניט באַ־נעמען...

און באַלד נעמט ער שוין שווײַגנדיק דעם זייגער, מאַכט אַן ערנסטע מינע, לייגט אים אַוועק אַפן טישל, ווי צו פּאַלמעסן, עפנט אים אוף מיט אַזוינע אינסטרומענטן, און אַז ער האָט זיך שוין דערגרונטעוועט צו די געדערים, גיט ער אַ ריר די „פּע־דער", אַ בלאָז אין די ווינקעלעך, די באַהאַלטענע, די טיף־סייכלדיקע, און נאָכדעם נעמט ער זיך ערשט קוקן דורך דער שפּאַקטיווע...

און ביזוואַנען מע דערהערט אַ וואָרט פון אים, גייט שיר ניט אַרויס באַם באַלעבאָס פון זייגער דאָס כײַעס...

וואָס מיטן זייגער איז דער מער, זאָגט ניט יִצכאָק דער זייגערמאַכער, ווי אַן אַנדער דאָקטער זאָגט ניט וואָס איז דער מער מיטן כוילע. ער זאָגט נאָר, נאָך אַ גענויער אונטערזוכונג, קורץ די פּרײַז:

— עס וועט אײַך קאָסטן פינף גילדן, — און רויִק נעמט ער זיך צוריק צום פריִעריקן זייגער.

פינף גילדן איז אַן אייגנס, אָבער מיט יִצכאָק דעם זייגער־מאַכער, אַז מע מוז שוין צו אים אָנקומען מיט אַ זיי־גער, דינגט מען זיך ניט, ווי מע דינגט זיך ניט מיט אַ דאָק־טער ...

דאָ איז נאָר די פראַגע: ווען? אָבער יִצכאָק דער זייגער־מאַכער, וואָס קאָן, אַז ער זאָל נאָר ווען, דאָס מאַכן אין אַ האַלבער שאָ — אַזוי טראַכט יעדער, וואָס קומט אָן צו אים — לייגט אָפּ אַף אַ גאַנצער וואָך.

— איבעראַכטאָג מאָנטיק קומט מיט פינף גילדן...

און מער רעדט ער ניט...

און ווײַל ער באַגייט זיך אַזוי שטרענג מיט די באַלעבאַטים פון די קראַנקע זייגערס, האָט מען פאַר אים דערעכערעץ און מע גלויבט, אַז ער איז דער גרעסטער זייגערמאַכער אין דער וועלט...

אַז מע קומט אָפּנעמען דעם זייגער, וואָס הענגט שוין אַף איינער פון די ווענט, וואָס זײַנען פאַרהאַנגען מיט אלערליי

זייגערס, פון וועלכע אייניקע „שטייען", ווערט שוין ייִצכאָק פּריינטלעכער און רעדעוודיקער:

— אַן אַרבעט אַביסל געווען... אָבער זאָרגט ניט; פֿאַר נאָך צען יאָר בין איך אײַך אָרעוו.

און אַז ער באַקומט די פינף גילדן, וואָס ער לייגט זיי אַוועק אַפן טישעלע לעבן די איידעלע געצײַג, ווערט ער נאָך מער אופגעלעבט, און אויב דער באַלעבאָס פון זייגער איז טאַקע אַ ריכטיקער באַלעבאָס, לאָזט ער זיך מיט אים אַפילע אַרײַן אין אַ קורצן שמועס וועגן שטאָט־זאַכן און אַמאָל וועגן וועטער:

— אַ שיינער טאָג...

און אין דערזעלביקער צײַט נעמט ער אַראָפּ דעם זייגער פון וואַנט, דרייט אים און ווײַזט ווי שטאַרק ער גייט.

— איר הערט אַ גאַנג?...

און נאָכדעם שטעלט ער אים אָן אַף דער ריכטיקער צײַט, קוקנדיק אַף אַ קליין זייגערל, וואָס ליגט אַף זײַן טישל.

דאָס אייניציקע זייגערל, וואָס גייט ריכטיק און וואָס קיינער זעט ניט...

די איבעריקע זייגערס אַף די ווענט, אַפילע די, וואָס גייען גייען אָבער אַלע ניט ריכטיק. אַף איין זייגער איז האַלב דרײַ, אַף דעם אַנדערן אַ פערטל אַף זיבן און אַף דעם דריטן — פינף מינוט אַף צוועלף.

וווּנדערט מען זיך, וואָס דאַפקע באַם זייגערמאַכער אַליין גייען אַלע זייגערס ניט ריכטיק.

ריכטיק גייט בלויז דאָס קליין זייגערל, וואָס ליגט באַ אים אַפן טישל. דאָס איז זײַן אייגן זייגערל, אַ מין הייליק זייגערל...

דערקלערן עס אַנדערע דערמיט, וואָס ייִצכאָק קאָן זיך ניט פאַרגינען, אַז די זייגערס אַף די ווענט זאָלן גיין ריכטיק, ווײַל ווער עס גייט ניט פאַרבײַ, כאַפּט אַ קוק אַרײַן אינעווייניק. איז אַף צעלאָכעס זײַנען די זייגערס אָנגעשטעלט אַף פאַרשיידענע שאָען.

— ווילסטו וויסן די צײַט, קויף אַ זייגער...

פונדעסטוועגן, ניט אָפּשטעלן זיך פאַר ייִצכאָקס הויז און ניט אַרײַנקוקן זומערצײַט דורכן אָפענעם פענצטער, אָדער דורך דער אָפענער טיר אין אַ הייסן טאָג, קאָן מען ניט. עס ציט אַרײַנ־

צוקוקן, וויסן ווי שפעט עס איז, ווען אַפילע עס איז גאָרניט נייטיק...

נאָר גיי דערגיי אַ טאָלק, אַז איין זייגער וויַיזט האַלב דריַי און דער אַנדערער האַלב צען, און איין זייגער איז זיך מעיאַשעוו און קלינגט גאָר אויס צוועלף. איין זייגער וויַיזט שוין, דאַכט זיך, ווענדליק די זון און די שאָטנס אַף דער גאַס, יאָ די ריכטיקע צייַט, כאַפּט מען זיך, אַז דאַפקע דער זייגער „שטייט" גאָר ...

און ייִצכאָק זיצט זיך באַם קליין טישעלע באַם פענצטער קוקט דורך אַ שפּאַקטיוו אין די געדערים פון אַ זייגערל און מערקט ניט, ווי אַזוי איינער קוקט אַרייַן אינעווייניק און וויל, שטאַרבט מאַמעש אַוועק צו וויסן די ריכטיקע צייַט... און באַ־האַלטענערהייט שמייכלט ער מיט נעקאָמע...

ביז וואַנען ער נעמט אַראָפּ דעם שפּאַקטיוו פון אויג, קוקט שוין אָן מיט זייַנע ביידע אויגן, קלוגע און דורכדרינגענדיקע, דעם, וואָס קוקט אַרייַן אינעווייניק, און ווענדעט זיך קאַלטבלוטיק צו אים:

— וואָס איז, הא?... איר ווילט קויפן אַ זייגער?... קומט אַרייַן. איך וועל אייַך פאַרקויפן...

און יענער אַנטלויפט שוין אַ פאַרשעמטער.

און אַמאָל טרעפט טאַקע, אַז איינער איז שוין געצוווּנגען אַרייַנצוגיין און פרעגן:

— וואָס וואָלט געקאָסט אָט דער זייגער, לעמאָשל?...

— וועלכער, אָט דער? — פרעגט איבער מיט אַ באַהאַלטענעם שמייכעלע דער זייגערמאַכער.

— אָט דער, וואָס אַף אים איז איצטער פינף מינוט צו אַכט...

און אַז דער מעקעך איז ניט צו הויך ווענדליק דעם פרעגערס פאַרמעגן, פאַרקלערט ער זיך, באַטראַכט די צוויי פייַער־רויטע בלומען אַפן ציפערבלאַט, די פינקלענדיק לאַנגע קייטן מיט די צוויי וואָג, וואָס הענגען אַראָפּ קימאַט ביז דער ערד, און זאָגט:

— איך וועל זיך מעיאַשעוו זייַן...

און גייט אַרויס, באַגלייט פון די כויזעק־בליקן פון דעם זייגער־מאַכער.

און דער זייגערמאַכער זעצט זיך צוריק אַוועק אַפן מין בענקל באַם מין טישל, קוקט אַרײַן דורכן שפּאַקטיוו אין די געדערים פון עפּעס אַן אַלטן זייגער.

און ווער עס גייט פאַרבײַ און זעט אים אַזוי זיצנדיק, קריגט גרויס דערעכערעץ, און אַן אַנדערער קריגט אַפילע אויך ראַכ־מאָנעס:

— ווי אַזוי לעבט זיך דורך אַזאַ מענטש מיט אַזאַ מין איי־דעלער מעלאָכע? אַז אַ זייגער, אַז מע קויפט שוין יאָ, איז אַף יאָרן.

עס בלײַבט טאַקע אַ רעטעניש...

# די קנעטערן

סאָרע איז שוין צען יאָר אַן אַגונע. דער מאַן אירער, לייבע דער שנײַדער, מיט וועלכן זי האָט געלעבט פינף פינצטערע יאָר, ווי זי רופט זיי אָן, איז אַפּן זעקסטן יאָר אַוועקגעפאָרן קיין אַמע־ריקע און איז ווי אין וואַסער אַרײַנגעפאַלן. שוין צען יאָר, אַז זי איז זיך אַליין מעפּאַרנעס דערמיט, וואָס זי וואַשט גרעט פאַר די רײַכע שטעטלדיקע באַלעבאָסטעס, וואַשט דילן, פליקט גענדז, און נאָך אַזעלכע אַרבעט. די אַלע אַרבעטן גיט מען איר פאַר ראַכמאָנעס צו איר און צו איר איינציקן בעניאָכידל: אַזוי זאָגן די באַלע־באָסטעס. פונדעסטוועגן איז זי נאָך פון די רײַכע באַלעבאָסטעס ראַכמאָנעס ניט רײַך געוואָרן, און אַז עס קומט שאַבעס, קומט זי אָפּ מיט אַ הערינג אַנשטאָט פלייש און יאָנטעוו מיט אַ שטיקעלע לונג און לעבער.

פּייסעך אָבער מאַכט זי, ווי זי דריקט זיך אליין אויס, „ניט צו פאַרזינדיקן". מאַצע באַקט זי אין פּאָדריאַד, ווו זי איז אַלע יאָר אַ קנעטערן, און באַקומט פיר גילדן אַ טאָג אַכוץ „מאַכן". און „מאַכן" מאַכט נאָך ביז אַ רובל. אין פּאָדריאַד שטייט זי אָפּ צוויי וואָכן. און אַ טאָג פאַר ערעוו יאָנטעוו, ווען דאָס מאַצע־באַקן ענדיקט זיך, ציילט זיך איר קאַפּיטאַל ביז 12 רובל,— צוויי רובל איז באַ איר אַוועק אַף עסן. עס איז אַפילע אַסאַך געלט, נאָר גאָט ווייסט דעם עמעס — אַזוי פאַרענטפערט זי זיך אַליין—זי האָט ניט געמיינט צו „פרעסן", זי איז נאָר אויסן געוועזן אַ בעסערן ביסן צוליב דעם, זי זאָל קאָנען האָבן קויעך צו שטיין באַם „בעקן" און אויסהאַלטן אַזאַ שווערע פראַצע, ווי אַ קנעטערן האָט.

און אַז זי ענדיקט איר אַרבעט, פילט זי, ווי הענט און פיס זײַנען ניט אירע, ווי זי וואָלט זיי געליִען ערגעץ און זיי זײַנען ניט אַף איר מאָס... זי האָט נאָר איין פאַרלאַנג — אַ וואָרף טון זיך אַף איר בעטל און שלאָפן, שלאָפן שטענדיק, קיינמאָל שוין ניט אופשטיין. קיין גרעסערן גליק איז שוין, דאַכט זיך, פאַר איר ניטאָ. אַזאַ גליק אָבער קאָן זי זיך ניט פאַרגינען. אַוועקגייענדיק מיט צוויי וואָכן צוריק אין פאָדריאַד, האָט זי איר שטיבל געלאָזט אַפילע ניט קיין אויסגעקערטע, כאָמעץ איז אין אַלע ווינקעלעך. דער אַלטער קאַסטן, וווּ זי דאַרף די מאַצע לייגן, איז ניט קיין געוואַשענער, די קיילים ניט קיין געקאַשערטע, באַ איר איז נאָך ניטאָ קיין סימען פון קיין פּייסעך, און געלט מיט וואָס צו מאַכן פּייסעך האָט זי יאָ, גאָט צו דאַנקען. איצט פעלט איר נאָר קויעך, און סאָרע שמועסט זיך איין, אַז דער „פאָדריאַד" איז נאָך ניט געענדיקט: זאָל דאַכטן, אַז זי דאַרף נאָך א טאָג שטיין און קנעטן, פון בעקן טאָר מען דאָך געוויס ניט אַוועקגיין, הײַנט וואָס מאַכט זי זיך נאַריש? און זי פּרווּוט אָנהייבן צוצוקלייבן, מאַכן פּייסעכדיק. נאָר עס פאַלט באַ איר פון די הענט, זי האָט קיין קויעך ניט אויסצובייגן זיך, און זי בלײַבט פאַרצווייפלט.

— איך וואָלט כאַיִמקען כאָטש האָבן אינדערהיים! — קלאָגט זי זיך, — ער איז אַ טײַער קינד, שוין 12 יאָר אַ באָכער, ער וואָלט מיר געהאָלפן!

איר כאַיִמקע איז אָבער שוין דרײַ יאָר פאַרקויפט באַ זעליק דעם שוסטער פאַרן עסן, און זעליק וועט אים ניט לאָזן קומען העלפן דער מאַמען.

און סאָרען פאַלט גאָר אײַן דינגען אַ „מענטשן" צו מאַכן אין איר שטיבעלע פּייסעך...

לעכאַטכילע פאַרשעמט זי זיך פאַרן געדאַנק. זי ווערט מאַמעש רויט.

סטײַטש, זי, אָרעמע אַגונע, וואָס איז באַ יעדער באַלעבאָסטע אַ דינסט, וואָס האָט קיין שום „ווערדע" באַ קיינעם ניט, וואָס אויסער איר שטיקעלע ייִכעס, וואָס זי איז אַן אַגונע און מע האָט דערפאַר אַף איר ראַכמאָנעס, האָט זי קיין אויסקוק ניט פונוואַנען זי זאָל קענען לעבן — זי וועט גאָר ווערן אַ פּריצטע און וועט

דינגען זיך „מענטשן" צו ראַמען, וואַשן באַ איר אַף פּייסעך! עס איז בּיזיוינעס פאַר לײַטן, מע וועט פון איר כויזעק מאַכן...

פונדעסטוועגן באַשליסט זי עס פּעסט צו טון. פאַר צוויי גילדן וועט איר כאַשע די אַלמאָנע אַלץ צעוואַשן. זי וועט איר דערציילן די גאַנצע מײַסע, זי וועט זי בעטן זי זאָל קיין פאַריבל ניט האָבן...

זי מאַכט זיך האַרץ און גייט אַרויס קעגניבער צו כאַשע דער אַלמאָנע, וועלכע פאַרנעמט אויך דיזעלבע שטעל באַ די שטע-טלשע רײַכע באַלעבאָסטעס, וואָס זי, סאָרע.

— גוט־מאָרגן, כאַשע, — זאָגט זי קאָם אַרויס, אַרײַנגייענדיק צו דער אַלמאָנע אין פינצטערן שטיבל.

— גוט־מאָרגן, גוט יאָר, אַ גאַסט! — ענטפערט כאַשע, וועלכע עסט פון אַ צעבּראָכן שיסעלע אַ מין געקעכטס, וואָס האָט נאָך דערווײַל קיין באַזונדער נאָמען ניט.

— האָסט עפּעס ארבעט? — פרעגט סאָרע און דאָס האַרץ ציטערט איר.

— ניין, — ענטפערט כאַשע. איך האָב שוין באַ אַלע באַלע-באָסטעס די אַרבעט אָפּגעטון. קאָם, קאָם פאַרדינט אַף פּייסעך.

— וואָלסט עפּשער וועלן נאָך עפּעס פאַרדינען? — פרעגט סאָרע אַ דערשראָקענע.

— אַך, מיטן גרעסטן קאָוועד! — ענטפערט כאַשע אַ דערפריי-טע. — אַ קלייניקײַט פּייסעך! וויפל מע פאַרדינט — איז ווינציק.

דערהערנדיק אַזאַ מיינונג וועגן פּייסעך, פאַרשעמט זיך שוין סאָרע אויסצורעדן איר באַקאָשע און זי ווערט אַנשוויגן.

— ווהין... ווהין? דאָס איז צו...

סאָרע פאַרלירט זיך און קען נישט אויסרעדן קיין וואָרט.

— אַוואַדע צו דעם „כאַזער", צו ביילע באָרוכס? — וויל כאַשע טרעפן.

— ניין! — האַקט אָפּ סאָרע און גיט צו מיט גוואַלד:

— איך האָב געוואָלט זאָלסט צו מיר אַרײַנגיין...

— צו דיר? — פאַרוווּנדערט זיך כאַשע און שטעלט אויס די אויגן: — לאַכסט דאָס ניט?

דאָ באַליידיקט זיך שוין סאָרע. זי דערמאָנט זיך אָן אירע צוועלף רובל, וואָס זי פאַרמאָגט, און רעדט אַרויס ווי מיט שטאָלץ:

— וואָס מיינסטו, איך וועל דיר נישט באַצאָלן? איך וועל דיר באַצאָלן ווי אַ באַלעבאָסטע.

דער שטאָלצער טאָן געפעלט שוין ניט ווידער כאַשען: אַ נייַע באַלעבאָסטע געוואָרן — טראַכט זי. און זי בלאָזט זיך אָן.

— נו, איז וואָס, דו גייסט אַרייַן? — פרעגט סאָרע ווי אַ באַליידיקטע.

— ניין, מיט אַן עמעס?.. — וויל כאַשע ניט גלויבן.

— ס'אַראַ נאַר דו ביסט! — קומט שוין סאָרע צו זיך... — עס איז מיר גאָרניט אַזוי פריילעך אַפן האַרצן צו לאַכן פון דיר און קיין קויעך האָב איך דערצו אויך ניט, קאַם וואָס איך לעב. צוויי וואָכן, אַז מע שטייט אָפּ באַם בעקער ביז צוויי אַזייגער באַנאַכט, איז ניט קיין געלעכטער... איך קען מיט אַ גליד ניט א ריר טון. וועסט באַ מיר אַביסעלע אַ וואַש טון, איך וועל דיך ניט קריוודען, שרעק זיך ניט.

כאַשע שמייכלט, און דאָך באַשליסט זי צו גיין.

— מיילע, זאָל זייַן פון אַ קאָזאַק, אַבי צום לעבן.

און כאַשע קומט צו סאָרען אין שטיבל און הייבט אָן אַרבעטן. סאָרע וויל זיך צולייגן, זי קען מאַמעש אַף די פיס ניט אייַנשטיין. זעענדיק אָבער ווי כאַשע אַליין נעמט שלעפּן דעם קאַסטן און ווערט רויט שלעפּנדיק, פאַרקלעמט איר דאָס האַרץ און זי גייט איר צו העלפן.

— גיי, גיי!.. — טרייַבט זי כאַשע, — איך וועל אַליין!

נאָר סאָרע גייט ניט אַוועק און מיט די לעצטע קויכעס העלפט זי איר אַרויסטראָגן דעם קאַסטן.

שפּעטער אַ ווייַלע פאַרגעסט זיך סאָרע אָן אַלע אירע ווייטיקן און זי הייבט אָן גלייַך אַרבעטן מיט כאַשען. כאַשען ווערט נימעס אַוועקטרייַבן זי, און ביידע ווייַבער אַרבעטן מיט דעמזעלבן כיישעק, אויסרעדנדיק איינע פאַר דער אַנדערער די טרויעריקע הערצער.

און זעענדיק ווי זיי אַרבעטן ביידע, וואָלט שווער געווען צו דערקענען: ווער איז דאָ די באַלעבאָסטע און ווער איז די געדונגענע.

# אָרעמע מאַצע

עלף אַזייגער באַנאַכט.

באַ כאַיִם לייבעס אין „פּאָדריאַד", ווו אַ גאַנצן טאָג רוישט און טומלט, איז געוואָרן שטילער. די וועלגערנס, מיידלעך און יונגע ווײַבלעך, פּילן זיך זייער מיד און האָבן קײַן קויעך נישט צווישן זיך צו רעדן. אַפילע כאַיע־ב׳ילע, דאָס יונגע פריילעכע ווײַבל, וואָס זינגט אַ גאַנצן טאָג לידער, ניט קוקנדיק אַפן שטרענגן מאַשגיִעך, וועלכער ווײַזט איר אוף, אַז אַ פרוי טאָר בעפיירעש ניט זינגען, — אַפילע זי איז אויך שטיל, נאָר פּאַר זיך אונטערן נאָז ברומט זי דאָס לידל:

„זײַ־זשע געזונט, מײַן טײַערע מוטער,
איך פאָר שוין פון דיר אַוועק"...

און דאָס איז נישט דערפאַר, וואָס זי איז איצט אופגעלייגט צו זינגען, נאָר גלאַט אַזוי: זינט זי האָט דאָ אין דער פרעמדער שטאָט כאַסענע געהאַט, גייט איר דאָס לידל קיינמאָל פון זינען ניט אַרויס.

ווען ניט דאָס קלאַפּן פון די קאַטשעלקעס איבער די ברע־טער, דאָס סקריפּען פון רעדל איבערן בלעך, וואָלט זיך געדאַכט, אַז זיי שלאָפן אַלע שטייענדיק, אַזוי מיד און אויסגעמאַטערט זעען זיי אויס. עפשער נאָר רײַסט זיך אַרויס אַ געשריי פון אַ נערוועזער מידער וועלגערן אַף דער קנעטערן: „פאַרשטייט זיך, מע קאָן דאָך ניט וועלגערן!" אַף וואָס די קנעטערנס ענטפערן אַזוי ווי פון אונטער דער ערד: „גיי דו צום קנעטן, וועסטו וויסן ווי צו פאַרשטײַפן זיך, אַף מײַנע סאָנים געזאָגט געוואָרן מײַן קויעך"...

און עס װערן װידער אַלע אַנשװיגן.

און אַז די שטילקײַט דויערט צו לאַנג און די מידקײַט װערט שװערער, הײבט אָן אין פּאָדריאַד צו רוישן:

— איך פאַל פון די פיס, אַף נעמאָנעס,—קלאָגט זיך אַ װעל־גערן פאַר דער צװײטער.

— און איך האָב שוין קײן הענט ניט,—ענטפערט איר די צװײטע, קרעכצנדיק.—אָט דאָ אין די דאָלאָניעס שטעכט מיר, װי מיט נאָדלען, קאם װאָס איך ריר אָן די קאַטשעלקע.

אַ דריטע װעלגערן, מיט אַ בלאַס געזיכט, מיט גרויסע טיפע גריבער אונטער די אויגן, קלאָגט זיך פאַר זײ בײדן, אַז איר ברעכן אַלע בײנער, זי װאָלט אַװעקגעגעבן אַ האַלב לעבן מע זאָל איר לאָזן אַװעקגײן אַהײם צוטשפּאַרן זיך. באַ די װערטער „צושפּאַרן זיך" בײגט זי אָן דעם קאָפּ אָן אַ זײַט, װי זי װאָלט װעלן פּרוּװן װי גרויס עס איז דערפון דער טײַנעג.

נאָך אַ װעלגערן דערצײלט הויך מיט אַ שטימע פון צאָרן, אַז באַ עשקע בײנושעס האָט מען שוין מיט אַ שאָ צוריק גע־ענדיקט. דאָס װירקט זײער שלעכט אַף די װעלגערנס, און דער גאַנצער פּאָדריאַד, אויסער דער קנעטערן און דעם זעצער, בײדע אין די מיטעלע יאָרן, צעבוּנטעװעט זיך מיט אַ געפּילדערײַ:

— װען װעט מען שוין גײן אַהײם! אין אַלע פּאָדריאַדן האָט מען שוין לאַנג געענדיקט. נאָר אַף אונדז איז עפּעס אַן אויסגאָס, ערגער װי אומעטום.

דער זעצער—אַ הויכער דאַרער ייִד, מיט אַ שפּיציק בערדל, מיט אַ פאַרפלאַמט פּאָנעם, אַף װעלכן עס שטײען גרויסע טראָפּנס שװײס, לויפט צו צום בלעך, קלאַפּט אָן מיטן שטעקן און צעבײזערט זיך:

— מאַצע, מאַצע! אַ לײדיקער אויװן! װאָס האָט איר זיך צעדאַרשנט! דער טאָג איז אײַך װײניק?!

אַף זײַן געשרײ לויפט אַרײַן פון אַ זײַטיק כײדערל די באַ־לעבאָסטע, אַ נידעריקע פרוי מיט אַ געקנײטשט פינצטער פּאָנעם מיט גוטע שװאַרצע אויגן, און זי הײבט זיך אָן בעטן באַ די װעלגערנס.

— באַלד, קינדערלעך, באַלד! פאַראַן נאָך עפּשער זעקס „מײַרעס" אין זעקל.

— שיינע זעקס! — קלינגט אויס פון ערגעץ אַ ווינקל אַ יונג קינדיש קעלעכל. דאָס איז דער „שיטער" אַליין. ווער ווייס נאָך אַזוי ווי ער, וויפל „מיירעס" עס זײַנען נאָך דאָ! ער הייבט אוף מיט זײַנע דאַרע הענטלעך דאָס זעקל און איז זיך מעשאַער, אַז עס וועט זײַן נאָך שטאַרקע צען „מיירעס".

די וועלגערנס צעשרײַען זיך ווײַטער, נאָר דער זעצער בײַ־זערט זיך און מיטן שטעקן קלאַפּט ער איבערן בלעך:

— מאַצע, מאַצע! עס קילט דער אויוון!

— אַי, זאָל אים, ריבוינע שעל אוילעם, קילן אין בויך! — שעלט אַ וועלגערן.

— וואָס איז ער שולדיק! — פאַרענטפערט אים דאָס יונגע פרײַ־לעכע ווײַבל, — אים איז נאָך עפשער שווערער ווי אונדז, און קיין גרויסער גיבער איז ער אויך ניט, נאָר וואָס זאָל מען טון? ער ווייס, אַז מע מוז ענדיקן. פריִער, שפּעטער — מע וועט אינמיטן ניט לאָזן און צעגיין זיך.

עס איז ווידער שטיל געוואָרן, אַזוי ווי אַלע וואָלטן געקומען צו איין איבערצײַגונג, אַז מיטן קלאָגן זיך מאַכט מען נישט גרינ־גער. פאַרפאַלן, ענדיקן מוז מען! שטיל נאָר פלעגט אַמאָל אַ וועלגערן אַרויסלאָזן אַ שווערן קרעכץ, אָנכאַפּנדיק זיך דאָ פאַרן האַרצן, דאָ פאַרן זײַט, און ווידער דאָסזעלבע קלאַפּן מיט די קאַטשעלקעס איבער די ברעטער, דאָס סקריפּען מיטן רעדל אי־בערן בלעך... און די צײַט ציט זיך אַזוי לאַנג...

נאָר אָט קריכט אַרויס די קנעטערן פון איר „ווינקל", מיט פאַרקאַטשעטע אַרבל און מיט גרויסע טראָפּן שווייס אַפן פאַר־מעט־פּאָנעם. פריילעך הייבט זי אוף אין דער הייך די „מיירע", ווי זי וואָלט ווײַזן די וועלגערנס אַזאַ מין אַנטיקל, וואָס זיי האָבן קיינמאָל דאָ ניט געזען. מיט אַ הייזעריק קאָל, דאָך געניוג הויך, רופט זי אויס:

— די לעצטע מיירע!

— די לעצטע מיירע! — קלינגט עס איבערן קאָרידאָר. און אַלע וועלגערנס צעכאַפּן די טייגלעך פון דעם טיילערס האַנט מיט סימכע, אונטערזינגענדיק: באַלד, באַלד, באַלד!

„באַלד", „באַלד" — קלינגט אָפּ בײַ יעדערן אין קאָפּ.

דער רעדלער, וואָס איז געשטאַנען די גאַנצע צײַט באַם בלעך מאָרעשכוירעדיק, האָט זיך אַוועקגעשטעלט מיט אַ קוראַזש צו דער אַרבעט. קונציק וואַרפט ער איבער יעדער מאַצע אַף דער קאַטשעלקע און ער נעמט זיך געשווינד אָפּצורעדלען די פיל אָנ־געקליבענע מאַצע אַפן בלעך.

ער האָט מיט צוויי מינוט פריִער נישט געקאָנט גויווער זײַן דעם יעיצערהאָרע זײַנעם, ער האָט זיך אָפּגעשטעלט מאַכן אַ פּאַפּיראָס און ער מוז דערפאַר איצטער צוהאָרעווען, דער זעצער האָט אים שוין צוויי מאָל אַ פּאָרע געטון מיטן שטעקן, ער זאָל פּאַרטיק מאַכן די מאַצע. נאָר דערהערנדיק, אַז עס איז שוין די לעצטע מיירע, אַרט אים גאָרניט. דאָס וואָרט „באַלד" קלינגט אים אויך פריילעך אין קאָפּ און פלינק קנאַקט דאָס רעדל איבערן בלעך, און אים דאַכט זיך, אַז עס שרײַט: גזז׳באַלד, גזז׳באַלד, גזז׳באַלד!

— יעכאַדשייו האַקאָדויש באָרוך הו!... — זינגט ער אונטער צום טאַקט.

און דאָס פריילעכע ווײַבל דערהערט זײַן זינגען און ענטפערט אים צוריק אַ לידעלע:

יאָקל איז אַ יונג מיט ביינער
און דערצו אַ כוואַט,
און צו ציפּקעלע דער שיינער
האָט ער כיישעק געהאַט...

דאָס מיינט זי אים פאָרצוואַרפן זײַן „ליבע", וואָס ער פירט דאָ, נאָך איר מיינונג, מיט ציפּקעלע דער ווערלגערן. נאָר ער מאַכט זיך ווי ניט הערנדיק. ציפּקעלע אָבער שמייכלט כיינעוודיק צום ווײַבל:

— אַי, אַ קלאָג נאָך כאַיע־ביילען, ווי זי מאַכט דאָס אָפּ אַביסל!

— וואָס? עפּשער אַ ליגן? דײַגע נישט, איך האָב הײַנט אַלץ געזעען בעשאַס „אָנוואַרפן" *).

*) אָנוואַרפן הייסט, ווען מע הייצט אויס באַטאָג אַ צווייטן מאָל דעם אויוון אום צו באַקן שוין ביז ענדע. דאָס „אָנוואַרפן" דויערט אַ פאָר שאָ, און דאַן רוען די אָרבעטער אויס.

נאָר דער נײַער געטומל געפּעלט ניט דעם זעצער און ער גיט אַ קלאַפּ מיטן שטעקן איבער די ברעטער:

— מאַצע, מאַצע! שטייט ניט, רעדט ניט!

נאָר איצט לאַכט מען אים שוין אויס! אַ פּאָר וועלגערנס ברויכן נאָר צו פֿאַרגלײַכן די שפּיצן פֿון די מאַצעס, וואָס זײַנען באַ זיי אַרויסגעקומען פֿון גרויס אײַלעניש.

און אָט איז שוין געענדיקט! די קנעטערן ווישט שוין דעם בעקן, דער רעדלער האַלט שוין באַ דער לעצטער מאַצע, איבער וועלכער זײַן האַנט פֿליט ווי אַ וויכער אונטער דער ווילדער געסקריפּערײַ...

דער זעצער ערוואַרט זי מיט אומגעדולד, כאַפּט זי ענדלעך אַרויף אַפֿן שטעקן און מאַרש אין אויוון, ווו עס טריקענען זיך נאָך אַ צוויי לעצטע מאַצעס.

די וועלגערנס ווישן זיך דעם שווייס און קלײַבן זיך שוין אַוועקצוגיין.

— אַי, וועל איך דאָס אַ פֿאַל טון גלײַך אין בעט, — זאָגט איין וועלגערן דער צווייטער.

— און „וועטשערע״? — פֿרעגט יענע.

— ווער האָט קויעך צו עסן? איך וועל זיך אַפֿילע ניט אויסטון — גלײַך אין בעט.

— איך ווייס ניט, צי וואָלט איך געקאָנט פֿאַנאַנדערוועלגערן נאָך איין טייגל, — מישט זיך אַרײַן אַ דריטע אין שמועס, — אַזוי מאַט בין איך!

— נו, קומט שוין! — טרײַבט צו אַ פֿערטע. — פּייסעך אימירצעשעם וועלן מיר שמוסן.

— אוי, ווי דערלעבט מען שוין פּייסעך! — האָט זיך איינע צעזיפצט.

— מע וועט, נישקאָשע, דערלעבן. אַ לעבעדיקער מענטש דערלעבט אַלץ! — טרייסט דאָס פּריילעכע ווײַבל!

נאָר פּלוצים איז אין פּאָדריאַד אַ טומל געוואָרן.

די באַלעבאָסטע איז אַרויס פֿון דעם זײַטיקן כיידערל און האָט אַרויסגעזאָגט עטלעכע ווערטער מיט אַ געבעט, קימאַט מיט טרערן, נאָר אין פּאָדריאַד האָבן זיי יעדערן ווי מיט אַ דונער געטראָפֿן.

— נאָך אַ פּוד, נאָך אַ פּוד! אוי ווײ! אוי ווײ!—האָט זיך גע־הערט קוילעס.— וואָס שטייען מיר, קומט אַוועק!

נאָר די באַלעבאָסטע האָט זײ מיט בײדע הענט פאַרצוימט דעם וועג און האָט זיך ווײַטער געבעטן:

— איר ווייסט, דאַכט זיך, קינדערלעך, אַז איך יאָג זיך ניט אַזוי נאָך דער פּאַרנאָסע און אַז עמעצער וואָלט מיר איצט גע־געבן פאַר אַ פּוד הונדערט רובל, וואָלט איך זיך ניט געשטעלט באַקן און מוטשען אײַך. נאָר דעם פּוד מוז מען אָפּבאַקן: איך וועל פאַר אים אַפילו אַ גראָשן ניט נעמען, דאָס איז כיענע דער אַל־מאָנעס. שוין אַ וואָך, אַז איר זעקל מעל וואַלגערט זיך דאָ, און איך לייג אַלץ אָפּ, עס איז אַלץ דאָ בילכערע, ריײַכערע, זאָל גאָט ניט שטראָפן פאַר די רייד... איצט איז שוין אָבער די לעצטע צוויי טעג, מער קען איך שוין ניט אָפּלייגן, זי קאָן נאָך כאָלילע אָן מאַצעס בלײַבן. איר קענט דאָך זי — אַמאָל אַ פײַנע באַלעבאָסטע געווען, זי פלעגט זײַן באַ מיר פון די ערשטע און שטענדיק אַף דעם „ערשטן אויוון". פאַר די וועלגערנס פלעגט זי איבערלאָזן אַ רובל, הײַנט דעם רעדלער... דעם זעצער, דער קנעטערן... דאָס איז געווען אַביסל אַ „באַלצדאָקע"!... איך ווייס ניט פאַרוואָס האָט זי גאָט אַזוי געשטראָפט... איצטער קען זי אַפילו פאַרן באַקן ניט באַצאָלן. זי מוז נעבעך באַקן שפּעט באַנאַכט, אַז אָך און ווײ ווי די מאַצעס וועלן שוין טויגן — פלעצלעך!... נאָר אַבי קיין כאָמעץ ניט! האָט ראַכמאָנעס, קינדערלעך, רוט אײַך אויס אַביסל און לאָמיר זיך נעמען אָפּבאַקן איר די מאַצעס. גאָט וועט אײַך געבן קויעך... נו, איז וואָס זאָגט איר?... — האָט די באַלעבאָסטע ווי פאַרצווייפלט אויסגעלאָזן איר באַקאָשע, זעענדיק די מידע און פאַרמאַטערטע פּענימער.

— אוי, ריבוינע שעל אוילעם!—האָט זיך אַרויסגעריסן באַ יעדן אַ שווערער זיפץ אנשטאָט אַן ענטפער.

אַ שווערע מילכאָמע איז באַ זײ אינעווייניק פאַרגעקומען. עס האָט מילכאָמע געהאַלטן אַ רויִק בעטל, אַ טיפער שלאָף מיט אַ שווערער קאַטשעלקע מיט ברענענדיקע מאָזאָליעס. נאָר אַן אָרעמע אַלמאָנע מיט פאַרוויינטע אויגן האָט באַ זײ גיך שאָלעם געמאַכט, און דאָס פריילעכע ווײַבל כאַיע־ביילע האָט די ערשטע אויסגעשריִען:

— איך בלײַב די ערשטע!

— איך אויך! — האָט זיך געהערט אַ צווייטע שטימע.

— און איך אויך! — האָט אַ דריטע אויסגערופֿן.

— נו, מע וועט שוין אַלע בלײַבן, — האָט אַ פערטע געענטפערט פאַר אַלע איבעריקע, ווי זי וואָלט געווען זיכער, אַז קיינער וועט ניט האָבן די האָזע זיך אָפּצוזאָגן.

— אָבער איר וועט רעדלען! — האָט זיך ענדלעך אַ רעדלער געפונען צו פּראָטעסטירן. — איך האָב קיין קויעך ניט צו שטיין דאָ ביז צוויי אַזייגער. איך האָב שוין קיין פינגער ניט. און מײַן „פּאָמאָטשניק" שלאָפט שוין אינדערהיים, ווי אַ געהאַרגעטער.

— נו, זײַ ניט קיין שייגעץ, — האָט זיך דער זעצער האַלב ערנסט, האַלב שמייכלענדיק געבייזערט, — דו וועסט לאָזן אַן אַלמאָנע אָן מאַצע? שייגעץ!...

— שייגעץ... שייגעץ! האָט דער רעדלער נאָכגעקרימט און האָט זיך אַוועקגעזעצט באַם בלעך. די קנעטערן איז שטיל געזעסן אַפֿן בענקל, ווו דער אַלמאָנעס מעל איז שוין געשטאַנען און האָט דערויף, ווי פאַרצווייפלט, געקוקט. זי האָט ניט געוווסט, ווי צו באַגיין זיך דאָ. אָפּזאָגן זיך האָט זי ניט געקענט — אַ קלייניקײַט אַן אַלמאָנע! עס איז א ביטערער ראַכמאָנעס. הײַנט קען נאָך דער אייבערשטער שטראָפן... נאָר בלײַבן האָט זי מוירע געהאַט נאָך מער ווי אַוועקצוגיין. איר האָט זיך ניט געגלויבט, אַז זי זאָל קענען אָפּשטיין באַם בעקן נאָך אַ שאָ. איר האָט זיך געדאַכט, אַז באַ דער ערשטער „מיירע" וועט זי פאַלן.

— איך וועל געוויס אַנידערפאַלן, — האָט זי שטיל געשעפּטשעט.

אין קאָפּ איז איר דורכגעפלויגן אַ מאָדנער געדאַנק: „אין ניסן איז גוט צו שטאַרבן"...

נאָר דאָס פריילעכע ווײַבל האָט באַמערקט דער קנעטערנס טויט־בלייכן פּאָנעם און זי האָט מיט א ליבלעכער מינע אויסגערופן:

— אַי, אונדזער קנעטערן איז גאָר אַ באָבע. זי איז שוין צוגעשטאַנען! גייט אײַך געזונטערהייט אַהיים שלאָפן. איך וועל פאַר אײַך קנעטן — איך בין מער בעריע.

אלע אין פּאָדריאַד זײַנען פרײלעכער געוואָרן און יעדערער פון זיי האָט דערשפּירט נײַע קויכעס, ווי מע וואָלט פּלוצים זייערע צעבראָכענע ביינער עלעקטריזירט.

און באַלד האָט מען זיך גענומען צו דער אַלמאָנעס מאַצע. לעבעדיק און לוסטיק איז צוגעגאַנגען די אַרבעט. דאָס פרײלעכע ווײַבל איז געווען זייער צופרידן מיט איר נײַער שטעלע און האָט באַ יעדער „מיירע" שמייכלדיק געפרעגט די וועלגערנס: „נו, וואָס זאָגט איר?" אַף וואָס אַלע פלעגן איר איינשטימיק ענטפערן: „בעסער פאַר דער קנעטערן!" באַם בעקן האָט זי איינגאַנצן זיך אויסגעלאַכט פון מאַשגיַעך, אָפּגעלייקנט זײַן געמאָרע און גע־קנאַקט איין ליד נאָך דער צווייטער, איבערגייענדיק ענדלעך צום ליד „יאָקל איז אַ יונג מיט ביינער", באַ וועלכער ציפּקעלע די וועלגערן פלעגט רויטלעך ווערן און כיינעוודיק ענטפערן:

— אַי, א קלאָג אין כאיע־ביילען.

דער רעדלער מיט א פאַרלאָשענעם פּאַפּיראָס אין מויל האָט געיאָגט איין מאַצע נאָך דער צווייטער, ער האָט געוואָלט גיכער אָפּפּאַרטיקן די בלעך מאַצע און פאַרויכערן, נאָר אים איז עס ניט געלונגען און ער האָט דערפאַר אויסגעזעען ווי נערוועז.

און דער זעצער, ניט קוקנדיק, וואָס ער האָט שטענדיק א פולן אויוון מיט מאַצע, האָט אַלץ געקלאַפּט מיטן שטעקן איבערן בלעך:

— מאַצע, מאַצע, א ליידיקער אויוון...

און די באַלעבאָסטע, וועלכע איז געשטאַנען באַם ברעט און גלײַך מיט די וועלגערנס געוועלגערט, האָט זיך אַלץ געבעטן:

— דינער, דינער, קינדערלעך, מאַכט ניט קיין פּלעצלעך! עס א־ז אָרעמע מאַצע! אַ ראַכמאָנעס!

# אַ שטעטל אָן ווײַבער

איך בין דעמאָלט געווען אַן אַגענט פון אַ געוויסער פירמע. עס איז געווען אַ קורצע צײַט נאָך מײַן כאַסענע. מײַן ווײַב, וועלכע איך האָב אויך איצט גענוג ליב, האָב איך דאַן נאָך ליבער געהאַט און האָב געוואָלט וואָס מער פאַרדינען. אין אויסזוכן נײַע ווינקלען פאַר מײַן סכוירע בין איך געווען זייער ערפינדעריש — אַן עמעסער קאָלומבוס! און אָט בין איך איינמאָל אַף אַזאַ אויפן אַרײַנגעפאַלן אין אַ פאַרוואָרפן קליין שטעטעלע אין דער ליטע.

אָנגעקומען בין איך אַהין אַזייגער איינס באַנאַכט. דער פורמאַן, אַ פויער, וועלכן איך האָב גענומען באַ דער באַן־סטאַנציִע, האָט מיך צוגעפירט צו עפּעס אַ הײַזל, וואָס לויטן גאַנעק מיט די סלופּעס, וועלכע האָבן אַרויסגעקוקט פון דער פינצטערניש, האָט עס געזאָלט זײַן די שטעטלשע קרעטשמע.

דער פויער האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר, איינמאָל, צוויי מאָל — קיינער האָט זיך נישט אָנגערופן. אַ דריטן מאָל האָב איך שוין אָנגעקלאַפּט פיל שטאַרקער. עס האָט זיך דערהערט אַ שאָרכען, און באַלד האָט אַ הייזעריקע, פאַרשלאָפענע מענער־שטימע געפרעגט אַף גאָיִש:

— כטאָ העטאַ?

— עפנט! — האָב איך געענטפערט אַף ייִדיש.

די טיר האָט זיך באַלד אופגעעפנט, און אַ ייִד אין די מיטעלע יאָרן, מיט אַ צעשויבערטן קאָפּ געדיכטע האָר, מיט אַ צעפלאָנטערטער באָרד, האָט זיך באַוויזן און ווי מיט אַ געוויין געפרעגט:

— וואָס דאַרפט איר? ווער זײַנט איר?

— איך וויל בלײַבן אַ פּאָר טעג בײַ אײַך אין שטעטל. קען איך בײַ אײַך אײַנשטיין?

דער ייִד האָט מיך אָנגעקוקט פון קאָפּ ביז די פיס און, נישט געפינענדיק אין מיר קיין שום פּאָסל, האָט ער, נאָך אַלץ פאַר־שלאָפן, געענטפערט:

— מיילע, קומט אַרײַן. מייכעטייסע...

איך בין אַרײַן אין אַ גרויסער שטוב, וועלכע איז געווען באַ־לויכטן פון אַ קליין לעמפּל, וואָס האָט מער געדויכערט, ווי גע־ברענט. אויסער דעם גרויסן הילצערנעם טיש מיט צוויי הילצערנע לאַנגע בענק אַרום די טונקעלע ווענט, איז געשטאַנען אין אַ ווינקל אַ ווײַסע הילצערנע קאַנאַפּע.

— אָט דאָ וועט איר קענען שלאָפן, — האָט דער ייִד מיר גע־מאָלדן, — איך וועל אײַך באַלד אויסבעטן.

איך האָב באַצאָלט דעם פורמאַן; ער האָט מיך זייער שטאַרק באַדאַנקט און איז אַרויס.

איך האָב באַטראַכט מײַן גרויסן קיידער, און עס איז מיר גע־פעלן געוואָרן. „געבענטשט זײַנען די קליינשטעטלדיקע! — האָב איך געטראַכט, — ס'אַראַ ראַכוועס! אַ שאָד, וואָס שוין צו ווײ־ניק מעבל". איך האָב געבענקט נאָך אַ גרויסשטאָטיקן ווייכן שטול.

דערווײַל האָט זיך דער באַלעבאָס גענומען פאָרען אין אַ דער־נעבנדיקן קיידער. באַלד האָט ער זיך געוויזן מיט צוויי גרויסע קישנס, אַ לײַלעך און אַ קאָלדרע.

— אָט בעט איך אײַך שוין אויס, טאַקע אַפן קאַנאַפּע, — און אין זײַן שטימע האָט עפּעס מוטערלעכס געקלונגען.

— וואָס עפּעס איר? — האָב איך אים פרײַנטלעך געפרעגט, — פאַרוואָס נישט די באַלעבאָסטע?

— די באַלעבאָסטע? הם... — האָט ער איבערגעפרעגט — וואָס מאַכט עס אויס. אָט בין איך די באַלעבאָסטע... אַז מע דאַרף, איז דער באַלעבאָס די באַלעבאָסטע... עס איז אַלצ־יינס...

זײַן כקירע איז מיר מאָדנע געפעלן געוואָרן. אַ ווויל ייִדל! — האָב איך געטראַכט און געוואָלט אים עפּעס זאָגן. נאָר באַלד האָט

זיך דערהערט פון אַ דערבײַיִקן כיידער אַ פישטשען פֿון אַ קליין אויפעלע...

דער ייִד האָט געלאָזן אינמיטן בעטן די קאַנאַפּע און מיט אַ ניגן פון אַ מאַמע, וואָס פאַרוויגט אַ קינד, אַוועקגעלאָפן:

— אַ־אַ־אַ־אַ... ליו־ליו־ליו...

און באַלד האָב איך דערהערט אַ סקריפּען פון אַ וויגעלע...

אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז ער אַרײַן צוריק, געמאַכט דאָס בעט און געזאָגט:

— איר קענט גיין שלאָפן...

איך האָב אָבער דערשפּירט הונגער, און מוירע האָבנדיק נישט צו קענען אַ הונגעריקער אײַנשלאָפן, האָב איך גאַנץ איידל און נישט אָן אינערלעכן פּאַכעד געפרעגט:

— עפשער קריגט מען עפּעס עסן?

— עסן? — האָט ער איבערגעפרעגט און האָט גענומען גלעטן די באָרד... — עסן? וואָס קען איך אײַך איצט אַזוי שפּעט געבן?... סײַדן אַן אייער־שפּײַז מאַכן?...

— זאָל זײַן אַן אייער־שפּײַז! — האָב איך מאַסקים געווען.

דער ייִד איז שנעל, ווי אַ בעריע אַ באַלעבאָסטע, אַוועקגע־לאָפן אין קיך אַרײַן. איך האָב דערהערט אַ קלינגען פון אַ טע־לער און אַ פאַן.

באַלד איז ער אַרײַן צוריק און געגרייט דעם טיש.

— איר קענט זיך גיין וואַשן, — האָט ער ביטמימעס גע־מאָלדן.

איך האָב אַ שמייכל געטון און בין זיך געגאַנגען וואַשן אין קיך אַרײַן. ער איז נאָך מיר נאָכגעגאַנגען און פאַר איינוועגס געבראַכט די אייער־שפּײַז.

איך האָב זיך געזעצט עסן, און אַזוי ווי עס האָט מיר ווירק־לעך גוט געשמעקט, האָב איך אים גערימט:

— איר זײַנט ווירקלעך אַ בעריע...

— מע לערנט זיך אויס! — האָט ער ווי מיט אַ זיפץ גע־ענטפערט.

„אַן אַלמען נעבעך!" — האָב איך אים טיף אין האַרצן באַדוי־ערט... „שוין לאַנג?" — האָב איך אים געוואָלט פרעגן, נאָר דער־

מאַנענדיק זיך אָן דעם וויינענדיקן קינד, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דאָס אומגליק האָט אים ניט לאַנג געטראָפן. פון קינפּעט — האָב איך מיר מעשאַער געווען.

איך האָב אויך אַ זיפץ געטון און פון אַן אַרומיקן וועג גענו־מען ריידן:

— מיילע, וואָס קען מען העלפן... עס טרעפט...

— יאָ, באַ אונדז אין שטעטל איז עס נישט קיין נײַס — אַלע אַווי... אָט ווי איר זעט אַ הויז — איז נישטאָ קיין באַלע־באָסטע...

„וויי איז מיר!״— בין איך פאַרציטערט געוואָרן: „אַ שטעטל מיט אַלמענס! אַלע ווײַבער אויסגעשטאָרבן — אַ מאַגייפע, הייסט עס, אַף ווײַבער... דאָס איז דאָך שוין טאַקע אינטערעסאַנט... פאַרוואָס־זשע איז דאָס אין די צײַטונגען ניט געשטאַנען?

— ווי אַזוי איז דאָס געשען — אַזאַ אומגליק?—האָב איך שטיל געפרעגט און עס האָט מיך געשווידערט...

— אַן אומגליק? — האָט דער ייִד אַ מאַך געטון מיט דער האַנט — אַז מע וויל, איז דאָס גאָר קיין אומגליק נישט...

איך בין אַ פאַרציטערטער געבליבן. וואָס הייסט — נישט קיין אומגליק? אַ שטעטל מיט ווײַבער שטאַרבן אויס, און באַ דעם ייִדן איז עס גאָרנישט...

— פאַרוואָס איז דאָס, אַז מע וויל, קיין אומגליק נישט?

— דאָס שטעטעלע איז אָרעם, קיין פּאַרנאָסע איז נישטאָ... איר פאַרשטייט צי ניין? — האָט דער ייִד מיר קאַלטבלוטיק מאַסביר געווען...

„הייסט עס, זײַנען זיי פון הונגער אויסגעשטאָרבן״... האָב איך מיר געוואָלט דערקלערן דעם אומגליק. נאָר באַלד איז מיר קאָשע געוואָרן: וואָס עפּעס דאַפקע די ווײַבער, פאַרוואָס נישט די מאַנסבלען אויך?... איך האָב גאַנץ דיפּלאָמאַטיש אַ פרעג געטון:

— און פאַרוואָס נישט די מאַנסבלען?...

— די מאַנסבלען? — האָט ער געלאַכט, — וואָס רעדט איר? ערשטנס, ווילן נישט די מאַנסבלען, עס פּאַסט נישט פאַר אונדז, און צווייטנס וויל זיי דער „מאַלכאַמאָוועס״ נישט נעמען...

איך בין פון דערשטוינען און שרעק שיר ניט אומגעפאַלן. הענט און פיס האָבן מיר אָנגעהויבן ציטערן: „גאָט מײַנער! — האָב איך געטראַכט — ווהין בין איך דאָס אַרײַנגעפאַלן?"

איך האָב מיך אומגעקוקט — אַ שטוב ווי אַלע שטיבער אין אַ קליינשטעטל. דער ייִד אַליין, אָבוואָל די צעשויבערטע האָר פון קאָפּ און באָרד איז אַביסל אָפּשרעקנדיק, אָבער די אויגן און דער גאַנצער אויסדרוק פון פּאָנעם איז זייער מילד און ווייך... ניין! דאָ מוז עפּעס שטעקן וואָס אַנדערש.

— זאָגט מיר, איך בעט אײַך, — האָב איך צעטומלט געפרעגט, — אַסאַך ווײַבער?...

— וואָס הייסט אַסאַך? — אַלע, אויסער צוויי אַלטע ייִדענעס; זיי האָבן אויך געוואָלט גיין, נאָר דער „מאַלכאַמאָוועס" האָט נישט געוואָלט נעמען...

עס האָט מיך אַ שוידער געטון און איך האָב מיט שרעק אויסגערופן:

— וועלכער מאַלכאַמאָוועס?... אום גאָטעס ווילן — איר שרעקט דאָך מיך טויט איבער!

— אַך, האָט נישט קיין פּאַריבל, — האָט דער ייִד גוטמוטיק געלאַכט, — איך האָב גאָר פאַרגעסן, אַז איר ווייסט נישט פון קיין מײַסע. דער „מאַלכאַמאָוועס" — דאָס הייסט באַ אונדז דער פאַבריקאַנט פון דעם „גוט", וואָס געפינט זיך נישט ווײַט... זייער אַ שלעכטער מענטש, און די ווײַבער אונדזערע רופן אים דער „מאַלכאַמאָוועס"...

— הייסט עס, אײַערע ווײַבער לעבן? — האָב איך ווי מיט פרייד אויסגעשריִען.

— וואָס הייסט? אַוואַדע לעבן זיי... וואָס פאַר אַ קאַשע, צי זיי לעבן?... זיי אַרבעטן דאָך טאַקע אַ גאַנצע וואָך אין פאַבריק... איר פאַרשטייט...

איך האָב פרײַער אָפּגעעטעמט; די געהיימניס האָט זיך פאַר מיר אַזוי איינפאַך אַנטפּלעקט.

נישט ווײַט פון שטעטל האָט זיך מיט אַ פּאָר יאָר צוריק אַ פאַבריק געעפנט. מע האָט געדאַרפט האָבן ביליקע אַרבעטער, האָט מען דערצו גענומען ווײַבער, ווײַל פאַר די מאַנסבלען האָט עס

נישט געפּאַסט. אַרבעטן אַלע ווײַבער אין פֿאַבריק אַ גאַנצע וואָך און די מאַנסבלען פֿירן די הײַזער און ניאַנטשען די קינדער...

אַף מאָרגן בין איך אַרויס אין שטעטל. באַגעגנט האָב איך בלויז מאַנסבלען. זיי זײַנען געגאַנגען ווער מיט קינדער אַף די הענט, ווער האָט אַ מולטער געטראָגן, ווער אַ דייזשע געקײַקלט... איך האָב מיט אייניקע גערעדט און געפֿרעגט ווי אַזוי זיי פֿילן זיך.

— גאָט צו דאַנקען! — האָט מיר אַ געל יידל געענטפֿערט, — מע קומט אויס. שאַבעס מאַכן איז אַפֿילע שווער פֿאַר אונדז. אָבער מע טרעפֿט... פּרײַטיק צו ליכט־בענטשן קומען זיי דאָך... כי־כיכי! הײַנט וואָס מאַכט עס אויס... מע קומט דורך...

איך האָב זיך אַרומגעדרייט אין דעמדאָזיקן קליין שטעטעלע אַ פּאָר שאָ און בין אַוועקגעפֿאָרן.

זאָגט אײַך וואָס איר ווילט, איך האָב נישט ליב קיין שטעטל אָן ווײַבער. איך האָב שוין געזען אַסאַך אָרעמע, טרויעריקע שטע־טלעך אין דער ליטע, נאָר אַזאַ אומעט, ווי אין יענעם שטעטל האָט געהערשט, האָב איך נאָך אין ערגעץ נישט געפֿילט...

# אויס קראָם

דער פאַרזאָרגטער פאָטער איז דורך דער הינטערשטער טיר פון קראָם אַריַין אין שטוב, ווו די פאַמיליִע האָט געוווינט, אַ גלעט געטון דאָס בערדל און אַ זיפץ געטון.

— אַליין די קראָם געלאָזן, — האָט אַ פאַרביטערטע געמורמלט די וויַיב, שטייענדיק באַם אויוון.

— ניטאָ וואָס צו פאַרלירן, — האָט דער מאַן און פאָטער אַ מאַך געטון מיט דער האַנט, — איך האָב נאָך ניט געדאַוונט; זאָל דערוויַיל לייע אַריַינגיין אין קראָם.

לייע, אַ מיידל פון אַ יאָר עטלעכע און צוואַנציק, וואָס האָט געדאַרפט אין עטלעכע וואָכן אַרום אָפּפאָרן קיין אַמעריקע צו אירער אַ שוועסטער, האָט זיך שוין געפילט ווי ניט קיין היגע און האָט שוין אַף דער גאַנצער קרעמעריַי געקוקט פון אויבן אַראָפּ מיט פאַראַכטונג, האָט זיך דאָך ניט געשטעלט אַנקעגן, פאַרקערט, זי האָט גליַיך געלאָזט איר אַרבעט און איז אַריַין דורך דער שטוב־טיר אין קראָם.

אַריַין אין קראָם, האָט זי באַטראַכט די פּאָליצעס, ווו עס זיַינען געווען אויסגעשטעלט פאַרשיידענע בלעכן מיט אַלערליי נישטיקע סכוירעס, און זי האָט געשמייכלט, ווי איינע, וואָס דאַרף באַלד דערפון פּטער ווערן. אַף דעם הויכן שמאָלן פעסל הערינג, וואָס איז געשטאַנען רויגעזדיק קעגן איר, האָט זי געקוקט מיט גרויס ראַכמאָנעס.

— אויך מיר אַ סכוירע... אין אַמעריקע וועט זי דאָס ניט אָנקוקן.

דורך דער לײַכטער טיר, וואָס האָט אָפּגעטײלט די שטוב פון קראָם, האָט זיך דורכגעריסן דער מאָנאָטאָנער ניגון פון דעם טאַטנס דאַווענען: „פּטום הקטורת הצרי והחלבונה"...

די ווערטער מיט דעם ניגון הערט זי שוין אַזוי לאַנג. זינט זי געדענקט דאַוונט דער טאַטע אינמיטן דער וואָך אינדערהיים. סײַ די ווערטער, סײַ דער ניגון איז איר אַרײַן אין בלוט; אָבער איצט, טראַכטנדיק וועגן איר פאָרן קיין אַמעריקע, האָט עס איר געקלונגען אַזוי ווײַט און פרעמד. און זי האָט געשמייכלט, ווי זי וואָלט ניט געווען די טאָכטער פון דעם, וואָס דאַוונט איצט, נאָר אַ רײַכע רײַזנדערן, וואָס איז געקומען פון אַ ווײַט, גליקלעך לאַנד צו באַטראַכטן, ווי אַזוי עס לעבט אַן אָרעם פאָלק ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל אַף דער וועלט...

זי האָט זיך שוין פאָרגעשטעלט דאָס הויז פון איר שוועסטער אין איינער פון די גרעסטע שטעט פון אַמעריקע. דאָרט הייבט זיך ערשט אָן דאָס ריכטיקע לעבן פאַר אַזאַ יונג מיידל, ווי זי איז. ווי אַזוי דאָרט איז, קאָן זי זיך ניט פאָרשטעלן; זי ווייסט בלויז, אַז דאָרט איז אַנדערש; און דער אַנדערש איז עפּעס אַזאַ ליכטיקער, אַזאַ פריילעך־רוישיקער, אַזאַ זינגענדיקער.

עס איז אַרײַן א קוינע; צום גליק — אירע אַ כאַווערטע.

— לייע, דו פאָרסט טאַקע? — האָט איר די כאַווערטע גע־פרעגט מיט קענטיקער, כאָטש באַהאַלטענער קינע.

— נאָך ווי פאָר איך!... — האָט לייע געענטפערט מיט אַ שטראַלנדיקן פּאָנעם.

— ווּעסטו שוין, הייסט עס, פּאָטער ווערן פון דער קראָם, מיט דער שטוב, מיט דעם גאַנצן שטעטל...—האָט די כאַווערטע זיך צעזוגגען אַזש — איך בין, כ'לעבן, דיר מעקאַנע.

— יאָ... איך פריי זיך טאַקע... — האָט לייע אַ שײַנענדיקע געענטפערט, — כאָטש עס קאָן זײַן, — האָט זי אַ פאַרטראַכטע צו־געגעבן, — אַז איך וועל בענקען. מע זאָגט, אַז די ערשטע צײַט בענקט מען זייער.

— ניטאָ וואָס צו בענקען, — האָט די כאַווערטע בייז גע־רעדט. און נאָכדעם, ווי זי האָט געקויפט עפּעס אַף באָרג, איז זי אַרויס ווי אַ פאַרשעמטע...

— ס'איז אַף איר אַ ראַכמאָנעס .. — האָט לייע איבערגע־
טראַכט, ווען זי איז געבליבן אַליין, — זי בלײַבט דאָ פינצטערן
נעבעך.

און איר אייגענער גליק איז נאָך גרעסער געוואָרן.

דערווײַל האָט זי דערהערט, ווי דער טאַטע האַלט שוין באַם
סאָף דאַווענען. ער מורמלט שוין שנעל, שנעל די לעצטע פסו־
קים, וואָס איר איז שוין געווען באַקאַנט לויט דעם קלוימערשט
פריילעכן ניגון, מיט וועלכן ער פאַרענדיקט דאָס דאווענען.

און באַלד איז ער טאַקע דורך דער שטוב אַרײַנגעגאַנגען צו־
ריק אין קראָם און פאַרזאָרגט, ווי זײַן שטייגער איז, געפרעגט:

— געלייזט עפּעס?

— קימאַט ווי גאָרניט, — האָט לייע געמאָלדן ניט דרייסט.

— וואָס הייסט קימאַט?... — איז דער פאָטער געוואָרן בייז,—
אָדער יאָ געלייזט, אָדער ניט געלייזט. וואָס עפּעס קימאַט? —
איז ער נאָך בייזער געוואָרן.

— כאַנע צירלס האָט גענומען אַף באָרג אַ פונט זאַלץ — האָט
לייע זיך ווי פאַרטיידיקט...

— אַ פּידיען!... — האָט זיך דער פאָטער פאַרקרימט און איז
אַרײַן צוריק אין שטוב.

לייע איז געבליבן זיצן מיט אומגעדולד אין קראָם, וואַרטנדיק
ביז די מאַמע וועט פאַרטיק ווערן און וועט קומען זי אומבײַטן.

— מיילע, קיין סאַך וועל איך שוין ניט פינצטערן אין קראָם,—
האָט זי זיך אַליין געטרייסט און האָט ווי מיט געזעגן־בליקן
באַטראַכט אַפּדאָסנײַ די פּאָליצעס מיט די אלערליי בלעכן, די
זעקלעך זאַלץ, די קעסטלעך בעבלעך און ארבעס און טאַקע דאָס
פעסל הערינג, ווי זי וואָלט אויסן געווען זיי דאָרט, כאָלילע, ניט
פאַרגעסן, אָדער אין פרייד צו דערמאַנען...

דערווײַל האָט זיך ווידער געעפנט די טיר פון קראָם פון גאַס־צו.
עס איז אַרײַן דער בריוונטרעגער און האָט מיט אַ שמייכעלע
דערלאַנגט אַ בריוו.

— „איז אַמעריקי", — האָט ער אויסגעזונגען אַף רוסיש.

לייע איז, ווי שטענדיק, ווען עס קומט אָן אַ בריוו פון דער
שוועסטער פון אַמעריקע, צעטומלט געוואָרן. געזוכט נערוועז

צווישן דעם קליינגעלט פון שופלאָדל אַ זעקסערל, און גראָד ניט געפינענדיק אַזאַ מאַטבייע, האָט זי דעם בריוונטרעגער דערלאַנגט אַ גאַנצן „צענערל"...

דער בריוונטרעגער איז אַרויס ווי אַ באַגליקטער, און לייע האָט גלייַך נאָך זייַן אַרויסגאַנג אופגעעפנט דעם בריוו...

„און ווייַטער שרייַב איך אייַך, — האָט לייע געכאַפּט אומגעדולדיק לייענען פון דער מיט, — אַז די לאונדרי, דאָס הייסט די פּראַטשעשענע, האָבן מיר פאַרקויפט און מיר האָבן געקויפט אַ גראָסערי־סטאָר, דאָס הייסט באַ אייַך אַ קראָם פון באַקאַליי... איך האָף דאָ צו טון ביזנעס; אָבער עס איז שווער צו קריגן אַ מענטשן מיר אַרויסצוהעלפן, דערפאַר וואַרט איך אַזוי אַף לייען. זי וועט מיר העלפן אין קראָם — איך געדענק זי נאָך פון דער היים פאַר אַ בעריע".

ווייַטער האָט שוין לייע, פאַר פאַרדרוס, ניט געקאָנט לייענען...

— קראָם, אַ קראָם! ווידער אַ קראָם! — האָט זי געקרעכצט און האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

און ווי אַזוי איז עס עפּעס מעגלעך: דאפקע ווען זי פאָרט שוין באַלד אַהין מיט אַזוינע גרויסע האָפענונגען אַף אַ נייַעם לעבן, נאַ דיר דאָרט ווידער דאָסזעלביקע — אַ קראָם!

— אַך, שלימאַזל מייַנער! — האָט זי פאַרבראָכן מיט די הענט און זיך שיר ניט צעוויינט.

די טיר האָט זיך געעפנט און עס איז אַרייַן אַ ייִדענע, אַ קוינע.

— גיב מיר, לייעלע...—האָט זי זיך ווי געבעטן, קענטיק, אַף באָרג...

נאָר איידער יענע האָט צייַט געהאַט אַרויסצורעדן וואָס זי דאַרף, האָט איר לייע בייז אָפּגעהאַקט:

— איך האָב ניט קיין צייַט... איך גיי שיקן די מאַמע.

און אַרייַנגייענדיק אין שטוב, האָט זי בייז גערופן:

— גייט ווער אַרייַן אין קראָם — איך קאָן מער ניט זיצן... איך האָב זי פייַנט!...

דעם בריוו, האָט זי באַשלאָסן, וועט זי קיינעם ניט ווייַזן. זאָל מען ניט וויסן פון דעם אומגליק. עס איז אַ כאַרפּע פאַר לייַטן.

און זי האָט זיך ניט באַרויִקט, ביז זי האָט אין דער שטיל צעריסן דעם בריוו און פאַרניכטעט אין קליינע שטיקעלעך...

און עס האָט איר געדאַכט, אַז מיט דעם, וואָס זי האָט פאַר־ניכטעט דעם בריוו, האָט זי אויך צעשטערט די קראָם דאָרט, אין דער ווײַטער שטאָט אין אַמעריקע, וווהין זי פאָרט אָנהייבן אַ נײַ לעבן...

# אַ שאַפּ-מיידל

(סקיצע פון אמעריקאַנער לעבן)

דוואָירע איז שוין אַכט יאָר אין אַמעריקע. געקומען איז זי, אַז זי איז אַלט געווען 20 יאָר. אַזוי האָט זי דעמאָלט אַליין געזאָגט. איצט זאָגט זי, אַז ווען זי איז געקומען, איז זי אַלט געווען זיבעצן יאָר. דריַי יאָר וויל זי אַראָפּנעמען, ווי זי וואָלט וועלן דערמיט גרינגער מאַכן די מאַסע פון די יאָרן. מענטשן אָבער געדענקען גוט יענעמס יאָרן, און די פּאָר כאַווערטעס און באַקאַנטע, וואָס דוואָירע האָט זיך דאָ אין פאַרשיידענע שעפּער *) און וואָינונגען ערוואָרבן, שמייכלען אינעווייניק, ווען זיי הערן, ווי דוואָירע כאַפּט אַראָפּ דריַי קיַילעכדיקע יאָר, פּונקט ווי דריַי יאָר לעבן אין ניו־יאָרק וואָלט געגאַנגען באָרוועס...

דוואָירע אַליין לאַכט אַמאָל אויך פון זיך, וואָס זי וויל פאַרלייקענען דריַי יאָר. „וואָס איז די נאַפּקעמינע — רייצט זי זיך מיט זיך אַליין — וויפל דו ביסט אַלט: 25 יאָר צי 28. צו 25 יאָר האָסטו אויסגעזען ניט בעסער ווי איצט און ניט גליקלעכער ווי איצט, און קיין נאָענטן מענטשן ווי איצט ניט געהאַט... און אַזוי וועט זיַין אין דריַי יאָר אַרום, אין פינף יאָר אַרום, אויב דו וועסט לעבן"...

„אויב דו וועסט לעבן" — דערמיט מיינט זי צו זאָגן זיך אַליין, אַז דער טויט שרעקט זי ניט. כאַטש אויב שטאַרבן — וואָלט בעסער געווען אינדערהיים... ליגן אַפן ניו־יאָרקער בייסוילעם מוז זיַין אַ גוואַלד, ווי אומעטיק...

---

*) פאַבריקן.

אַהיים אָבער וועט זי ניט פאָרן. זי שעמט זיך צו קומען אַהין. פאַרן אַלטן טאַטן-מאַמען ניט — פאַר שכיינים אָבער יאָ! אָט הערט זי שוין, ווי זיי וווּנדערן זיך: אוי, וואָס פון דווירעלען איז געוואָרן!..

וואָס ווונדערן זיך די נאַראָנים! זיי מיינען, אַז אַכט יאָר אָפּ־אַרבעטן אין שעפּער איז פון די גרינגע זאַכן, און דערצו נאָך אָנ־זאַמלען דערפון פיר הונדערט דאָלער...

די פיר הונדערט דאָלער ציט זיך דורך ווי אַ ווײַסלעך פּאַסעלע אַף דעם שוואַרצן פּאָן פון איר לעבן...

באַלד אָבער דערטרינקט עס זיך אין דער שוואַרצקײַט, און ס׳איז ווידער דורכויס שוואַרץ...

וואָס דאַרף זי זיי, די פיר הונדערט דאָלער? אַמאָל האָט זי זיי געהאַלטן פאַר אַ כאָסן, איצטער: טאָמער וועט זי קראַנק און וועט ניט קענען אַרבעטן...

ס׳איז געווען אַ נאַרישקײַט, וואָס זי האָט געזאַמלט פאַר אַ כאָסן. איצט זעט זי ערשט, ווי זי האָט געלעבט אין טאָעס! פאַר געלט קען מען קיין כאָסן ניט קויפן — אַ ליגן די מײַסע. אָט האָט זי טאַקע יענע וואָך געלייענט, ווי איינער האָט זיך געשאָסן פאַר אַ מיידל. ער האָט זי ליב געהאַט און זי אים ניט. נעמט ער און שיסט זיך... דאָס מיידל האָט קיין נאַדן געוויס ניט געהאַט. ווער דאַרף האָבן איר נאַדן? דער איקער איז — מע פאַרליבט זיך...

דאָס פאַרליבן זיך איז באַ איר אַ רעטעניש: צוויי כאַווערטעס, ביידע זײַנען שיין; איין כאַווערטע האָט אַרום זיך עפּשער צען באָיעס *), וואָס גייען אויס נאָך איר, און די אַנדערע גייט אום שטענדיק אַליין און באַזוכט אַלע פאַרזאַמלונגען, ליטעראַרישע אָוונטן, און אַלץ אַליין...

זי גייט אויך אַף פאַרזאַמלונגען. מע פאַרגעסט זיך אַביסל... אַף די פאַרזאַמלונגען איז אָבער אויך ניט גוט... איז לײדיק,— איז זייער אומעטיק: זיץ אַליין אַף אַ באַנק און קוק אַף די ווענט... איז פול, שטויסט מען דיך און מע איז דיך איינגאַנצן מעוואַטל, ווי אַן איבעריקע...

מענטשן זײַנען עפּעס מאָדנע. אַז זיי איז גוט, פאַרגעסן זיי אָן דעם צווייטן. פאַרוואָס זײַנען מענטשן אַזוינע שלעכטע?

---

*) באָכורים.

ווייסן ווייס זי אַפילע יאָ דעם סאָד, נאָר זי האָט מוירע זיך אַליין עס צו אַנטפּלעקן! ביגנייווע זאָגט זי זיך אַליין אויס. מענטשן האָבן ליב פרייליכע, שיינע, געזונטע...

וואָס דאַרף זי מער? זי האָט דאָ אַ קרויווע, האָט די קרויווע אַ זון, איז ער אַ מענטש א דימענט, וועגן שיינקייט רעדט זי שוין ניט. אַמאָל קומט זי צו גיין, רעדט ער מיט איר גאַנץ פריינטלעך. זי זעט באַשיינפּערלעך, אַז ער האָט אַף איר ראַכמאָנעס... פונדעסטוועגן, אַז עס קומט אַריין צו אים די יונגע שיינע בעלאַ, טוט ער זיך גלייך אָן, ער זעט אויס דעמאָלט ווי אַ מאָנאַרך! און גייט מיט יענער אַוועק... עמעס, פאַרן אַוועקגיין גיט ער איר, דוווירען, די האַנט און זאָגט איר מיט אַ ליבן שמייכל: איר וועט דאָ נאָך זיצן. איך וועל באַלד קומען... קומט אַריין אָפּט...

אָבער איינלאַדן זי אויך גיין מיט אים — דאָס האָט ער נאָך קיינמאָל ניט געטון, און אַ נאָענטער קאָרעוו!..

עמעס, די מוטער זיינע, די קרויווע, נעמט זי אויף פיין. נאָכדעם, ווי דער זון גייט אַוועק, גיט זי איר טיי און לייגט אַוועק אַפן טיש צוויי פּאָמעראַנצן... די טיי טרינקט זי נאָך אויס ווי עס איז אַ האַלבע גלאָז, אָבער צו די פּאָמעראַנצן האָט זי שוין קיין מוט ניט צו צושטעקן זיך: עס קריכט איר ניט אין האַלדז...

— עס, דוווירע, אַ פּאָמעראַנץ, — בעט פריינטלעך די קרויווע...

— איך דאַנק אייך זייער — ענטפערט דוווירע שטאַרק געריִרט, און זי ציטערט זי זאָל זיך ניט פאַנאַדערוויינען — איך מוז שוין גיין...

— וואָס איילסטו זיך? — פרעגט די קרויווע און גיט אַ געניץ...

— איך מוז מאָרגן פרי אופשטיין צו דער אַרבעט...

— אַרבעטסט נאָך אַלץ אין דעמזעלביקן שאַפּ? — פרעגט די קרויווע און לייגט אַרויף די האַנט אַפן מויל, קעדיי ניט צו געניצן...

— אַלץ אין זעלביקן שאַפּ — ענטפערט דוווירע און זעגנט זיך אָפּ אַהיים צו גיין — אַלץ אין זעלביקן שאַפּ...

און אַראָפּגייענדיק פון די שטיגן, בלייבט זי שטיין און רעדט אַרויס ווידער, ווי זי וואָלט עמעצן געענטפערט:

— אַלץ אין זעלביקן שאַפּ...

# דער רויבער

די „קלייט״ איז געווען אַ לאַנגע און אַ שמאָלע. סכוירעס האָט זי געהאַט פון אַ „פאָרווערטס״ און אַ „דזשוירנאַל״ ביז אַכט שטיקלעך צוקערלעך פאַר איין פעני.

איך פלעג דאָרט קויפן אַ „פאָרווערטס״ און סיגאַרעטס. צוליב דערדאָזיקער „סטאָר״ האָב איך איינגעשפּאָרט עטלעכע פּעניס אַ טאָג, אַדאַנק דעם, וואָס די בעסערע סאָרטן סיגאַרעטן זײַנען דאָרט ניט געווען צו קריגן, און איך האָב געמוזט, צוליב מײַן טרײַשאַפט צו די אייגנטימער פון סטאָר, רויכערן אַ ביליקן און ערגערן סאָרט, אַבי איך זאָל האָבן די געלעגנהײַט אינדערפרי, גייענדיק צו מײַן באַשעפטיקונג, און פאַרנאַכט, גייענדיק צוריק פון דער באַשעפטיקונג — אַרײַנגיין צו זיי און פאַרווײַלן אַ פּאָר מינוט מיט איינעם פון די מענטשן, וואָס האָבן דידאָזיקע „סטאָר״ געהאַלטן.

איך האָב ליב געהאַט די מוטער פאַר איר פײַנקײַט און איידלקײַט. אַף איר גוטן פאַרעלטערטן פּאָנעם זײַנען געלעגן פײַנע גוטמוטיקע קנייטשן, ווי געמאַכט בעקיוון, עס זאָל צוגעבן איר פּאָנעם מער גוטסקײַט און טרויער. איך האָב ליב געהאַט איר עלטערע 19־יאָריקע טאָכטער פאַר איר באַמיִען זיך צו רעדן מיט מיר ייִדיש, וואָס ס׳איז איר ניט זייער לײַכט אָנגעקומען, אַדאַנק דעם, וואָס זי איז דאָ געבוירן געוואָרן.

און, אַז איך פלעג אַמאָל טרעפן אין „סטאָר״ דאָס אַנגענעמע קינד, אַ ייִנגעלע פון אַ יאָר צוועלף, בין איך געווען גליקלעך. עס איז געווען אַ ווויל טײַער „באָיטשיקל״, מיט לעבעדיקע אויגן און מיט זייער זשוואַווע באַוועגונגען.

— יו וואָנט „פאָרווערטס״?

— סיגאַרעטן...

פלעגט ער אַרופקריכן אַפן בופעט, זיך אַוועקשטעלן און זוכן אַף די פּאָליצעס יענעם סאָרט, וועלכן איך האָבן געפּאָדערט, און געפינענדיק, אַ גליקלעכער מיר דערלאַנגען.

— דו ביסט אַ כוואַט! — פלעג איך אים רימען.

פון דעמדאָזיקן קאָמפּלימענט האָט ער גאָר אָנגעקוואָלן, און אַז די מוטער פלעגט אָנקומען פון ווינונג, וועלכע האָט זיך געצויגן ערגעץ פון אַ זײַטיקער טיר דורכן סטאָר, פלעג איך מײַן קאָמ־פּלימענט פאַרגרעסערן:

— אָ, אײַער באָיטשיקל איז גאָר אַ כוואַט!

די מוטער פלעגט אָנקוועלן און ענטפערן:

— יע, ער איז גראָד אַ גוטער באָי, ער אַרבעט נעבעך שווער: גייט אין „סקול״ און אין טאַלמעטוירע, און אַז איך און מײַן מיידל זײַנען פאַרנומען, העלפט ער צו אויך אין „סטאָר״...

וואָס ווײַטער, בין איך מיט דערדאָזיקער ליבער אָרעמער פאַ־מיליִע מער נאָענט געוואָרן, זיך געפילט צו טון פאַר זיי עפּעס, אָבער זייער שטאָלץ און פאַרנעמעס האַלטן זיך האָט מיר עס ניט דערלאָזט. דאָס איינציקע, וואָס איך האָב געקענט טון, איז קויפן זונטיק אַן איבעריקן ענגלישן „סאָנדיי פּייפּער״ און אַמאָל סטאַם עפּעס אַ זאַך, וואָס איך האָב ניט געברויכט, נאָר גלאַט אַזוי, געבן צו לייזן דידאָזיקע גוטע מענטשן, וועלכע האָבן שווער גע־אַרבעט פאַר זייער עקזיסטענץ און זײַנען געווען פול מיט לעבן, ליבע און ענערגיִע צום קאַמף פאַרן לעבן...

אָפט האָט זיך מיר געדאַכט, אַז זיי דאַרפן זײַן ניט זייער אָרעם. די טאָכטער אַרבעט און פאַרדינט באַ אַ צען דאָלאַר אַ וואָך. די מוטער לייזט אין סטאָר גאָרניט שלעכט. די געגנט האָט געהאַט אין דער נאָכבאַרשאַפט אַ גרויסע סקול, און אויסער „קענדי״ האָט די סטאָר אויך פאַרמאָגט פּאַפּיר, טינט און פעד־דערס...

און דאָך, געגוי באַקאַנט ווערנדיק מיט דערדאָזיקער קליינער און רירעוודיקער פאַמיליִע, האָב איך דערזעען די אָרעמקײַט אין איר גאַנצער נאַקעטקײַט. די צוויי צימערן מיט דער קיך, פון

וועלכע די וווינונג הינטערן סטאָר איז באַשטאַנען, איז געווען אָרעם מעבלירט, די פענצטער האָבן אַרויסגעקוקט אין אַן ענגן שמאָלן „רוף״, ווו עס האָבן זיך געטריקנט און געפלאַטערט וועש פון פאַרשיידענע מינים און האָבן די אָרעמע פאַנאָראַמע נאָך דײַטלעכער און בוילעטער געמאַכט.

די טאָכטער פאַרדינט און די סטאָר טראָגט אַוואַדע אַרײַן אַ געוויסן פּראָפיט, און דאָך — ווי אָרעם דידאָזיקע ליבע מענטשן לעבן!

האָט זיך מיר גענומען דאַכטן, אַז זיי זאַמלען געלט.

יאָ, געוויס זאַמלען זיי געלט... אַ מיידל אין הויז מוז דאָך פריִער אָדער שפּעטער כאַסענע האָבן. איך בין זיכער, אַז עס איז שוין אָנגעזאַמלט פאַר איר ערגעץ שווערע הונדערטער.

איינמאָל, אין אַ טאָג, ווען איך בין געווען פרײַ, בין איך אַרײַן אין דערדאָזיקער סטאָר אַזייגער צוועלף באַטאָג. לעבן טראָ־טואַר פון הויז, ווו די סטאָר האָט זיך געפונען, איז געשטאַנען אַ שיינער הויכהאַלדזיקער פערד געשפּאַנט אין אַ „קערידזש״. אי־נעווייניק איז געזעסן אַן אַלטער דיקער מאַן און מיט פאַרגלי־ווערטע אויגן געקוקט ערגעץ און געוואַרט.

איך האָב מיך מיט דערדאָזיקער דערשײַנונג פאַרינטע־רעסירט.

— ווער איז דער מאַן אין קערידזש? — האָב איך געפרעגט די קרעמערן, וועלכע איז געווען פאַרנומען אין ציילן פּאַפּירענע געלט.

...איינס, צוויי, זיבן, נײַן, צוואַנציק, פינף און צוואַנציק... דאָס איז דער „לענדלאָרד״, זיבן און צוואַנציק, הײַנט איז דער ערשטער, נײַן און צוואַנציק, יעדן ערשטן קומט ער צו פאָרן, דרײַסיק... פּונקט ווי אַזייגער, פינף און דרײַסיק... יעדן ערשטן נעמט ער צו ביז אַ פעני, זיבן און דרײַסיק... דאָס בלוט צאַפּט ער אויס... זיבן און דרײַסיק... עפּשער האָט איר ביז מאָרגן דרײַ דאָלאַר...

איך האָב שנעל אַרויסגעכאַפּט דרײַ דאָלאַר און דערלאַנגט דער פרוי.

זי האָט עס צוגענומען מיט אַ לײַדנדן שמייכל, אַ זיפץ געטון און זיך אָנגערופן:

— אָט אַזוי אַרבעטן מיר אַלע פּאַר דעמדאָזיקן קריפּל...

— אַ קריפּל?

— געוויס, — האָט די פרוי געקרעכצט ווי מיט ראַכמאָנעס... — ער קען זיך אַפּאָנעם דען רירן?... שוין יאָרן, אַז ער איז פּאַראַליזירט... מער ווי די הענט דינען אים ניט... קיין קינד און קיין רינד... אַזוי ווי אַ שטיין. האָט ער אָבער אַן אופזועערן, אַן אַלטע מויד... אַ מאַכשייפע. קומט זי מיט אים יעדן ערשטן און נעמט אונדז אַלע אַרום... דעם גאַנצן בלאָק... אַכט טענעמענטס זײַנען זיי, אָט דעם קריפּלס...

אַף די רייד אין אַרײַן אַן עלטערע ליידי מיט אַ פאַרשטיינערטן אויסדרוק און שטום אָן ווערטער דערלאַנגט עפּעס אַ צעטל, אַ קאַבאָלע.

די פרוי האָט איר דערלאַנגט דאָס פּעקל פּאַפּיר־געלט... יענע האָט עס איבערגעציילט, באַהאַלטן אין אַ לעדערן האַנטזעקל און איז אַרויס... איך האָב זי נאָכגעפאָלגט מיט די בליקן און האָב באַמערקט, ווי דער אַלטער אין קערידזש האָט אויסגעצויגן די האַנט, אַ לאַנגע און באַגערנדע. דער גאַנצער קערפּער און די געזיכטסציגע האָט זיך ניט באַוועגט.

די אַלטע איז אַרײַן אין קערידזש, זיך געזעצט לעבן אַלטן און שטומערהייט גענומען די לייצן און זיך אַוועקגעפאָרן...

— וווהין פאָרן זיי דאָס?

— שוין אַהיים — האָט די פרוי פון געוועלב געענטפערט — הינטערן שטאָט איז זייער פּאַלאַץ... אַהער קומען זיי נאָר איינמאָל אין מאָנאַט, די רויבער, נעמען אַוועק די לעצטע פּעניס און פאָרן אַוועק...

אַף די רייד איז אַרײַן דאָס באָיטשיקל מיט דער טאָכטער:

— שוין, קינדער... ער איז שוין דאָ געווען...

— דער לענדלאָרד?... — האָט די טאָכטער טרויעריק געשמייכלט.

— יאָ... — האָט די מוטער געזיפצט. — דער מיסטער האָט מיר דאָ צוגעבאָרגט דרײַ דאָלאַר... די לעצטע פּעני אויסגערוימט...

די טאָכטער האָט אַף מיר געוואָרפֿן אַ דאַנקבאַרן שמייכל און אַרויסגענומען פֿון איר פּאַקעטבוך אַ פּאָר דאָלאַר:

— איך האָב נאָך עטלעכע דאָלאַר באַ זיך. נאַט אײַך.

— אָ, עס מאַכט ניט...—האָב איך געפּרוווט זיך ווערן...—עס קען זײַן אין אַ וואָך אַרום און שפּעטער...

— ניין, ניין! — האָט די טאָכטער זיך געהיצט — עס איז אָלרײַט, מאָרגן האָב איך מײַן „פּעי"... איך נעם אָפּ אַסאַך געלט...

— אַף אים געזאָגט געוואָרן, — האָט די מוטער געשאָלטן דעם לענדלאָרד... — אָט אַזוי יעדן ערשטן נעמט ער צו די לעצטע פּעני, ווי אַ רויבער... און פֿרעג, וואָס דאַרף ער אַזוי דאָס געלט... אינגאַנצן איז דאָס אַ קריפּל...

דאָס באָיטשיקל האָט זיך צעלאַכט פֿון דעם מאָדנעם וואָרט און די יונגע טאָכטער האָט זיך טרויעריק פֿאַרטראַכט.

# דער באַיקאָטירטער

(פון גאַליצישן אַרבעטער־לעבן)

אַרבעטער־סאָציִאַליסטן זײַנען אין דער פּאַרטײַ דאָ בעערעך פּיל. זיי זײַנען באַוווסט, אַנטוויקלט; ווייסן אַלע ווי איינער, אַז ווו דער קאַפּיטאַל וועט זיך ניט קאָנצענטרירן, קען דער סאָציִאַ־ליזם ניט אײַנגעפירט ווערן. — און שטיל, געלאַסן וואַרטן זיי אַף דער גליקלעכער צוקונפט, ווען דערדאָזיקער קאַפּיטאַל וועט זיך „קאָנצענטרירן", אָבער דערווײַל שטייען זיי אַלע אוף 7 אַזייגער אינדערפרי און אַרבעטן ביז איינס; איינס גייען זיי מיטאָג עסן, עסן אָפּ אין אײַלעניש; ווער עס רויכערט, פּאַרויכערט נאָך אַ פּאַפּיראָס און גייט אַוועק צוריק צו דער אַרבעט, ווו ער אַרבעט ביז נײַן אינאָוונט. איז ער אַ פרומער סאָציִאַליסט, גייט ער פון דער אַרבעט אין „פּאַריין", ווו מע כאַפּט אַמאָל אַ סאָציִאַליסטיש וואָרט, אַ פּראָקלאַמאַציִע, און מע ווײַזט זיך דאָרטן ביז פינף מי־נוט צו צען; פינף מינוט צו צען פאַרלאָזט מען דעם פּאַריין און מע לויפט הענדום־פּענדום אַהיים, קעדיי צו כאַפּן נאָך אַן אָפּע־נעם טויער און ניט דאַרפן צאָלן שפּער־געלט דעם סטרוזש.

קיינער פון זיי האָט נאָך פאַר דעם סאָציִאַליזם ניט געליטן. קיין שטרײַקן האָבן זיי נאָך ניט געמאַכט: „מיר זײַנען נאָך ניט גוט אָרגאַניזירט!"—פּאַרטיידיקן זיי זיך פאַר אַ רוסישן עמיגראַנט אַמאָל — „מיט דער צײַט — יאָ!" און אָט אַזוי לעבן זיי זיך רויִק און שטיל — שאַבעס גייען זיי הערן די „דראָשע", טאַקע אין זעלבן פּאַריין, ווו עס דאַרשנט אַמאָל אַן אייגענער מאַגיד, און אַמאָל אַן אָנגעפאָרענער פון רוסלאַנד, אַ בונדיסט. אַ בונדיסט איז מאַ־טויוו, איז אַוואדע דער אוילעם גרעסער, וואָרעם אויסער וואָס

די בונדיסטן זײַנען שאַרפֿע טעאָרעטיקער און גייען אַרויס פֿון היסטאָרישן מאַטעריִאַליזם, זײַנען זיי נאָך גוטע רעדנער, און זייער „זשאַרגאָן״ איז טאַקע אַן עמעסער, ריינער, געלײַטערטער „זשאַרגאָן״.

וואָרעם כאָטש די פּאַרטיי האַלט זיך באַ דער מיינונג, אַז דער „זשאַרגאָן״ איז נאָר אַ מיטל צו דערציִען די ברייטע מאַסן, פֿונדעסטוועגן האָבן די אַרבעטער־סאָציִאַליסטן טאַקע ליב אַ שיין שטיקל לאָשן אויך, און ווי געזאָגט, די בונדיסטן זײַנען גרויסע באַל־לאָשנס -- דאָס זײַנען אַפֿילע מוידע די פּעפּעסעוועצעס.

אָט אַזוי לעבן די סאָציִאַליסטן אין דער גאַליצישער שטאָט ק. רויִק און צופֿרידן, מיט אַ טיפֿן גלויבן, אַז קוים וועט זיך דער קאַפּיטאַל קאָנצענטרירן, וועט דעמאָלט אײַנגעפֿירט ווערן סאָציִאַליזם, און עס פֿאַרשטייט זיך, אַז ערשט דעמאָלט וועט זײַן אַ יע־שוע אַף דער גאַנצער מענטשהײַט.

ניט אַזוי אָבער איז געווען מיט דעם אַרבעטער יויעל בלומשטיין. ער איז טאַקע אויך אַרויסגעגאַנגען פֿון היסטאָרישן מאַטעריאַליזם, אין קאָנצענטראַציִע פֿון קאַפּיטאַל האָט ער אַוואַדע געגלויבט, אָבער רויִק וואַרטן דערויף האָט ער ניט געקענט. ער האָט געהאַט אַ הייס בלוט, אָבער טאַקע זודיקס. אַוואַדע האָבן אים די אַרבעטער, איבערהויפּט פֿון זײַן פֿאַך, די קאַמאַשן־שטעפּער — געאַכט פֿאַר זײַן איבערגעגעבנקײַט דער אידייע. אָבער וואָס איז די פּולע, אַז די באַלעבאַטים, די מײַסטערס, פֿון וועמען ער דאַרף האָבן די יעניקע, אַז זיי אַכטן אים גאָרניט, פֿאַרקערט — זיי האָבן אים פֿײַנט, ווי אַ שפּין, און אין די בעסטע צײַטן אַפֿילע האָט ער זיך מער ווי אַ כוידעש ניט געקענט אײַנהאַלטן אַף אַן אָרט. ערשטנס, איז ער אַ גרויסער אַזעספּאָנעם: לאַכט דעם באַלעבאָס און דעם מײַסטער אין די אויגן; צווייטנס, קען ער זיך אַמאָל פֿאַרשפּעטיקן אַף גאַנצע צען מינוט און טאַקע צו פֿאַר מאָל אין דער וואָך; ווילסטו אים אָפּרעכענען, מאַכט ער קוילעס און רופֿט הויך אַפֿן קאָל: „עקספּלואַטאַטערס!״ נאָר דאָס וואָלטן אים די באַלעבאַטים שוין מויכל געווען: אויך מיר אַ מענטש! אַף וועמען מע קען דאָ פֿאַריבל האָבן! אָבער אַן אומגליק מיט אים — ער בונטעוועט די איבעריקע!.. דערפֿאַר האָט שוין אַ באַלעבאָס מוי־

רע!.. צוריק רעדנדיק, האָבן זיי קײַן מוירע אויך ניט, וואָרעם וויניק קאַמאַשן־שטעפּער קומען דען אַלע טאָג פון רוסלאַנד?.. מע בעט זיך! נאָר גלאַט, נאָך וואָס דאַרפן זיי האָבן אַזאַ כע־ וורעמאַן אין זייער מאַסטערסקאַיע? גיי אין דר׳ערד! און יויעל בלומשטיין האָט זיך אַזוי אומגעדרייט פון איין באַלעבאָס צום צווייטן, אַזוי געבונטעוועט די אַרבעטער בײַ יעדערן, ביזוואַנען די באַלעבאַטים האָבן זיך אָרגאַניזירט און אָט דעם שייגעץ אינ־ גאַנצן באָיקאָטירט.

מע וויל אים אין ערגעץ ניט אופנעמען.

ווערט דאָך יויעל בלומשטיין נישט שטאַרק ניספּאָעל. די ערשטע צוויי טאָג נאָכן באָיקאָט איז ער אַביסל אופגערעגט, שטעלט יעדן אַרבעטער אָפּ, טײַנעט מיט אים דערהיצט, דער־ קלערט אים, פאַרבײַגייענדיק, אַז עס וואָלט אַ יושער געווען „זיי״ אָנצולערנען, רעדט נאָכאַנאַנד און פאַרגעסט, אַז ער איז טויט־ הונגעריק, וואָרעם דער איצטיקער באַלעבאָס האָט אים אַפילע ניט באַצאָלט, וואָס אים קומט.

— אַזוינע עקספּלואַטאַטערס!

מיילע, הונגעריק — הונגעריק; יויעל בלומשטיין איז ניט פון דעם סאָרט מענטשן, וואָס וועלן גיין דערציילן אַזוינע נאַרישע מײַסעס, ווי הונגער... אין דער צענטער פּייע ליגט דאָס אים ניט. אָט, ווען ער זאָל קענען אָנלערנען די באַלעבאַטים און מאַכן אַ שטרײַק, וואָלט געווען אַ סייכל!.. נאָר טו, מאַך! אַז צום פּאָהי־ בעל זײַנען גראָד פון די 300 קאַמאַשן־שטעפּער נאָר זעכציק אָר־ גאַניזירט, און די איבעריקע זײַנען פלעקער — 240 פלעקער! פּאַר סאָציאַליסטן האָבן זיי מוירע, ווי פּאַר פײַער. סאָציאַליסטן, זאָגן די 240 פלעקער, זײַנען גאָים! גיי, רעד מיט לאַנגע קאַפּאָטעס! דאָ איז ניט רוסלאַנד!..

אַפן דריטן טאָג האָט ער גראָד בײַ אַן אַרבעטער געכאַפּט אַ צען קרײַצער, וואָס אים איז געקומען, האָט ער שוין אַף אַ טאָג לעבן, און ער ווערט פריילעך. מאַכט זיך אָבער אַ מײַסע, אַז די באַלעבאָסטע זאָגט אים אָפּ פון דער דירע: זי האָט זיך דערוווּסט, אַז ער איז באָיקאָטירט, וויל זי אים ניט טרויען. און אַף וואָס זעענדיק זאָל זי אים טאַקע טרויען? מיילע באַנאַכט, אַז ער

שלאָפּט, האָט זי נאָך אין מאַשקן זײַנע בגאָדים (אויך מיר בגאָדים)... אָבער אינדערפרי, אַז ער שטייט אויף, טוט זיך אָן און נעמט צו דעם שטעקן זײַנעם, בלײַבט בײַ איר שוין גאָרניט.

— ווּ איז כאָטש זײַן וועש? — וווּנדערט זיך די באַלע־באָסטע, — אַ מענטש זאָל קײַן ברעקל וועש ניט האָבן.

בײַ איר האָט אַמאָל געוווינט אויך אַן אָרעמער קוואַרטיראַנט (וואָס דען, פאַר צוויי קראָנען אַ כוידעש וועט אַ רײַכער וווי־נען?), פונדעסטוועגן האָט יענער געהאַט אַ פּאָר שטיקלעך העמ־דער, אַ פּאָר טפילן... דער האָט אַפילע קײַן טפילן ניט. באַהיט זאָל מען ווערן פון אַזעלכע!

קומט צו גיין בלומשטיין אָוונטצײַט אין פּאַריין און דערציילט, פאַרשטייט זיך, לאַכנדיק (וואָס דען, ניספּאָעל וועט ער ווערן?), אַז ער האָט שוין קײַן דירע אויך ניט, און בעשאַס רעדן קוקט ער אַף דער באַנק, וואָס שטייט בײַ דער וואַנט. „אַ ווילע באַנק! מע וועט זיך קענען אויסציִען אויף“!.. אַזוי טראַכט ער, אָבער זאָגן זאָגט ער דאָס ניט. צו וואָס דאַרף מען וועמען צו דערציילן מײַסעס?..

— זיי וועלן שוין זען פּאַרטיקערהייט...

דער אוילעם אַרבעטער דרייט זיך אום אין פּאַריין. יעדער פּאַך אַרבעטער שמועסט וועגן זײַן פּאַך, אַן אַנדערער דערציילט גלאַט אַ מײַסע פון אַ בונדיסט, וואָס די האָר שטעלן זיך קאַפּויר...

בלומשטיין גייט צו צו יעדער קופּקעלע, רוקט אַרײַן אַ וואָרט, אַן עכט סאָציִאַליסטיש, שעלט די קאַפּיטאַליסטן און קוקט אַלץ אַף דער באַנק...

באַלד הייבט אָן צו ווערן שיטערער און שיטערער. עס איז שוין, אַפּאָנעם, פינף מינוט פאַר צען...

— נו, און דו? — פרעגט בלומשטיינען איינער מיט אַ שליסל אין דער האַנט.

— איך — לאַכט בלומשטיין! — איך, כע־כע־כע, — איך האָב פאַר שפּעטער־געלט קײַן מוירע ניט...

— ווילסט בלײַבן, הייסט עס, נעכטיקן דאָ? — פרעגט אים דער אַרבעטער מיט דעם שליסל אין האַנט.

— כע כע־־כע! אַ ברייִרע האָב איך...

— נו, טאָ נאַ דיר דעם שליסל.

און בלומשטיין בלײַבט איינער אַליין אין סאָציִאַליסטישן בעסמעדרעשל. שלאָפן איז נאָך פרי, זעצט זיך בלומשטיין אַוועק לייענען דעם לייט־אַרטיקל פון דער אַרבעטער־צײַטונג. ער לייענט מיט קאַוואָנע, נעמט יעדעס וואָרט אַרײַן אין קאָפּ און גיט דעם שרײַבער גערעכט: „זייער ריכטיק!״—מורמלט ער אַרויס נאָך יעדער פראַזע, „זייער ריכטיק!״. ענדלעך הייבן זיך אים אָן קלעפּן די אויגן. ער שטייט אויף, פאַרלאָזט די צײַטונג, שפּרייט אויס דעם צעריסענעם אויבערבעגעד אַף דער באַנק, פון די צוויי אַרבל מאַכט ער אַ צוקאָפּנס און לייגט זיך אַנידער, צודעקנדיק נאָר די פיס מיט דעם אַלטן צעפליקטן רעקל. די אויגן קלעפּן זיך, אָבער ער פילט זיך זייער אופגערעגט און קאָן ניט שלאָפן. דערצו נאָך דאַרף ער זיך דערמאָנען, אַז ער איז הונגעריק...

זײַן שטענדיק אָפּטימיסטישע שטימונג הייבט ביסלעכווײַז אָן צו פאַרשווינדן.

— אָ, גאָט מײַנער! — ווערט ער ענדלעך געדריקט פון הונגער, פאַרצווייפלט: — צוויי הונדערט פערציק קאַמאַשן־שטעפּער זײַנען נאָך ניט אָרגאַניזירט, איך בין באַיקאָטירט; ניט קײַן דירע, ניט קײַן עסן... דער פאַריין איז אָרעם, קאָן מיר ניט העלפן, און צו דער סאָציִאַלער רעוואָלוציִע איז נאָך אַזוי ווײַט, אַזוי ווײַט!..

# דער סאָד

ביז אַכצן יאָר האָט נאָכעם געלערנט אין אַ יעשיווע; זײַ־ענדיק אַ שטיקל מאַסמיד, האָט ער געהאַט גוטע „טעג". דער שאַבעס איז געווען גאָר אַ געהויבענער. אים אָבער האָבן די גוטע טעג ניט אויסגעמאַכט. ווען ער וואָלט עס נאָר ניט געהאַלטן פאַר ניט פּאַסיק, וואָלט ער מיט זײַנע בעסטע „טעג" זיך געביטן מיט אַ צווייטן יעשיווע־באָכער, וועלכער וואָלט אים דערפאַר אַפילע צוגעצאָלט, ווי עס פלעגט אַמאָל פּאַסירן אין דער יעשיווע. דערי־קער האָט ער געקוקט ניט אַפן „טאָג", נאָר אַפן באַלעבאָס. נאָכעם האָט ליב געהאַט צו האָבן באַלעבאַטים, מיט וועמען ער זאָל קאָ־נען ריידן וועגן אַ טיף שטיקל געמאָרע. און געלערנט האָט נאָ־כעם „טיף". ליב געהאַט צו גריבלען זיך אין טויספעס, מהרש"א, פרעגן און פאַרענטפערן קאַשעס. דער איקער אָבער — פרעגן. אַוועקשטעלן דעם ראָשעשיווע מיט אַן אָפענעם מויל און מיט פאַרגאַפטע אויגן, ווי ער וואָלט געזאָגט: ווו האָסטו דאָס אויס־געגראָבן אַזאַ קאַשע ?... אַפילע אַף די „טעג", ווען דער באַלעבאָס פלעגט אויך זיצן באַם עסן, פלעגט נאָכעם ליב האָבן פרעגן א קאַשע דעם באַלעבאָס טאַקע, ניט קוקנדיק, וואָס אַף אַנדערע איניאָנים איז ער געווען אַ בוישעס־פּאָנעם.

ווער ווייס, וואָס פאַר אַ לאַמדן נאָכעם וואָלט אַרויסגעוואָקסן מיט זײַן קאָפּ און מיט זײַן האַסמאָדע, ווען ער וואָלט זיך ניט באַקענט, טאַקע אַף זײַנעם אַ „טאָג", מיט אַ באָכערל מיט אים אין איינע יאָרן, און יענער וואָלט אים ניט צוגערעדט צו נעמען זיך אַביסל צו וועלטלעכע כאָכמעס. אָנפאַנגס האָט אַפילע נאָכעם ניט שטאַרק געהאַלטן דערפון. „אין די וועלטלעכע כאָכמעס, האָט

ער געזאָגט, איז ניטאָ די טיפקייט, וועלכע ער האָט ליב. יענער אָבער האָט אים ערקלערט, אַז עס איז דאָ אַזאַ כאָכמע באַ זיי, וואָס פאַלט ניט אַרונטער פאַר דער געמאָרע,—און דאָס איז די פּאָליטישע עקאָנאָמיִע.

ניט קאָנענדיק נאָך גוט לעזן רוסיש, האָט נאָכעם שוין זיך גענומען צו פּאָליטישער עקאָנאָמיִע, און דידאָזיקע כאָכמע האָט אים געפּאַקט... „זי איז ווירקלעך אַסאַך ענלעך צו געמאָרע!—"האָט ער מיט פרייד מוידע געווען זײַן נײַעם רעבן.

און אַזוי איז ביסלעכווײַז נאָכעם געוואָרן אַן עקאָנאָמיסט.

צו צוואַנציק יאָר האָט שוין דער באָכער פאַרלאָזן די יעשיווע, אַוועקגעפאָרן אין אַ גרויסער שטאָט און זיך גענומען שטודירן „קאַפּיטאַל".

נאַטירלעך, האָט ער ניט געקאָנט זיך פאַרגראָבן אין די דאַ־לעדאַמעס פון „קאַפּיטאַל", ווי אַמאָל אין דער געמאָרע. מאַרקס איז ניט געגעבן געוואָרן נאָר צו לערנען, צו מאַרקסן דאַרף מען עפּעס טון אויך, און נאָכעם איז געוואָרן ווילנדיק־ניט־ווילנדיק אַ כאַ־ווער און אָנגעהויבן נעמען אַן אָנטייל אין דער אַרבעטער־באַוועגונג.

עמעס, געקוקט האָט מען אַף אים אין דער באַוועגונג, ווי נאָר אַף אַ טעאָרעטיקער, אָבער דאָך פלעגט מען אים אויך פאַרטרויען פאַרשיידענע קאָנספּיראַציִעס, וועלכע האָבן אים, דעם עמעס גע־זאָגט, ניט אַזוי אינטערעסירט. צו די זאַכן האָט ער טאַקע קיין געדולד ניט געהאַט; דאָס ראָוו איז ער געווען פאַרנומען צו שרײַבן האַגאָעס, אָנמערקונגען באַ די זײַטן פון די גראָבע פּאָליטיש־עקאָנאָמישע ביכער, וואָס ער האָט אַלץ געשטודירט און, ווי אַמאָל אין טאַלמוד, אַנטדעקט אין זיי גרויסע אופטועכצן...

זעענדיק, אַז נאָכעם איז מער טעאָרעטיקער ווי טוער, האָט מען אים באַשטימט צו לערנען מיט אַ פּאָר גרופּעס פּאָליטישע עקאָנאָמיִע. צווישן אַלע גרופּעס האָט זיך געפונען איין גרופּע פון מיידלעך, אַנטוויקלטע אַרבעטערנס, מיט וועלכע עס פלעגט אים אויסקומען צו לערנען ביין מינכע לעמאַרעוו. אַזוי טאַקע האָט ער אַליין דידאָזיקע צײַט אָנגערופן.

דעם ערשטן מאָל, אַז ער האָט דידאָזיקע צײַט פאַר זיי באַ־שטימט, אָנרופנדיק זי „ביין מינכע לעמאַרעוו", האָבן זיך אַ פּאָר

מיידלעך פון דעם וואָרט פאַנאַנדערגעלאַכט. נאָכעם האָט זיך אַביסל פאַרשעמט, אָבער, אַז די איבעריקע מיידלעך האָבן די צוויי, וואָס האָבן געלאַכט, אויסגעזידלט, האָט ער זיך באַרויִקט און האָט זיך, ענדלעך, געפּילט מיט זײַנע שילערנס, ווי מיט מאַנסבלען...

געלערנט האָט ער די פּאָליטישע עקאָנאָמיִע מיט אַ שטיקל גע־מאָרע־ניגון, איבער אַ האַרב בלעטל זיך צוגעשאָקלט און ביקלאַל באַנוצט טאַלמודישע אויסדריקן, ווי „האָבן מיר אַ קײַמעלאָן", „איז פון דאַנען געדרונגען", אַזוי אַז זײַנע שילערנס זײַנען טאַקע שיר־שיר ניט געוואָרן עמעסע געמאָרע־קעפּלעך...

נאָכעם האָט ניט געקוקט אַף זײַנע שילערנס פון דער זײַט, פון זייער אויסערלעכקײַט, און עס איז אים קלאַל ניט אָנגעגאַנגען, צי זײַנען זיי שיין אָדער עפּשער מיִעס, ניט זײַענדיק דערוף קיין שטאַרקער מייוון; דערפאַר אָבער האָט ער אויסגעפונען אין אַ צײַט אַרום, אַז צווישן די אַלע מיידלעך געפינט זיך איינע, כאַנקע, וואָס האָט גאָר א שאַרף קעפּל און איז גוט טויפעס אַ בלעטל באָגדאַנאָוו...

דערדאָזיקער כאַנקען האָט נאָכעם דאַן געשענקט מער אופ־מערקזאַמקײַט, ווי די איבעריקע, האָט געלייגט אַף איר גרויסע האָפענונגען און האָט ענדלעך איר באַמערקט, אַז מיט איר קאָן מען שוין זיך פאַרגינען צו לערנען אַ בלעטל „קאַפּיטאַל".

נאָר אַזוי ווי די איבעריקע מיידלעך פון דער גרופּע זײַנען אַזוי ווײַט ניט געגאַנגען, האָט נאָכעם כאַנקען פאָרגעלייגט, זי זאָל קומען צו אים אין צימער פון 9 ביז 10 אין אָוונט צו לערנען „קאַפּיטאַל" מאַרקס.

כאַנקע האָט זיך, נאַטירלעך, אָנגעכאַפּט אָן דערדאָזיקער פאָר־לייגונג, כאָטש די איבעריקע כאַווערטעס פון דער גרופּע האָבן זי אָפּגערעדט, זאָגנדיק, אַז פאַר אַ מיידל איז גענוג, אַז מע קאָן באָגדאַנאָוון אויך.

— קיין רעבעצן וועסטו סײַ־ווי־סײַ ניט זײַן! — האָט איר איינע גוטמוטיק אַ שטאָך געטון.

און נאָך איינע, אירע שוין גאָר א נאָענטע כאַווערטע, האָט צוגעגעבן:

— אין דער סאָציִאַליסטישער אָרדענונג קאָן זי נאָך פּאַסקע־נען אַרבעטער־שײַלעס...

כאַנקע איז אָבער געגאַנגען.

קומענדיק טײלמאָל צו נאָכעמען און ניט געפינענדיק אים אינ־דערהײם, פלעגט זי דערװײַל מאַכן אַן אָרדענונג אין זײַן אָרעמען צימערל, װאָס האָט אױסגעזען, װי נאָך אַ פּאָגראָם. זי פלעגט פאַרבעטן זײַן בעט, אױסקערן דאָס צימערל און צונױפלײגן אין אָרדענונג זײַנע ביכער, װאָס דער גרעסטער טײל פון זײ איז באַשטאַנען פון פּאָליטיש־עקאָנאָמישע. די פּאָר דיקע זשורנאַלן זײַנען אױך נאָר געװען צעשניטן דאָרט, װוּ עס האָבן זיך באַ־האַנדלט פּאָליטיש־עקאָנאָמישע פראַגן; די איבעריקע בלעטער, װוּ עס איז געװען געדרוקט די בעלעטריסטיק, זײַנען געװען באַ־האַלטן, װי א גרױסער סאָד...

קומענדיק אַהײם און טרעפנדיק אַן אופגערױמט צימערל, פלעגט נאָכעם זיס שמײכלען און פרײַנטלעך זיך װענדן, װי פאַר־שעמט, ניט קוקנדיק כאַנקען אין פּאָנעם:

— איר האָט דאָס אַזױ פײַן צוגעקליבן...

— אַז באַ אײַך איז זײער אָנגעװאָרפן געװען — פלעגט זיך כאַנקע פאַרענטפערן, אױך װי פאַרשעמט...

אַזױ ביסלעכװײַז איז כאַנקע אַלץ נעענטער געװאָרן מיט נאָ־כעמען, אַלץ אָפן כעשבן פון „קאַפּיטאַל"...

נאָכעם איז געװען שטאַרק צופרידן, װאָס כאַנקע איז אַזאַ מאָס־מיד און איז אַזױ איבערגעגעבן דער פּאָליטישער עקאָנאָמיִע, ניט קלערנדיק און ניט כױשעד זײַענדיק כאַנקען אין אַנדערע געדאַנקען.

אײנמאָל האָט זיך נאָכעם פאַרלערנט מיט כאַנקען ביז אַזײ־גער 1 באַנאַכט. עס איז געװען אַ שטורעמדיקע נאַכט, דער װינט האָט געריסן די דעכער און געקלאַפּט מיט אַ מין דראָען אין די שױבן. כאַנקע האָט שװאַך אַרױסגערעדט:

— אױ, װי װעל איך גײן אַהײם!

נאָכעם האָט זיך אײַנגעקוקט אין פענצטער צום דרױסן און האָט געענטפערט:

— אַז איר װילט, קאָנט איר דאָ נעכטיקן...

כאַנקע איז רױט געװאָרן, האָט זיך שטאַרק פאַרשעמט. דאָך איז זי געבליבן.

אויסגעבעט האָט זיך כאַנקע אַפן גרויסן קאָרב, וואָס איז אין צימערל געשטאַנען, צושטעלנדיק צו אים אַ שטול. נאָכעם האָט איר אַפילע פאַרגעלייגט זײַן שטרוי־זאַק, ווײַל — האָט ער איר דער־קלערט — ער האָט ליב צו שלאָפן וואָס האַרטער. כאַנקע אָבער האָט ניט געוואָלט אָנעמען דעמדאָזיקן אָפּפער, און זי האָט גע־זאָגט, אַז זי וועט זיך מאַכן באַקוועמער מיט אַנדערע מיטלען.

ליגנדיק שוין אין בעטל, האָט נאָכעם זיך געפילט זייער גוט, דערמאָנענדיק זיך, אַז אין זײַן צימער געפינט זיך, אויסער די פּאָליטיש־עקאָנאָמישע ביכער, נאָך אַ לעבעדיקער מענטש. ער האָט וואַרעם פון בעט זיך איבערגערעדט מיט כאַנקען, וואָס איז גע־לעגן אין אַ ווינקל אַפן קאָרב:

— אײַך מוז זײַן אַוואַדע האַרט צו ליגן...

— אָ, ניין, איך שלאָף ווי אַ פּריצטע...—האָט כאַנקע האַרציק־ווייך געענטפערט...

מיט דער צײַט האָט כאַנקע אָנגעהויבן אַלץ אָפטער צו בלײַבן בײַ נאָכעמען, אונטער פאַרשיידענע טערוצים, ביז זיי ביידע האָבן, ווי אין געדאַנק באַשליסנדיק, ניט אַרויסריידנדיק עס מיטן מויל, זיך באַזעצט צוזאַמען אין צימער.

שפּעטער פלעגט מען זיי שוין זען ביידע צוזאַמען אין דער ביליקער רעסטאָראַציִע עסן אַ מיטאָג אַלע טאָג, און נאָך שפּעטער האָבן זיי שוין פאַר מענטשן אין די אויגן געזאָגט איינער צום אַנדערן „דו".

נאָכעם איז געווען זייער צופרידן. כאַנקע איז אַ טרײַע כאַ־ווערטע, האָט דערצו אַ שאַרפן קאָפּ, מע קאָן מיט איר אַמאָל שמו־עסן וועגן טעאָרעטישע פראַגן און זי פּאַסט עס אויף, ווי א מאַנסבל...

איין זאַך האָט נאָכעמען דאָך אַביסל באַאומרויִקט. ער האָט בעשומויפן ניט געוווּסט, צי כאַנקע איז אַ שיין מיידל, צי ניט.

אַז זי גיט אַביסל אײַנגעבויגן, דאָס האָט ער געזעען בעכוש, אָבער צי האָט זי אַ שיין פּאָנעם — וועגן דעם האָט ער בעשו־מויפן ניט גזקאָנט זאָגן קיין מיינונג... ער אַליין איז ניט קיין מייוון אַף שיינקײַט.

דאָך וואָלט ער זייער זײַן צופרידן, ווען ער וואָלט געוווּסט, אַז כאַנקע איז שיין.

— ווי אַזוי קאָן מען עס דערגיין?

ער זאָל פרעגן באַ אַ באַקאַנטן, וועט דאָך אים יענער אויס-לאַכן. אַליין קאָן ער בעשומויפן ניט באַנעמען, צי איז זי שיין אָדער ניט, ווייניקסטנס, צי איז זי כאָטש כיינעוודיק...

און וואָס ווײַטער, האָט אים די פראַגע מער אָנגעהויבן צו באַאומרויִקן. מיילע, שיינקײַט וואָלט ער שוין מויכל געווען — ווער ווייסט אָבער, צי איז זי ניט קיין פאַרזעעניש: אַ קאַשע אַף אַ מײַסע! אַז ער אַליין פארשטייט דערין ניט, כאָטש האַרגע אים!

ער פאַלט אַמאָל אַף אַ סייכל און וויל באַ אַ באַקאַנטן פון הינטן אַרום דערגיין:

— ווי געפעלט אײַך מײַן כאַנקע?

— אָ,—כאַפּט זיך אָן יענער, ווי באַגײַסטערט — אַ וווּיל מיידל...

ווייסט ער ווידער ניט: ווויל איז דען שיין?.. זאָל ער פרעגן אָפן: איז זי אַ שיינע? פּאַסט ניט, — ווו זײַנען דען זײַנע אויגן?

פרעגט ער אין אַ צײַט אַרום באַ אַ צווייטן:

— ווי געפעלט דיר, ברודער, מײַן כאַנקע?

— אָ, — כאַפּט זיך אָן יענער ווי באַגײַסטערט — כאַנקע איז אַ טײַער מיידל...

צו אַלדע טײַוול! אַז זי איז אַ ווויל און אַ טײַער מיידל, ווייסט ער אַליין. איר טפּיסע, איר באַנעמען „קאַפּיטאַל" מאַוקס מעגן מאַנסבלען מעקאַנע זײַן. אָבער צי איז כאַנקע אַ שיינע? אָט וואָס אים מוטשעט. דאָס הייסט, שיינקײַט איז ער מויכל. צי איז זי אָבער, ווער ווייסט, ניט קיין גראָב פאַרזעעניש... ווער קאָן עס וויסן?

און ער פרעגט ווידער באַ אַ דריטן:

— נו, געפעלט דיר מײַן כאַנקע?

— אָ, כאַנקע איז אַ זעלטן מיידל! — באַקומט ער ווידער אַן ענטפער און בלײַבט ווי אין קלעם. זאָל כאָטש איינער זאָגן אַ מיינונג ווי געהעריק איז, וואָס אים אינטערעסירט...

און ער פאַלט אַף אַ אידייע: ער וועט פרעגן נאַנקען אַליין. זי איז אַן ערלעכע ריינע נעשאָמע, דערין איז ער זכער — זי וועט אים דערציילן דעם עמעס.

— כאַנקע,—רופט ער זיך אָפּ צו איר איינמאָל באַנאַכט — כאַנקע.

— וואָס איז, נאָכעם, האַ?—פרעגט זי ליבלעך.

— איך האָב דיך, כאַנקע, געוואָלט עפּעס פרעגן.

— עפּעס אַ טעאָרעטישע זאַך?—פרעגט כאַנקע נאָך ליבער און בלעטערט דערווײַל דעם גראָבן „קאַפּיטאַל”, וואָס ליגט אַפן טיש.

— ניין, דאַפקע אַ נאַרישקייַט...—ענטפערט נאָכעם און דאָס האַרץ קלאַפּט שטאַרק: ווער ווייסט, וואָס פאַר אַ דורכפאַל ער קאָן האָבן מיט דערדאָזיקער ווילדער פראַגע.

— ווי קומסטו צו פרעגן נאַרישקייַטן?—שמייכלט כאַנקע.

— יעדער מענטש האָט זייַנע נאַרישקייַטן... — ווערט נאָכעם דאָך מוטיקער און גייט איבער גלייַך צו דער זאַך — זאָג מיר, כאַנקע: דו ביסט אַ שיינע?

כאַנקע קוקט אים אָן אָנפאַנגס פאַרוואונדערט, נאָכדעם פרעגט זי איבער:

— וואָס איז דיר די נאַפקעמינע...

— יאָ...—ענטפערט נאָכעם געשטאַמלט...—יאָ... קיין נאַפקעמינע איז דאָס מיר טאַקע ניט... איך וואָלט אָבער וועלן טאַקע וויסן... איך אַליין קוק אַף דיר אַמאָל, קוק, קוק, און קאָן ניט פאַרשטיין... דאָס הייסט, איך בין ניט קיין מיווין...

— גלויב מיר — האָט כאַנקע געענטפערט — אַז איך אַליין וויים אויך ניט...

און אַזוי איז נאָכעם דעם סאָד ניט דערגאַנגען...

# די רעוואָליוציע אין קליינעם בעסמעדרעש

אין קליינעם בעסמעדרעש פלעגט מען שאַבעס אָפּדאַווענען שפּעטער ווי אין די איבעריקע דריי באָטעמעדראָשים, כאָטש דאָרטן האָט ניט דער ראָוו געדאַוונט און ניט קיין כאַזן געזונגען. געדאַוונט האָבן אין קליינעם בעסמעדרעש אויך ניט קיין פרומערע ייִדן ווי אין די אַנדערע דריי באָטעמעדראָשים. אַדעראַבע, דאַפקע אין קליינעם בעסמעדרעש האָבן געדאַוונט אויך די פּאָר מאַסקילים פון שטעטל, אַף וועלכע מע האָט אונטערגעמורמלט, אַז זיי זײַנען אַביסל ניט פרום און באָכערווײַז זײַנען זיי גאָר געווען ווײַט פון ייִדישקײַט; די איבעריקע דאַוונער זײַנען געווען ייִדן פון אַ גאַנץ יאָר. עמעס, ניט קיין באַלמעלאָכעס — אין קליינעם בעסמעדרעש האָבן קיין באַלמעלאָכעס ניט געדאַוונט,—נאָר ייִדן קרעמער און טווע־הענדלער. אַ פּאָר מעלאַמדים, אויך מער פון די הײַנטיקע, וואָס האָבן שוין געוווסט פון דיקדעק און פון „שפה חיה" און איינער האָט געהאַט אַ כיידער גאָר אַפן נײַעם שטייגער — מיט בענק... און דאָך, ווי געזאָגט, פלעגט מען דאַפקע פון קליינעם בעסמעדרעש שאַבעס אַרויסגיין מיט אַ שאָ אַנדערהאַלבן שפּעטער ווי פון די איבעריקע שולן, אַפילע שפּעטער ווי פון דעם כסידיש שטיבל, וווּ עס האָבן געדאַוונט די ליבאַוויטשער, נישט קוקנדיק, וואָס צווישן די דאַוונער פון קליינעם בעסמעדרעש איז אַ כאָסיד אַפילע אַף קיין רעפוע ניט געווען.

די אורזאַכע איז געווען גאָר אַ איינפאַכע: אין קליינעם בעסמעדרעש האָט געדאַוונט דער גוויר פון שטעטל — כאַים־מייער טשאַרניאַק. וועגן זײַן פאַרמעגן איז געווען כילוקע־דייעס. מאַנכע האָבן געדרונגען, אַז ער פאַרמאָגט צוויי הונדערט טויזנט, מאַנכע—

הונדערט טויזנט קערבלעך. די פּאָר מאַסקילים, וואָס זײַנען געווען אַפּיקאָרסיש געשטימט, האָבן אים אַראָפּגענומען זייער אַ גרויסע סומע און האָבן אים נאָר איבערגעלאָזט אַ 50 טויזנט קערבלעך. נאַטירלעך, פלעגט מען ניט דערלאָזן אַזאַ אַוולע, און ענדלעך פלעגן אַפּילע די פּאָר מאַסקילים מאַכן אַ פּשרה און דערלייגן אים נאָך אַ 25 טויזנט, און זאָל דער אוילעם ניט בייז זײַן.

דערפאַר איז אָבער באַ קיינעם קיין כילוקע־דייעס ניט געווען וועגן וואַרטן אַפן גוויר מיטן דאַוונען, דערפון האָט מען אַפּילע גאָרניט גערעדט. זאָל זײַן אַפּילע, אַז די מאַסקילים זײַנען גע־רעכט, אַז ער פאַרמאָגט מער ניט ווי 50 טויזנט — נו, און 50 טויזנט וואַלגערן זיך דען אין גאַס? וואַרטן מוז מען אַף אים סײַ־ווי־סײַ. ס׳וואָלט גאָר קיינעם ניט אײַנגעפאַלן, אַפּילע אין אַ שפּאַס, אַ וואָרט טון, מע זאָל דאַוונען אָן אים. אין דער פראַגע זײַנען די דאַוונער פון קליינעם בעסמעדרעש געווען אייניק. ס׳האָט זיך אַפּילע אַמאָל געפונען איינער, כאָנען דער טוויע־העגדלער, אַן אַזעס־פּאָנעם, וואָס האָט געזאָגט, אַז ביז „ברוך שאָמר" קען מען דאַוונען אָן אים, נאָר דער אוילעם האָט דאָס אָנגענומען פאַר אַ האַלבן שפּאַס און קיינער האָט אַפּילע ניט געפונען פאַר נייטיק צו שפּאַרן זיך אַף ניין. די זאַך פאַרשטייט זיך מעמיילע. און ביז „ברוך שאָמר" קען מען דעם גוויר לאָזן אַליין? מע וועט אים דען צווינגען צו נאָכיאָגן דעם כאַזן, וועלכער וועט האַלטן ווײַטער? וואָס הייסט! עס איז שוין, עמעס, געווען אַמאָל געצונג האָזע ווען מע האָט, נאָכדעם ווי דער זייגער האָט געשלאָגן 10 און דער גוויר איז ניט געקומען, געשיקט דעם שאַמעס צו אים אַהיים פרעגן: וואָס איז די מײַסע? מע איז דאָך ניט מער ווי אַ מענטש — אַ גוויר קען דאָך אויך, כאָלילע וועכאַס, קראַנק ווערן... ביפראַט אַז דער גוויר האָט טאַקע געהאַט אַ שטיקל פעלער: ס׳האָט גע־הייסן — די דיקע רער, דאָס הייסט, ער איז געווען צו דיק... דער גוויר איז אָבער דערפאַר בייז געוואָרן און האָט געזאָגט, אַז ער בעט גאָרניט מע זאָל אַף אים וואַרטן... ער איז מויכל דעם קאָוועד... דאַמאָלס האָט דער שאַמעס געכאַפּט אַ פּסאַק פון די באַלעבאַטים.

— עס האָט ניט געפּאַסט טאַקע צו גיין טרײַבן אים, עס איז ניט קיין דערעכערעץ פאַר אַ גוויר...

און אַז דער גוויר איז דאַמאָלס געקומען ערשט אין אַ האַלבער שאָ אַרום, איז צוגעגאַנגען צו אים טאַקע כאָנען דער טוועהענדלער, וואָס האָט געהאַט אַ נאָמען פֿאַר אַן אַזוס־פּאָנעם, און האָט מיט אַ זיסן שמייכל, וואָס האָט זיך צעגאָסן איבער זײַן גאַנצן דאַרן פּאָנעם ביז אַראָפּ באָרד, אויסגעשטאַמלט:

— פֿון אונדזערטוועגן, ר׳ כאַיִם־מייער, וואָלטן מיר נאָך געוואַרט... וואָס איז שײַעך!..

און ר׳ כאַיִם־מייער האָט האַלב אָנגעבלאָזן און האַלב גוטהערציק געענטפֿערט:

— רופֿן מיך דאַרף מען ניט... אויב ס׳איז שווער צו וואַרטן — טאָ זאָל מען דאַוונען אָן מיר... איך פּאָזוואָליע...

נאַטירלעך, איז געוואָרן באַלד אַ מעהומע: דער גוויר איז ברויגעז. עס זײַנען צו אים צוגעגאַנגען די שענערע באַלעבאַטים, די פּאָר מאַסקילים, דער מעלאַמעד, וואָס לערנט אַפֿן הײַנטיקן שטייגער מיטן „שפה חיה״ און מיט די „בענק״, און יעדער האָט אַרויסגעזאָגט זײַן מיינונג, וואָס דער הויפּט־געדאַנק איז באַשטאַנען אין דעם, אַז פֿון זייער זײַט וואָלטן זיי נאָך געוואַרט און געוואַרט, נאָר דער שאַמעס... און דער שאַמעס — נאָר ווו שאַמעס, ווען שאַמעס? ס׳איז געשטאַנען באַ דער בימע אַ מעס ניט קיין שאַמעס, אַ קלייניקײַט — אײַנגעריסן מיטן גוויר!..

קומט אָן פּלוצלינג אין שטעטל אַ נײַס, אַז מע האָט געוואָרפֿן אַ באָמבע אַף פּלעווען... אינמיטן וואָך, נאַטירלעך, איז מען פֿאַריאָגט אין פּאַרנאָסע, לאָזט מען די נײַס באַשפּרעכן די ווײַבער און די באָכורימלעך: זיי האָבן צײַט! שאַבעס אָבער קערט זיך דער קליינער בעסמעדרעש, איבערהויפּט די פּאָר מאַסקילים. זיי דרינגען, אַז איצט וועט ווערן פֿרײַ...

דערהערט דאָס וואָרט פֿרײַ, פֿרעגט דער שאַמעס, וואָס הייסט פֿרײַ, מע וועט דען מעגן האַלטן שענקען, אָדער וווינען אין דערפֿער? לאַכט זיך פּאַנאַנדער איין מאַסקל און זאָגט, אַז פֿרײַ הייסט אָן אַ קייסער, און כאָנען דער אַזוס־פּאָנעם דערקלערט די פֿרײַהײַט אַף זײַן שטייגער און זאָגט אַרויס זײַן האַשאָרע, אַז פֿרײַ הייסט, אַז מע וועט אופֿהערן וואַרטן אַפֿן גוויר מיטן דאַוונען...

געזאָגט געוואָרן איז עס, נאַטירלעך, אין אַ שפּאַס, נאָר עפּעס איצט איז דער שפּאַס געפעלן געוואָרן, און דער שאַמעס האָט זיך אָנגערופן:

— איך זאָג אײַך, ברידער, אַז דאָס וואָלט געווען די גרעסטע ישועה...

און כאָטש דאָס איז פון שאַמעס געווען די ערשטע אַרויס־טרעטונג קעגן גוויר, האָט ער זיך גאָרניט געשראָקן. אַדרעאַבע, ער האָט באַלד אַ שמעק טאַבאַק געגעבן און געזאָגט ווידער:

— ער זיצט שוין מיר אָט־אָ־דאָ־אָ!...

דעם אַנדערן שאַבעס האָט מען שוין גערעדט וועגן דער גרויסער דעמאָנסטראַציע, וואָס איז געווען, ווי באַלעגאָלעס דער־ציילן, אין דער גובערניע...

— מע זאָגט, אַז דער כאַיִל בונטעוועט זיך אויך...—האָט איין מאַסקל פון די פּאָר מיטגעטיילט...

נאָך באַלד איז אָנגעקומען דער גוויר.

— עפּעס פֿרײַ זײַנט איר הײַנט געקומען, ר׳ כאַיִם־מייער,— האָט כאָנען דער אַזעס־פּאָנעם אַ פרעג געטון,—ערשט נײַן אַזייגער...

— עס שלאָפט זיך עפּעס ניט...—האָט דער גוויר, ווי ברוי־געזלעך, אָבער גענוג פֿײַן געענטפערט — בין פרי אופגעשטאַנען...

— וואָס זאָגט איר, וואָס טוט זיך אַזוינס אין רוסלאַנד? עס קערט די וועלט! — האָט כאָנען געוואָלט הערן זײַן מיינונג.

דער גוויר האָט מיט שטאָלץ אַ הוסט געטון און געענטפערט:

— וואָס זאָל איך זאָגן? — לײַדאַקעס, יונגאַטשעס, זיי ווילן איבערמאַכן אַ וועלט...

דאָ האָט שוין דער שאַמעס זיך אַרײַנגעמישט און, עמעס, אַביסל מיט האַרצקלאַפּעניש, אָבער דאָך גענוג קלאָר אַרויס־גערעדט:

— מע זאָגט, עס זאָל ווערן פרײַ...

דער גוויר האָט אים קרום אָנגעקוקט און גאָרנישט געענט־פערט...

אָבער מער ראַש האָט אָנגעמאַכט אין בעסמעדרעש דער אופ־שטאַנד אַף „פּאָטיאָמקינס שיף״.

— מע זאָגט, אַז מע גיט קאָנסטיטוציִע... — האָט איינער אַ זאָג געטון.

— וואָס הייסט מע גיט? — האָט דער מעלאַמעד, וואָס לערנט אַפּן נײַעם שטייגער, געענטפערט — מע נעמט אַליין.

— שוין דרײַ פערטל אף 9! — האָט כאָנעז דער טוווע־הענדלער פלוצלינג אויסגערופן, — לאָז מען זיך שטעלן דאַוונען אָן אים... וויפל איז דער שיר צו וואַרטן אף אים?

— ווי איך בין אַ ייִד, ער איז גערעכט.

— קאָנסטיטוציִע איז קאָנסטיטוציִע! — האָט א צווייטער מאַסקל אונטערגעהאַלטן!

און כאָנעז דער טוווע־הענדלער האָט זיך געשטעלט באַם אָמעד און אויסגעזונגען די בראָכעס פון פאָרנט, און דער אוילעם האָט מיט אַ באַהאַלטענער סימכע געמישט מיט נעקאָמע־געפיל הויך נאָך יעדער בראָכע געענטפערט:

— אָמיין!

# דער טויטער-לעבעדיקער

צווישן די אַלע עלטערע מענטשן, וועלכע האָבן זיך מיר אין מײַן זיקאָרן אײַנגעפּרעסט, איז אויך געווען הענעך דער שנײַדער, וואָס האָט געוווינט אין אונדזער גאַס. אַז איך בין געווען אַ צוועלף־יעריק יינגל, איז שוין הענעך געווען אַ ייִד מיט אַ גראָער באָרד און פלעגט אַלע אינדערפרי מיט אַ געבויגענעם רוקן פאַרבײַגיין אונדזער הויז מיט טאַלעס און טפילן,— דאָס פלעגט ער גיין אין און פון בעסמעדרעש.

אָפטמאָל פלעגט ער זיך אָפּשטעלן כאַפּן אַ שמועס מיט מײַן טאַטן, וועלכער פלעגט שטיין אַפן הויף מיט א גראָבן טיטון־פּאַפּיראָס אין מויל. מײַן טאַטע, אַ פרײַנטלעכער מענטש, פלעגט דעמדאָזיקן ערלעכן אַרבעטער ניט אַזוי שנעל אָפּלאָזן. פריִער פלעגט מען רעדן וועגן וועטער, נאָכדעם וועגן מעקאָכים אַף פאַרשיידענע סכוירעס און שפּעטער פלעגט מען אַריבערגיין אַף פּערזענלעכע פראַגן.

צו דער פּערזענלעכער פראַגע האָט געהערט אויך די פראַגע וועגן הענעכס עלטערן זון, וועלכער איז אין אַמעריקע. מײַן טאַטע, וואָס האָט זייער שטאַרק געהאַלטן פון אַמעריקע, איז שטענדיק נײַגיריק געווען צו וויסן, וואָס הענעכס זון שרײַבט פון דאָרטן און וויפל ער פאַרדינט. הענעך פלעגט מיט אַ שטראַלנדן געזיכט דערציילן, אַז זײַן זון איז דאָרטן גליקלעך. ער מאַכט אַף היגע געלט צוואַנציק רובל די וואָך. און דערצו פלעגט ער צולייגן מיט אַ שמייכל: „בעט ער מיך איך זאָל קומען צו אים. איך מיט מײַן גיכער האַנט וועל דאָרטן גיין אין גאָלד!"

— אַזוי שרײַבט ער טאַקע: „גיין אין גאָלד!" — פלעגט העניך איבערגעבן דעם טאָך פון זײַן זונס בריוו.

און אַז מײַן טאַטע פלעגט אים צורעדן, ער זאָל טאַקע פאָרן, פלעגט העניך א שמייכל טון, אָנווײַזן אַף זײַן גראָער באָרד און ענטפערן.

— ניין. איך בין שוין צו אַלט!

איך, וואָס איך האָב ליב געהאַט זיך צוהערן צו די שמועסן פון עלטערע מענטשן, כאָטש מײַן טאַטע פלעגט מיך שטענדיק אַוועקטרײַבן, פלעג דעמאָלט באַטראַכטן העניכס באָרד און האָב זיך מעשאַער געווען, אַז ער איז שוין אַ ייִד אַ זאָקן.

שפּעטער, אַז איך האָב מײַן שטעטל פאַרלאָזט און פלעג אַמאָל זיך באַגעגענען ערגעץ מיט אַן ערשט אָנגעקומענעם פון דער היים, פלעג איך נאָכפרעגן אַף אַלע איבערגעבליבענע אין מײַן גאַס. צווישן אַלע האָב איך ניט פאַרגעסן העניך דעם שנײַדער. פאָרגעשטעלט האָב איך זיך שוין אַן אַלטן מאַן מיט א ווײַסער באָרד. קיין געניען גרוס האָב איך אָבער פון אים ניט באַקומען. נאָך שפּעטער, אַז איך האָב געפרעגט וועגן אים, האָט מען גע־דריקט מיט די פּלייצעס: „העניך דער שנײַדער? דאַכט זיך, ער איז געשטאָרבן".

און איך האָב זיך גלײַך פאָרגעשטעלט דעם שטעטלשן בעסוילעם, ווו עס ליגט העניך דער אַלטער שטילער שנײַדער פון אונדזער גאַס. אַזוי ווי קיין לאַמדן איז ער ניט געווען, האָב איך זיך אויך פאַר איינוועגס פאָרגעשטעלט די שורע, אין וועלכער ער ליגט; אויך די מאַצייווע האָב איך פאַר די אויגן געזען. דאָס איז געווען אַ פּראָסטער, ניט־אויסגעאַרבעטער שטיין, אַף וועלכן עס זײַנען געשטאַנען די פּאָר ווערטער: „פּה נקבר ר' העניך בן זרח החיט" [1]...

און דערמאָנענדיק זיך פון צײַט צו צײַט אָן מײַן שטעטל מיט אַלע אירע לעבעדיקע און געשטאָרבענע, פלעג איך אויך אָן אים זיך דערמאָנען, און כאָטש קיין גרויס שײַכעס האָב איך צו דעמ־דאָזיקן שנײַדער קיינמאָל ניט געהאַט, פלעגט באַ מיר די ערינע־רונג וועגן אים אַרויסרופן אַ פילאָזאָפישע שטימונג: געווען א מענטש און געשטאָרבן, אַפילו קיין זייכער ניט געבליבן...

[1]) דאָ ליגט באַגראָבן רעב העניך בען זאָרעך דער שנײַדער.

קומענדיק קיין אַמעריקע, פלעג איך פון צײַט צו צײַט זיך באַ־געגענען מיט מײַנע לאַנדסלײַט. דאָס ראָוו זײַנען דאָס געווען קינ־דער פון די פאַרשטאָרבענע טאַטעס, וועלכע איך האָב דערקענט טאַקע פון דער ערינערונג, ווי אַזוי אַמאָל האָבן זייערע טאַטעס אויסגעזעען. זיי האָבן געהאַט דעמזעלבן אויסדרוק אַפן פּאָנעם, די־זעלבע אויגן, און די זין פון די פרומערע לאַנדסלײַט האָבן אויס־געזעען אינגאַנצן ווי די טאַטעס, אַדאַנק דעם, וואָס זיי האָבן ניט געשוירן זייערע בערד.

אַדאַנק דערדאָזיקער ענלעכקײַט האָב איך זיך באַגעגנט ניט זעלטן מיט געשטאָרבענע. מײַן שרעק פלעגט די ערשטע צײַט זײַן זייער גרויס, ווייסנדיק גענוי, אַז דער און דער איז שוין לאַנג געשטאָרבן, און אָט זע איך אים שטיין פאַר מיר. ערשט געוואָרע ווערנדיק, אַז דאָס איז בלויז אַ זון, וועלכער איז ענלעך צום טאַטן, פלעג איך זיך באַרויִקן און פלעג באַשליסן, אַז די עמעסע אומשטערבלעכ־קײַט באַשטייט טאַקע אין קינדער. אַף דערדאָזיקער מיינונג האָב איך געבויט אַ גאַנצע פילאָזאָפישע סיסטעם און האָב זי פון צײַט צו צײַט מינדלעך איבערגעגעבן מײַנע פרײַנט, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען פילע, וואָס זײַנען געווען קעגנער פון כאַסענע און קינדער האָבן...

אין דער צײַט פון דעם גרויסן שנײַדער־סטרײַק האָט מיך מײַנער אַ באַקאַנטער אַרבעטער־פירער מיטגענומען אין אַ האָל, ווו עס האָט געדאַרפט פאָרקומען אַ מיטינג פון די סטרײַקער. אַזוי ווי דער מיטינג האָט זיך נאָך ניט אָנגעהויבן, האָט מײַן פרײַנט מיך געלאָזן אין האָל צווישן די אַרבעטער, וועלכע זײַנען שוין געווען פאַרזאַמלט אין אַ געזונדנער צאָל, און ער אַליין איז אַוועק צו דער פלאַטפאָרם.

איך האָב זיך מיט גרויס נײַגיריקײַט צוגעהערט צום גערויש און געטומל פון די פאַרזאַמלטע, אין וועלכע עס האָבן זיך געפונען יינגערע, עלטערע און זאָגאַר אייניקע גאַנץ אַלטע ייִדן. דידאָזיקע אַלטע האָבן מיך אינטערעסירט מער ווי די אַלע אַנדערע. איבער־הויפּט האָב איך געשענקט מײַן אופמערקזאַמקײַט אַ גאַנץ אַלטינקן ייִדן, וואָס איז, וואָס מער איך האָב אים באַטראַכט, מיר אַלץ מער

באַקאַנט פאָרגעקומען. איך האָב אָנגעשטרענגט מײַן קויעך האַזי־קאָרן און האָב ענדלעך ווי אויסגעשריִען:

— מײַן גאָט, דאָס איז דאָך דער אַלטער הענעך דער שנײַדער פון אונדזער גאַס...

אָנפאַנגס איז מײַן שרעק געווען אַזוי גרויס, אַז איך האָב זיך אָפּגערוקט עטלעכע טריט אַהינטער און האָב. מוירע געהאַט זיך צו באַגעגענען מיט דעמדאָזיקן עמעס... באַלד אָבער האָב איך זיך דערמאָנט, אַז דערדאָזיקער הענעך האָט געהאַט אַ זון אין אַמע־ריקע, הייסט עס, אַז דאָס איז דער זון, וועלכער איז ענלעך צום טאַטן. דידאָזיקע האַשאָרע האָט מיך שוין אַביסל באַרויִקט. איך בין צו אים צוגעגאַנגען, זיך אײַנגעקוקט אין אים און דאָך נישט גאָר אָן שרעק אים געפרעגט:

— זײַט איר נישט הענעך דעם שנײַדערס זון?..

— וואָס עפּעס אַ זון? — האָט דער אַלטער ווי מיט אַ כויזעק־טאָן איבערגעפרעגט — פאַרוואָס טאַקע ניט הענעך אַליין?..

— הענעך אַליין?! — בין איך אופגעשפּרונגען פאַר שרעק.

— וואָס־זשע האָט איר זיך דערשראָקן? — האָט ער מיך פאַר־ווונדערט אָנגעקוקט.

— איך... — האָב איך גענומען שטאַמלען — איך האָב גע־הערט... אַז איר זײַט געשטאָרבן!..

— געשטאָרבן! — האָט ער זיך צעלאַכט מיט אַ געלעכטער ווי פון יענער וועלט — פאַרוואָס זאָל איך עפּעס שטאַרבן?..

— אַזוי... אַזוי... — האָב איך זיך שוין גענומען באַרויִקן — איז דאָס געווען אַ פאַלשער גרוס, בין איך זייער צופרידן...

און פאָרשטעלנדיק זיך פאַר אים, האָט ער זיך מיט מיר זייער דערפרייט און געענטפערט:

— אַ שײַלע, צי איך קען אײַך!.. אײַער טאַטע, זאָל לעבן, האָט טאַקע מיך צוגערעדט, איך זאָל פאָרן קיין אַמעריקע... איך וועל דאָס אים קיינמאָל ניט פאַרגעסן! וואָס וואָלט איך דאָרטן געטון אין אַזאַ העק?..

— און ווי גייט עס אײַך דאָ? — האָב איך אים געפרעגט...

— דאָ איז ווי אַ מאָל... אַמאָל אַרבעט מען און אַמאָל סטרײַקט מען... עס הייסט, אין אונדזער „טרייד" סטרײַקט מען

מער ווי מע אַרבעט... אָבער ווערליק מע זאָגט, וועלן מיר געווינען...

הערנדיק דיראָזיקע אָפּטימיסטישע ווערטער פון דעם שניַידער, וועלכן איך האָב געהאַלטן שוין לאַנג פאַר טויט, האָב איך אַ שמייכל געטון און אים צוגעגעבן מוט:

— יאָ, ר׳ הענעך, איר וועט געווינען...

ר׳ הענעך האָט אַ גלעט געטון זיַין גראָ צוגעשאָרן בערדל, האָט מיך מיט ברייטקיַיט אָנגעקוקט און געזאָגט:

— וואָס דען... מיר זיַינען געשטאָרבן, כאָלילע, צי וואָס? מיר וועלן קעמפן ביז די לעצטע קויכעס. לאָמיר זיך טאַקע צוזעצן, אָט איז אַ פריַיער פלאַץ...

דער אַלטער הענעך האָט זיך צוגעזעצט, אָפּגעאָטעמט און געזאָגט:

— וואָס מיינט איר, איך בין שוין ניט קיַין יינגעלע, איך בין שוין קאָרעוו צו זיבעציק... איך וועל זיך ניט גיין נאַריש מאַכן אַף די עלטערע יאָרן און גלאַט סטריַיקן... מיר וועלן מוזן געווינען!..

— אָבער דערוויַיל, ר׳ הענעך, וואָס טוט איר? — בין איך געוואָרן נײַגעריק.

— דערוויַיל איז טאַקע שלעכט... איך בין באַ מיַין זון... נאָר אַף אים איז נעבעך אויך אַ ראַכמאָנעס, וויַיל ער אַליין סטריַיקט אויך...

איך האָב געוואָלט דעם אַלטן שניַידער פאַנאַנדערפרעגן וועגן זיַין לעבן פאַר דער גאַנצער ציַיט, וואָס איך האָב אים געהאַלטן פאַר טויט, אָבער אַזוי ווי דער טשערמאַן האָט געמאָלדן, אַז דער מיטינג איז שוין געעפנט, איז מיַין „געשטאָרבענער" שניַידער אַף אַן עמעס לעבעדיק געוואָרן. ער האָט אָנגעשטעלט מויל און אויערן צו הערן דעם רעדנער און אין זיַינע אויגן האָט געגלאַנצט אַ פיַיערל פון אייביקער יוגנט.

# צווישן צוויי וועלטן

אָנגעקומען אין דער גרויסער שטאָט, איז העניע באַלד אַריינ־געפאַלן אין אַ קרייז פון רעוואָלוציאָנערן.

— מיין סטיכיע איז צעשטערונג! — האָט זי זיך פאַרענטפערט פאַר די פאָר רויקערע פריינדנס און קרויווים, וואָס האָבן געוואָלט זי זאָל דערווייל זיך לערנען.

האָבן זיי זי באַדויערט. און דער אומזיסטער לערער, וואָס האָט איר געגעבן איניקע לעקציעס, האָט זיך געקלאָגט:

— אַ שאָד! אַזאַ מיידל, אַזאַ קאָפּ! ווען זי שטודירט, וואָלט פון איר אַרויס אַ פּראָפעסאָרשע...

אָבער צו לערנען זיך סיסטעמאַטיש האָט זי ניט געהאַט קיין געדולד. פאַר איר איז גענוג עטלעכע קאַפּיטלעך באָגדאַנאָוו, און זי ווייסט שוין די גאַנצע טעאָריע פון מערווערט און עקספּלואַטאַציע...

דער איקער איז דער קאַמף.

טאָמער דאַרף מען איבערפירן אומלעגאַלע ליטעראַטור פון איין וווינונג, וועלכע האָט זיך „אָנגעריסן", אין דער צווייטער וווינונג, וועלכע איז נאָך קאָשער, איז העניע די ערשטע עס צו טון. זי איז נאָך קיינמאָל ניט דורכגעפאַלן. זי פאַרקעמט אירע בלאָנדע האָר אין אַ באַשיידענע פריזור, מאַכט אַ פרומע, קאָשע־רע מינע, און עס דאַכט זיך, אַז אין דער דראָזשקע, ווו זי זיצט און פירט אין אַ טשעמאָדאַן די „טרייפע" ליטעראַטור, פאָרט אַ פוילישע פריצישע טאָכטער. ווער וועט וואַגן זי אָפּצושטעלן, זי פאַרדעכטיקן?

פאַרקערט, טאָמער פאַלט אריין איינער פון אירע באַקאַנטע, איז זי די איינציקע, וואָס איז באַ דער זשאַנדאַרמעריע לעגאַל

און גייט כלאָפּאָטשען אָדער פאַר זײַן באַפרײַונג, אָדער מע זאָל צולאָזן עסן אים.

דאָס האָט אָבער איר אומרויִקן גײַסט ניט צופרידנגעשטעלט. עס האָט נאָך איר געצויגן נאָך אַוואַנטיורעס, וואָס זײַנען ספּעציִעל פּאַסיק פאַר אַ פרויען־כאַראַקטער. אויב פאַר די כאַוויירים, וואָס זײַנען געווען ערנסט איבערגעגעבן דער זאַך, האָט זי ניט געקאָנט שפּילן איר עכטע פרויען־ראָלע, האָט זי אָדער געהאַט א קרײַז פון אַזעלכע באַקאַנטע, באַ וועלכע ליבע איז דער הויפּט־זין פון לעבן. דאָס איז געווען די גרויסשטאָטישע באָכורים, צווישן וועלכע זי איז אויך געווען איינע פון די נאָענטסטע. דאָס איז איר געזעלשאַפטלעכער רעוואָליוציִאָניזם פאַרביטן געוואָרן אַף אינדיווידועלן... דאָ האָט מען געדאַרפט ברעכן אַלטע געטער, אַלטע אַנשויונגען. העניע האָט אויך פון די טעאָריִען געוווּסט. זי איז אויך אין דעם באָהעמען־קרײַז געווען די אָנפירערן.

דאָ האָט זי שוין געהאַט פאַרערער און אַזעלכע, וואָס האָבן זי ליב געהאַט. אָבער געווינען העניעס ליבע איז געווען שווער, ווי פאַנגען אַ פויגל. וועמען האָט העניע ליב, האָט מען זעלטן געוווּסט. אָט, דאַכט זיך, שענקט זי אַוועק איר גאַנצע אופמערקזאַמקייט צו באָריסן, דעם ניט־אַנערקענטן פּאָעט, בעט אים, אַז ער זאָל זי באַגלייטן אַהיים. מיינען שוין די איבעריקע, אַז זי וועט שוין בלײַבן זײַנע און מע ווערט אים שוין שטילערהייט אַ סוינע; פאַרוואָס דאַפקע אים, וואָס זײַנע לידער זײַנען אַזוינע ניט־געלונגענע?... אַף מאָרגן אָבער דערפאַרן זיי טאַקע פון באָריסן אַליין, אַז אינמיטן וועג איז זי „מעשוגע״ געוואָרן און אים געהייסן, אז ער זאָל זי לאָזן אַליין, ער איז איר ניט אינטערעסאַנט...

האָבן זיך די איבעריקע דערפרייט און יעדער האָט געהאָפט, אַז עפּשער וועט העניע געפינען איר אידעאַל אין אים. און ווירקלעך האָט אין עטלעכע טעג אַרום געשײַנט, אַז איר האַרץ האָט געווונען איזאַקאָוויטש, דער לערער מיט דער קינסטלערקראַוואַט. זי האָט אים געבעטן ער זאָל זיצן גלײַך און זיך לאָזן אַרײַנקוקן אים אין די אויגן אַרײַן. זי האָט אים אַזוי געקוקט אין די אויגן באַ אַ דרײַ מינוט און נאָכדעם האָט זי פּאַטעטיש אויסגעזונגען:

— ווּנדערבאַרע אויגן! אַזעלכע פּאַרטראַכטע. איך האָב אַזוי ליב אַזעלכע אויגן! איזאַקאָוויטש, זאָג מיר, וועגן וואָס טרוימסטו?

דער ערנסטער טאָן און דער איבערגאַנג אַף „דו״ האָט איזאַקאָוויטשן דערהויבן. ער האָט זיך אופגעשטעלט פון זײַן פּלאַץ, פּאַריכט זײַן קינסטלער־קראַוואַט און אויסגעטראַכט אַן ענטפער:

— איך טרוים וועגן דער צײַט, ווען אַלע מענטשן... — נאָר איידער ער האָט צײַט געהאַט צו פּאַרענדיקן זײַן טרוים, האָט העניע, אינגאַנצן אַן איבערגעביטענע, אים איבערגעשלאָגן:

— אַך, שווײַגט! איר זײַנט אַ נאַר!

און ווענדנדיק איר גענאַד־בליק צו דעם יונגן סטודענט זאלקינדן, האָט זי זיך אָנגערופן:

— זאַלקינד, וואָס שווײַגט איר? האָט איר מיר גאָרניט צו זאָגן אַ גוט וואָרט? איך בענק אַזוי נאָך אַ וואַרעם וואָרט. אַך, ליבער זאלקינד...

האָט שוין זאַלקינד געמיינט, אַז זי איז אינגאַנצן זײַנע... איז ער צוגעגאַנגען צו איר, אַ גלעט געטון אירע גאָלדענע האָר און געענטפערט:

— איך האָב פּאַר אײַך אַסאַך גוטע ווערטער... — איך ווייס אָבער ניט, צי זיי וועלן אײַך אינטערעסירן.

— איבעריקס... איר זײַנט איבעריקס גערעכט...—האָט זי פּלוצים כאַראָטע געקראָגן. — וואָס דאַרף איך אײַערע גוטע ווערטער?... מײַן האַרץ בענקט נאָך שענקײַט, נאָך פּאָעזיִע! באָריס, דעקלאַמירט מיר עפּעס אײַערס אַ ליד פון די מאָדערנע, פון די נײַע... איך וועל זיי פּאַרשטיין.

באָריס, אַנטציקט פון איר אָפּשאַצונג, האָט זיך צוגערוקט צו איר און אָנגעהויבן:

וויַ די ווײַסע וועלן
ציִען זיך צום ברעג אין שוימען,
אַזוי ציִען, אַזוי גליִען
צו דיר, ליבסטע, מײַנע טרוימען!

האָבן שוין די איבעריקע, וואָס זײַנען דערבײַ געווען, באַמערקט, אַז באָריס האָט זי שוין געוווּנען. אָבער העניע האָט

באַם דריטן פערז אופגעעפנט די אויגן, אָנגעקוקט איראָניש באָריסן און זיך צוגעזעצט.

— ניין, דערמיט נעמט מען מיך ניט... ניין, דער פּאָעט, וואָס זאָל מיך נעמען מיט זײַנס אַ ליד, ברויך צו זײַן אַ בײַראָן... אך, אַ שאָד, הײַנט זײַנען ניטאָ קיין בײַראָנס... אַלץ איז אַזוי וואָכעדיק...

אָנקוקנדיק זי, האָט מען געדענקט, אַז זי בענקט ווירקלעך נאָך אַ בײַראָנען, אָבער באַלד האָט מען באַמערקט, אַז זי מיינט עס ניט. זי פאַרערט נאָר די פּיזישע קראַפט. זי האָט זיך געווענדעט צום גווירישן יונג, וואָס האָט זיך אין קרײַז געפונען, און געבעטן:

— לייקין! פונוואַנען האָט איר אַזוינע געזונטע שולטערן? איר זעט אויס ווי אַ ריז. אַך, ווי איך פאַרהערלעך קראַפט! אַנו, — האָט זי אופגעשטראַלט. — פּרווּט, הייבט מיך אוף אין דער הייך.

לייקין, ווירקלעך אַ קרעפטיקער באָכער, האָט זיך עטוואָס געקווענקלט, מוירע האָבנדיק פאַר אַן אַנטזאַגונג. פאַרשעמט איז ער צו איר צוגעגאַנגען און לײַכט זי אופגעהויבן אַביסל אין דער הייך.

— העכער! העכער! — האָט זי זיך געבעטן.

לייקין האָט זי אַרײַנגענומען אין זײַנע אָרעמס און זי אַרופּגעזעצט אַף זײַן לינקן קאַרק.

— אַך, ווי גוט! — האָט זי פון דער הייך אַראָפּגעזונגען. — אָט אַזוי האָב איך ליב! אַ מאַן דאַרף קאָנען טראָגן אַ פרוי אינדערלופטן.

— איך וואָלט אײַך שטענדיק געטראָגן... — האָט לייקין, וואָס האָט שטילערהייט ליב געהאַט דאָסדאָזיקע ווילדע מיידל, אַ גליקלעכער פאַרזיכערט.

— שטענדיק! — האָט זי זיך כיינעווודיק פאַרקרימט, — דאָס איז ניט אינטערעסאַנט. לאָזט מיך אַראָפּ, איך בעט אײַך! — האָט זי שטרענג באַפוילן...

און אַראָפּגייענדיק האָט זי שטילערהייט, ווי פאַר זיך, גערעדט:

— אַך, מײַן אידעאַל איז אַ צאַרטער מאַן, עטוואָס קרענקלעך, איך זאָל אים קאָנען צערטלען, גלעטן און זײַן אים ווי אַ מוטער! אָט וואָס איך וואָלט וועלן!..

און אַזוי ווי אַזאַ האָט זי צווישן די אָנוועזנדע ניט געפֿונען, איז העניע ענדלעך אַוועק אַן אַנטוישטע און ניט געוואָלט קיינער זאָל זי באַגלייטן...

זי איז אַוועק צו די רעוואָלוציאָנערן. דאָרט ווערט זי אַן אַנדערע. ליבערײַ איז איר שוין נימעס געוואָרן. זי וואָלט וועלן צעשטערן די גאַנצע אָרדענונג. עס איז איר ניט ליב דאָס לעבן.

# נײַע לערער

(היימישע הומאָרעסקע)

דאָס איז שוין פֿאָרגעקומען נאָך דער רעוואָליוציִע און נאָך דער קאָנסטיטוציִע און נאָך דער צעטרײַבונג פֿון דער ערשטער דומע, און דאָס לעבן אין לאַנד האָט קלוימערשט אָנגעהויבן צו גיין זײַן נאָרמאַלן גאַנג.

אויך דאָס שטעטל קלעמענקע, וואָס האָט גענומען אַ טיכטיקן אָנטייל אין דער רעוואָליוציִע און האָט געפּײַערט די קאָנסטיטוציִע מיט אַלע זיבן זאַכן, ווי אין די גרויסע שטעט, איז מיט דער צײַט געוואָרן רויִק, ווי אַ טײַך נאָך אַ גרויסן שטורעם. די עכטע פֿאָר רעוואָליוציאָנערן זײַנען אַנטלאָפֿן קײַן אַמעריקע; די שטי־לערע קעמפּער זײַנען אָפּגעקומען מיט עטלעכע כאדאָשים „אונטער אויפֿזיכט פֿון דער פּאָליציי" און זײַנען באַלד געוואָרן אינגאַנצן קאָשער לעכאָל האַדייעס. אַ מאַנכער פֿון זיי האָט אַפֿילע באַלד כאַסענע געהאַט אַפֿן אַלטן שטייגער, גענומען נאַדן און געגעסן קעסט און ענדלעך געמאַכט אַ קראָם אין שטעטל גופֿע.

די ייִנגערע אָבער, איבערהויפּט די מיידלעך, האָבן ניט געקאָנט אײַנשטילן זיך אינגאַנצן. און אויב דער קאַמף איז שוין ניט געווען ניט קיין פּאָליטישער און ניט קיין עקאָנאָמישער, איז ער איבערגעטראָגן געוואָרן אַפֿן פֿעלד פֿון דער שפּראַך־פֿראַגע, אונטער דער אָנפֿירונג פֿון צוויי יונגעלײַט, לערער, אָנגעקומענע פֿון אַנדערע שטעט.

איינער, אַ געוועזענער „פּאָליטישער", איז געווען פֿאַר ייִדיש, דער צווייטער — אַ שטענדיק פּאָליטיש־קאָשערער — פֿאַר העב־רעיִש...

זאַלצמאַן, דער לערער פון ייִדיש, האָט נאָך אָפּגעהיט די טראַדיציִעס פון דער רעוואָליוציִע. די יונגע מיידלעך, וואָס האָבן זיך גרופּירט אַרום אים און געלערנט אין זײַן שול, זײַנען געווען דאָס־ראָוו אַליין אַרבעטערנס — נייטערנס, שנײַדערנס אָדער טעכטער פון באַלמעלאָכעס. אין דער ייִדישער שול, וווּ זאַלצמאַן איז געווען לערער, האָט מען נאָך געזונגען די „שווּע" און דאָס ליד פון „בונד", וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער רירנדער שורע:

„אין דעם געזאָלצענעם יאַם פון מענטשלעכע טרערן..."

דער לערער פון העברעיִש, וואָס האָט זיך ניט גערופן מיט זײַן עמעסן ייִדישן נאָמען, כאַיִמסאָן, נאָר מיט זײַן לאָשנקוידעשדיקן פּסעוודאָנים — „בען־כאַיִם", האָט געעפנט אַ שול פאַר מיידלעך צו לערנען העברעיִש, און די שול האָט געהייסן „בנויס ציִען"... אין דער העברעיִשער שול איז געווען די אָפיציִעלע הימנע די „האַטיקוואָ" און די ניט־אָפיציִעלע — דער „שיר":
„אל טל ואל מטר דמעי ירטיבו"...

אַרום דעם העברעיִשן לערער האָבן זיך גרופּירט די באַלעבאַטישע יונגע מיידלעך, וואָס האָבן מיט דער דערלויבעניש פון זייערע עלטערן, קרעמער און סאָכרים, זיך געלערנט אין זײַן שול „בנויס ציִען" און האָבן גערעדט צווישן זיך העברעיִש לויט דער ספאַרדישער „האוואָרע"...

וואָס אנבאַטרעפט די ייִנגלעך, האָבן זיי געלערנט, ווי פאַר דער רעוואָליוציִע, בײַ מעלאַמדים אין כאַדאָרים. עמעס, אַביסל רעפאָרמירט און מיט אַ דערלויבעניש פון דער נײַער נאַטשאַל־סטווע...

אַזוי זײַנען די צוויי שולן, די ייִדישע און העברעיִשע, געווען נאָר מיידלשע, און דאָס אַליין איז שוין געווען רעוואָליוציִאָנעריש...

ווי פאַרטייִיש דער „ייִדישער" צאַד איז ניט געווען, האָט ער געמוזט צוגעבן, אַז דער העברעיִשער לערער בען־כאַיִם איז אַ שיינער יונגער באָכער, און עס איז ניט געווען קײַן סאָד, אַז די

פילע שילערנס, וואָס זײַנען שול פֿאַרמאָגט, איז צו פֿאַרדאַנקען זײַן „סימפּאַטישקײַט"....

דערפֿאַר איז אויך דער העברעיִשער צאַד ניט געווען אַזוי פֿאַרטײיִש און האָט צוגעגעבן, אַז דער לערער פֿון דער ייִדישער שול, זאַלצמאַן, איז אויך ניט קיין מיִעסער יונגערמאַן, און אַז די גרויסע צאָל שילערנס, וואָס ער פֿאַרמאָגט, איז צו פֿאַרדאַנקען זײַן כײינעוודיקײַט...

וואָס אנבאטרעפֿט אין קענטשאַפֿט, האָבן ביידע צדאָדים צו־געגעבן, אַז ביידע לערער זײַנען געבילדעטע: סײַ זאַלצמאַן, וואָס לערנט זײַנע שילער ייִדיש, ייִדישע ליטעראַטור און ייִדישע גע־שיכטע — איז אַ „מאַן" אַ געלערנטער און קאָן אַפֿילע לאָשנקוי־דעש... און סײַ בען־כאַיִם, וואָל לערנט די העברעיִשע שפּראַך און די העברעיִשע ליטעראַטור און רעליגיִע אויך אַביסל, איז דאַפּקע אַ פֿרײַדענקער, און ווי צו זײַן העפֿלעך מיט אַ פֿרײַלן, אַ דער־וואָקסענע שילערן, ווייסט ער פּונקט אַזוי ווי זאַלצמאַן, דער ייִדישיסט...

עמעס, רײַכער איז געווען דער לערער פֿון דער העברעיִשער שול, בען־כאַיִם. אויסער וואָס דער סכאַר־לימעד פֿאַר העברעיִש איז געווען גרעסער, איז דאָס צאָלן אויך געווען פּינקטלעכער... זאַלצמאַן אָבער, אַלס סאָציאַליסט, האָט פֿון צו פֿיל פֿאַרדינען ניט געהאַלטן. ער האָט זיך דאַפּקע געגרויסט מיט זײַנע אָרעמע שילערנס און האָט ניט איינמאָל, אין אַ געשפּרעך מיט זײַנע שילערנס, געכויזעקט פֿון בען־כאַיִמען, וואָס צו אים אין שול גייען אַלע בורזשואַזע טעכטער...

בען־כאַיִם ווידער האָט אין אַ געשפּרעך מיט זײַנע שילערנס געכויזעקט פֿון זאַלצמאַנען: אַ שול מיט לויטער „פּראָלעטאַ־ריאַט"...

פּונדעסטוועגן, אַז בען־כאַיִם פֿלעגט זיך אַמאָל באַגעגענען מיט העניע דער נייטערן, וואָס איז געווען די שענסטע מיידל אין זאַלצמאַנס ייִדישער שול, פֿלעגט ער זי העפֿלעך באַגריסן און אָפּשטעלן זי:

— נו, פֿרײַלן, ווי גייט עס עפּעס מיט אײַערע זשאַרגאָנישע לימודים?

האָט שוין אָבער העניע געוווסט, אַז זשאַרגאָן איז אַ באַ־לײדנדיקער וואָרט, און זי האָט מיט שטאָלץ אָפּגעענטפערט:

— פֿאַר אײַך איז דאָס זשאַרגאָן, פֿאַר מיר איז דאָס ייִדיש, די שפּראַך פֿון מײַן פֿאָלק...

האָט בען־כאַיִם, אַרײַנקוקנדיק אין אירע בלויע אויגן, שוין געמוזט נאָכגעבן:

— יאָ, איך לייקן ניט... זשאַרגאָן, איך מיין, אַנטשולדיקט, ייִדיש, איז די שפּראַך פֿון פֿאָלק. אָבער העברעיִש איז די שפּראַך פֿון אונדזער גלענצנדער פֿאַרגאַנגענהײט און נאָך מער גלענצנ־דער צוקונפֿט אַף די בערג פֿון יעהודע... די שפּראַך פֿון ישעיאַ און די שפּראַך פֿון ביאַליק...

דערמיט האָט ער שוין העניען צעטומלט, אָבער באַלד האָט זי זיך דערמאָנט, איר ייִכעס.

— און באַ מיר איז ייִדיש די שפּראַך פֿון מײַן טאַטן און מאַמען, די שפּראַך פֿון די מאַסן און די שפּראַך פֿון מאָריס ראָ־זענפעלד...

און אַזוי ווי העניעס קאָל איז זייער אַ זינגענדיקער און אַ קלינגענדיקער, ווערט בען־כאַיִם אינגאַנצן באַהערשט ניט אַזוי פֿון אירע ווערטער, נאָר פֿון איר קיין, און ער לאָזט זיך בייגן:

— געוויס... די זשאַרגאָנישע, אַנטשולדיקט, איך מיין, די ייִדישע ליטעראַטור איז אַוואַדע די לעצטע צײַט רײַך געוואָרן אין טאַ־לאַנטן...

טוט עס שוין האַנאָע העניען, וואָס בען־כאַיִם איז אַזוי העפֿ־לעך, און אָנקוקנדיק אים, ווי ער שטייט אַזוי מיט זײַן שלאַנקער פֿיגור און מיטן ליבן שמייכל, גיט זי נאָך אַביסל צו פֿון איר זײַט:

— איך ווייס, אַז העברעיִש איז אַ שיינע שפּראַך.... ווען איך האָב נאָר מער צײַט...

און אין עטלעכע טעג אַרום קלינגט די ייִדישע שול מיט דער נײַס, אַז העניע די נייטאָרן איז אַוועק צו די בנויס־ציִען, צו בען־כאַיִמען אין שול. און מע שושקעט זיך, אַז עס איז ניט אַזוי צוליב העברעיִש, ווי צוליב בען־כאַיִמען אַליין. זי האָט זיך פֿאַרליבט...

דערפֿאַר אָבער פּאַסירט, אַז זאַלצמאַן, דער רעוואָלוציאָנער פֿון דער ייִדישער שול, טרעפֿט זיך אַמאָל אין אַ פֿאַרנאַכט אויג־

אַף־אויג מיט גיטלען, וואָס איר פּאָטער, באָרוך טעמקעס, איז איינער פון די רייַכסטע קרעמער אין שטעטל. און זי גייט שוין צוויי יאָר צו בען־כאַימען אין שול „בנויס־ציִען״.

זאַלצמאַן, כאָטש אַ סאָציאַליסט, אין וועמענס שול מע זינגט די „שוווּע״ און „אין דעם געזאַלצענעם יאַם״, פילט זיך אָבער מאַכטלאָז ניט אָפּצושטעלן די שיינע, געיידלטע גיטל... ער שטעלט זי אָפּ קלוימערשט מיט אַ וויץ:

— שאָלאָם, אַלמאַ...

— וואָס־זשע לאַכט איר אַזוי? — שטעלט זיך גיטל אָפּ מיט אַ ביינעוודיקן ברויגעזדיקן אויסדרוק.

— פאַרקערט, איך לאַך ניט... איך האָב געהערט זאָגן, אַז איר רעכנט שוין העברעיִש אייַער צווייטע מוטער־שפּראַך...

— האַלעוויַי וואָלט דאָס עמעס געווען... ליידער, נאָך ניט, — ביינדלט זיך גיטל.

— ליידער... — שמייכלט זאַלצמאַן דיפּלאָמאַטיש. — פאַרוואָס עפּעס ליידער?... גלויבט מיר, מיט אייַער שטימע קלינגט אויך יִידיש ווי די שענסטע שפּראַך, ווי איטאַליעניש...

געפעלט זייער גיטלען אָט דער קאָמפּלימענט. אַז זי איז שיין, ווייסט זי אַליין, אָבער אַז איר שטים קלינגט אַזוי שיין, הערט זי דאָס ערשטע מאָל, און זי ענטפערט באַשיידן:

— יִידיש קאָן איך טאַקע אַזוי ווייניק...

— איז דאָס טאַקע אַ שאָד, טייַערע, אַ שאָד... — און ער נעמט זי אָן פאַר דער האַנט...

מיט דעם טיטול „טייַערע״ קויפט ער זי אינגאַנצן אָפּ. און זי ענטפערט נאָך האַכנאָעדיקער:

— ווען איך האָב אַ געלעגנהייַט זיך לערנען אַביסל יִידיש... איך מיין די ליטעראַטור...

— זיכער... די יִידישע ליטעראַטור האָט זיך צעבליט, — הייבט אָן זאַלצמאַן זייַן אַגיטאַציִע... און לאָזט ניט אָפּ איר האַנט, — ווען איר באַזוכט אונדזער שול, היימיש, דעמאָקראַטיש... אַלץ אַפּן נאַטירלעכן וועג... קומט, גיטל, זיך פאַרשרייַבן... איר וועט זייַן מייַן שענסטע שילערן...

— אָ, איך דאַנק אייַך פאַר אייַער פרייַנטלעכקייַט...

און אין אַ פּאָר טעג אַרום איז אין דער שול „בנוֹת־ציוֹן״ אַ געררודער: גיטל, די טאָכטער פון רייַכן באָרוך טעמקעס, איז אַוועק צו זאַלצמאַנען אין דער פּראָלעטאַרישער שול, און מע זאָגט, אַז עס איז ניט אַזוי צוליב יִידיש און סאָציאַליזם, נאָר צוליב זאַלצמאַנען — אַ ליבע...

אָבער בען־כאַיִם טרייסט זיך מיט זייַן זיג — ער האָט פון דער פּראָלעטאַרקע, העניע דער נייטאָרן, געמאַכט אַ העברעיערן. זי זינגט די „האַטיקוואָ״ העכער פון אַלע. איצט איז זי זייַן שולאַמיס. זי־כער וועלן זיי כאַסענע האָבן.

אָבער זאַלצמאַנס זיג איז נאָך גרעסער. די רייַכע גיטל זינגט די „שוווע״ העכער פון אַלע פּראָלעטאַרישע שילערנס און זי האָט שוין אָנגעשריבן אַ קאָמפּאָזיציִע וועגן מאָריס ראָזענפעלדן — איז כאָטש נעם און שיק עס אַוועק אין דער בונדישער צייַטונג...

זי איז שוין זייַנע ניט נאָר אַ שילערן, נאָר אַ כאַווערטע, און עפשער נאָך פיל מער...

# כאַוויירים

פון טורמע, ווו ער איז אָפּגעזעסן זײַן מאָנאַטן, איז בער אַרויס אַזייגער זיבן פאַרנאַכט. דאָס קליין פּעקעלע, אין וועלכן עס איז געלעגן אַ פּאָר שוואַרצע צעריסענע העמדער, האָט ער אונטערן פאַרקן אַוועקגעוואָרפן.

— אַז פרײַ זײַן — איז פרײַ! האָט ער זיך געוויצלט אין געדאַנק. ער האָט זיך געלאָזט גיין אין דער צווייטער גאַס, וואָס איז געווען באַלעבט מיט פיל שפּאַצירנדע, איבערהויפּט מיט יונגוואַרג; עס האָט געקלונגען פריילעכער געלעכטער פון יונגע מיידלעך, וואָס האָבן פעסט געהאַלטן אין די אָרעמס זייערע הערן און פלעגן זיי אין די אויגן אַלע ווײַלע אַרײַנקוקן מיט גרויס ליבע און גאַנצער איבערגעגעבנקייט. ער האָט צווישן די אַלע געזוכט זײַנע באַקאַנטע, נאָר ער האָט קיינעם ניט געפונען. ער האָט אַזוי געבענקט נאָך אַ באַקאַנט פּאָנעם, נאָך אַ פרײַנטס אַ קאָל! נאָר צווישן די אַלע שפּאַצירנדע איז קיינער פון זײַנע פרײַנט ניט געווען. האָט ער זיי ערגעץ אַנדערש יאָ געהאַט? ער האָט אַליין ניט געוווּסט. אַף דער „בירזשע" וואָלט ער זיכער עמעצן געפונען, נאָר גלײַך פון דער טורמע אַף דער בירזשע איז אביסל צו געפערלעך.

— וווהין־זשע גיי איך? — האָט ער זיך אַליין אָפּגעשטעלט מיט אַ פראַגע.

ער האָט זיך דערמאָנט אין זײַן אַמאָליקן כאַוועד ביינושן, וועלכער האָט שוין מיט אַ יאָר צוריק כאַסענע געהאט מיט דער כאַוועריטע ביילקען און וווינען ערגעץ אין אַ שטיל פאַרוואָרפן געסל. די כאַוויירים זײַנען אַפּילע אַף ביינושן בייז געווען, וואָס

ער האָט קימאַט אינגאַנצן פאַרוואָרפן די באַוועגונג, אָבער אַרײַנ־גיין צו אים קאָן מען דאָך.

ער איז אַוועק צו זיי און האָט גייענדיק באַשלאָסן, אַז ער וועט דאָרטן שוין נעכטיקן.

אַז ער איז אַהין אַרײַן, איז שוין געווען אַכט אַזייגער אינאָוונט. דאָס קליינע צימער, ווו ביינוש האָט געווױנט, האָט אויסגעזען, ווי אַן עכטע טויבן־נעסט. נאָר די צוויי בעטן, וואָס זײַנען געשטאַנען איינע נעבן די אַנדערע און זייער גלאַט און פאָרזיכטיק פאַרבעט, האָבן געשריִען הויך, אַז דאָ וווינען ניט קײַן טויבן, נאָר מענטשן...

ביינוש האָט אים אָנפאַנגס ניט דערקענט; בערל האָט גע־לאַכט און זיך אַלץ ניט געלאָזט דערקענען, נאָר אַז ער האָט דערזען, אַז ביינוש ווערט אַלץ ערנסטער און ערנסטער, האָט ער אַרויסגעשאָסן:

— איר דערקענט ניט בערלען?...

— אַך! — האָט ביינוש אויסגערופן. און ס'איז געווען שווער צו דערקענען, צי איז ער צופרידן, צי דערשראָקן. ער האָט בערלען אָנגעקוקט אַ קליינע ווײַלע און שוין רויִקער צוגעגעבן:

— אָבער זעט איר אויס ווי אַ מעס... זײַט איר לאַנג געזעסן?

— נײַן כאַדאָשים... — האָט בערל געענטפערט מיט שטאָלץ...

— פאַר וועלכע מײַסים־טויווים? — האָט ביינוש געפרעגט מיט אַ שמייכל.

— ע, ברודער, — האָט זיך בערל צעהיצט און האָט זיך שוין אַוועקגעזעצט, — געזעסן בין איך פאַר אַ פײַנער מײַסע: סאַכאַקל האָט מען מיך כוישעד געווען, אַז איך האָב גענומען אָנטייל אין האַרגענען אַ גאָראָדאָוואָי... איך בין געווען ניט ווײַט פון פעטליע...

ביינוש האָט אַ ציטער געטון און קאַם אויסגערעדט:

— וואָס רעדט איר? איר זײַט דאָך, ווי איך געדענק, צווישן טעראָריסטן קיינמאָל ניט געווען!

— מע דאַרף דאַפקע זײַן? — האָט בערל געשמייכלט, און זײַנע ליפּן אין די ווינקלען האָבן זיך מאָדנע פאַרקרימט — ס'איז גענוג, אַז איך בין בעשאַס־מײַסע געווען אין גאַס...

ביינוש האָט אַף אים געקוקט ווי מיט כּשאַד. ס׳איז געווען קענטיק, אַז ער האָט עפּעס געוואָלט זאָגן, פרעגן און ניט גע־ווּסט ווי אַזוי אָנצוהייבן. די שטילקייט האָט געדויערט אַ פּאָר מינוט, און בערל האָט בעשאַס־מייַסע געטראַכט:

— ער איז געוואָרן קליין... קליין... אָבער נעכטיקן וועל איך פאָרט דאָ...

— ווּ איז דאָס אײַער ביילקע?—האָט ער אים ענדלעך גע־פרעגט און ניט געוווּסט אַליין פאַרוואָס ער שמייכלט.

— ביילקע... ביילקע קומט באַלד.

און ווירקלעך איז באַלד אַרייַן ביילקע — אַ הויך, שלאַנק ווייַבל מיט טיפע שוואַרצע אויגן און מיט אַ קאָפּ געדיכטע האָר. זי האָט אויסגעשטעלט אירע אויגן אַף בערלען און ווי פאַרוווּנ־דערט האָט זי אויסגערופן:

— בערל!

— בערל! בערל!—האָט בערל באַשטעטיקט און האָט אופ־שטעלנדיק זיך דערלאַנגט איר די האַנט, און וועלנדיק אַרויסווייַזן זייַן נאָענטקייַט צו איר, האָט ער איר האַנט שטאַרק אַ דריק געטון.

ביילקע האָט זיך מאָדנע, צי פון ווייטיק, צי פון אומצו־פרידנקייַט, פאַרקרימט. בערל האָט עס באַמערקט און האָט גלייַך כאַראָטע געהאַט.

— איר זייַט, דוכט זיך, געזעסן?—האָט זי קאַלט געפרעגט.

— איך בין געזעסן און געלעגן און געשלאָפן, — האָט בערל געפרווּווט צו באַשאַפן אַ לייַכטע שטימונג באַם פּאָרפּאָלק. ס׳איז אים אָבער ניט געראָטן. דאָס פּאָרפּאָלק, וואָס זייַנען אַמאָל געווען די ערשטע אין דער באַוועגונג, האָבן אויסגעזעען זייער טרוקן און האָבן אַלע ווייַלע איינע די אַנדערע אָנגעקוקט. אַזוי קוקן אָן צוויי גליקלעכע רויִקע מענטשן, ווען צווישן זיי מישט זיך אַרייַן אַ דריטער, אַן אומגליקלעכער.

— נו, ביינוש, ווּעסט שוין עסן?—האָט ביילקע געפרעגט.

— עסן?—האָט ביינוש איבערגעפרעגט, ווי עס וואָלט געגאַנ־גען אין א זייער וויכטיקער זאַך,— איך וויל נאָך אַפילע ניט אַזוי שטאַרק, נאָר ס׳איז שוין צייַט!

— און איר, בערל ?– האָט ביילקע העפלעך, אָבער קאַלט זיך געווענדעט צו בערלען, — איר ווילט עפשער אויך עסן ?

— עסן ? — האָט אויך בערל איבערגעפרעגט, אָבער האַלב פאַרשעמט און איבערזעצנדיק זיך אַף אַ צווייטן שטול. — איך מיין, וואָס קען דאָ זײַן... אַז איר וועט עסן, וועל איך אויך עפּעס אַ ביס טון... שטאַרק הונגעריק בין איך אויך ניט...

ביילקע האָט זיך גלײַך גענומען מאַכן דאָס אָוונט־ברויט און אָנגעצונדן די מאַשינקע.

אין צימער איז געווען שטיל, נאָר די מאַשינקע האָט שטאַרק, ווי אַ גרויסע בין, געזשווזשעט און געברוישט. בערל האָט געוואָלט דערציילן זײַנע געוועזענע כאַווײרים עטלעכע אינטערעסאַנטע פּאָרפאַלן אין דער טורמע; לעמאָשל, וועגן הונגער־שטרײַק, וואָס האָט געדויערט גאַנצע זיבן טאָג און מע האָט אויסגעפירט אַלע גוטע זאַכן: שפּאַצירן גאַנצע צוואַנציק מינוט און שטיין באַם פענצטער און איידעלע באַנעמונג; ווי אַזוי מע האָט דעם פּראָקוראָר אויסגעפײַפט, אַז ער איז צו די פּאָליטישע געקומען, און איבערהויפּט האָט זיך אים געוואָלט דערציילן זײַנע כאַוויירים, וואָס פאַר אַ דריקנדיקע שטימונג עס האָט געהערשט, בעשאַס מע האָט איוואַנאָוון, פאַרן אָנפאַל אַפן פּאָליצמייסטער, פינף אַזייגער פאַרטאָג אַרויסגעפירט הענגען; ווי אַזוי אַלע פּאָליטישע ביז איינעם האָבן געקלאַפּט אין די ־טירן, געשלאָגן די פענצטער, און צוויי מיידלעך האָבן געכאַלעשט... נאָר קוקנדיק אַף זײַנע כאַוויירים, דאָ אַף ביינושן, דאָ אַף ביילקען, האָט זיך אים געדאַכט, אַז זיי וועלן גלײַך אָנהייבן צו גענעצן באַ דער ערשטער מײַסע...

— זיי זײַנען קליין געוואָרן... קליין... — האָט ער ווידער גע־נומען כאַזערן אין געדאַנק, ווי ער וואָלט מוירע האָבן ניט צו פאַרגעסן אַזאַ וויכטיקע דערשײַנונג. — אָבער נעכטיקן, האָט ער ווידער געכאַזערט אין געדאַנק, וועל איך דאָ...

דער אָוונט־ברויט איז באַשטאַנען פון ברויט מיט פּוטער און פון צוויי סאָרטן קעז, און פון קאַווע גוט פאַרווײַסט מ׳ט מילך. עסנדיק, האָט בערל באַמערקט, ווי ביילקע שמירט אַלץ נײַע שטיקלעך ברויט מיט פּוטער, לייגט אַרוף די צוויי מינים קעז אַף

זיי און ווענדעט זיך אַלץ צו ביינושן, אַרייַנקוקנדיק אים ליב אין די אויגן:

— עס, ביינוש... עס...

— זיי זייַנען קליין געוואָרן... קליין... — האָט בערל ווידער גענומען כאַזערן אין געדאַנק.

נאָכן עסן האָט בערל, וואַרפנדיק זייַנע בליקן אַף דער קלייַנער סאָפּע, וואָס איז געשטאַנען האַרבּ בּאַ דער וואַנט, שוין געוואָלט אַרויסזאָגן זייַן פאַרלאַנג, אַז ער וועט דאָ הייַנט נעכטיקן... נאָר גראַדע האָט זיך ביינוש מיט אַ שמייכל, פאַרויכערנדיק אַ פּאַפּיראָס (און פאַרגעסנדיק דערמיט מעכאַבעד זייַן בערלען), אַ זאָג געטון צו ביילקען:

— ווייסט, ביילקע, אין וואָס מע האָט דעמדאָזיקן שעפּס כוישעד געווען? אַנו, טרעף!

— וואָס הייסט כוישעד געווען? — האָט ביילקע זיך פאַרוווּנדערט — ווייניק האָט ער דען געאַרבעט, ווי איך געדענק, אין דער באַוועגונג?

— דאָס איז אַ באַזונדער זאַך, — האָט ביינוש, אַרופלייגנדיק זייַן האַנט אַף ביילקעס האַלב אַנטבלויזטער פּלייצע, געענטפערט — אַן אַרבעטער איז ער געווען איינער... דאָס געדענק איך נאָך... אָבער הייַנט איז ער געזעסן גאָר אומזיסט — מע האָט אים כוישעד געווען, אַז ער האָט געהאַרגעט אַ גאָראָדאָוואָי...

— וואָס רעדסטו? — איז ביילקע פאַרציטערט געוואָרן...

— נו, וואָס האָט איר זיך אַזוי דערשראָקן... — האָט בערל זי באַרויִקט, — איר זעט דאָך, אַז איך בין פרייַ...

— יאָ, פרייַ! ווער ווייסט, צי זייַט איר ניט אַנטלאָפן! — האָט ביילקע געזאָגט, קוקנדיק אַף אים מיט כשאַד.

— נו, אַזאַ העלד בין איך נאָך ניט... ס'הייסט, אייגנטלעך, האָב איך געקלערט מיט אַ כוידעש צוריק צו אַנטלויפן... נאָר...

ער האָט אַ קוק געטון אַף ביינושן, אַף ביילקען און אַף דער סאָפּקע און האָט זיך אָפּגעהאַקט. צו וואָס זאָל ער זיי דערציילן מייַסעס?...

אין צימער איז ווידער שטיל געוואָרן. ביילקע האָט אַ קוק געטון אַף ביינושן און אַף בערלען, און אַ מייוון אַף שטום־לאָשן וואָלט גלייַך פאַרשטאַנען, אַז דאָס האָט זי געפרעגט:

— ווען וועט ער שוין אַוועקגיין ?

ביינוש האָט דעם קוק, קענטיק, פאַרשטאַנען. ער האָט זיך אופגעהויבן און, ווענדנדיק זיך צו בערלען, האָט ער געזאָגט:

— נו, און וואָס איז מיקויעך א דירע — האָט איר שוין ?... איר דאַרפט זיך דאָך ערגעץ זען איינמעלדן. היינט איז דאָך סאַקאָנעס נעפּאָשעס!

— דריי כאַדאָשים טורמע! — האָט ביילקע אַ דערשראָקענע צוגעהאָלפן.

— קיין דירע האָב איך ניט... איך מיין, אַ נאַכט איבערנעכטיקן איז קיין סאַקאָנע ניט... — האָט בערל באַרויִקט.

— נו, האָט איר שוין וווּ? — האָט ביילקע געפרעגט. — מע וועט דאָך באַלד פאַרמאַכן די טויערן.

— איך האָב געמיינט... איך האָב געוואָלט דאָ באַ אייַך איבערנעכטיקן...

— וואָס רעדט איר? באַ אונדז? ווו...? ס׳איז דאָך ניטאָ ווו... מיר האָבן דאָך נאָר איין צימער. איר זעט דאָך... — האָט ביילקע זיך ווי ראַכמים געבעטן...

— איר זעט דאָך, אַז איין צימער... ווי אַזוי? — האָט זיך אויך ביינוש גענומען בעטן.

בערל האָט זיך דערמאָנט, אַז מיט עטלעכע יאָר צוריק זיינען ער, ביינוש און ביילקע און נאָך צוויי כאַוויירים געשלאָפן אַלע אין אַ קליינעם צימער, און עס איז אויסגעקומען אַזוי שיין, אַזוי פריילעך און אַזוי דערהויבן. ער האָט דאָס זיי געוואָלט דערמאָנען, נאָר אַ קוק טוענדיק אַף די צוויי בעטן פון דעמדאָזיקן פאָרפאָלק, ווי אַזוי זיי זיינען ריין און אָרנטלעך פאַרבעט, האָט ער גלייַך דערפילט דעם שמוץ און העסלעכקייט, וואָס קומט פאָר איצט באַ דידאָזיקע צוויי געוועזענע כאַוויירים אין דעמדאָזיקן צימער, און ער האָט זיך אופגעהויבן פון אָרט אַף אַוועקצוגיין.

דערזעענדיק, אַז ער הייבט זיך אוף אַף אַוועקצוגיין, זיינען זייערע ביידע פּענימער געוואָרן גלייַך פאַרענדערט. אַ זיסע צופרידנקייט און גוטסקייט האָט זיך אַף זיי אויסגעגאָסן. ביילקע האָט געהאָלפן זוכן זיין הוט, וואָס האָט זיך פאַרוואָרפן הינטערן

קאָמאָד, און אַז בערל האָט איר נישט געוואָלט לאָזן, האָט זי זייער פריינטלעך געזאָגט:

— אַך, איך בעט אייַך זייער... אַדראַבאַ... אָט איז זי...—און ביינוש האָט אַרויסגעכאַפּט דעם פּאַפּיראָס, און געבנדיק בער־לען אַ פּאַפּיראָס, האָט ער געזאָגט:

— איר רויכערט, דאַכט זיך... איר ווייסט דאָך, אַז מיטן גרעסטן פאַרגעניגן... נאָר ס׳איז ניטאָ ווו... איר זעט דאָך...

— ס׳וואָלט נאָר געווען ווו... מיטן גרעסטן פאַרגעניגן,— האָט אויך ביילקע צוגעהאָלפן.

און זיי זיינען געווען אַזוי גוט, אַז בערלען האָט זיך געדאַכט, אַז זיי וואָלטן אים איצט אַלץ אַוועקגעגעבן, נאָר ער זאָל זיי לאָזן אַליין, ער זאָל נאָר אַוועקגיין... דידאָזיקע פריינטלעכקייט האָט אים אַזוי באַליידיקט, אַז ער איז אַזוי ווי צעטומלט געשטאַ־נען און, זעגנדיק זיך, האָט ער געשטאַמלט עפּעס מאָדנע אומ־דייטלעכע ווערטער און האָט זיי שטאַרק, זייער שטאַרק געדאַנקט פאַרן אָוונט־ברויט.

אַז ער איז אַרויס, איז שוין דרויסן געווען פינצטער, די טיר־ערן פון די הייזער — אומעטום פאַרשפּאַרט. און געדאַכט האָט זיך אים, אַז פאַרשפּאַרט זיינען זיי נאָר פון אים אַליין, און ער האָט זיך דערפילט, ווי אַ גרויסער פאַרברעכער.

אַ דערשראָקענער האָט ער זיך געלאָזט גיין וויַטער און, טרעפנדיק אין אַ ראָג גאַס אַן איינזאַמען גאָראָדאָוואָי, האָט זיך אים געוואָלט צוגיין און פרעגן:

— ווייסט ניט, כאַוועך, ווו קען מען ערגעץ איבערנעכטיקן?..

און גלייַך האָט ער זיך פאַרשעמט און דערשראָקן פאַר אַזאַ מאָדנעם געדאַנק און האָט זיך געלאָזט גיין וויַטער, זוכן כאַ־ווירים...

# „באָסיאַקעס"

(אַ בילד)

אַ לאַנגע צײַט האָט די „כעוורע" פון אים געלאַכט און כויזעק געמאַכט: ווי נעמט דאָס אַ מענטש און האָט כאַסענע!... בערק־מאַן האָט זיך טאַקע פון אָנהייב געשעמט און קיינעם פון דער כעוורע פלעגט ער צו זיך אַהיים ניט נעמען. אַביסל האָט ער זיך אויך געשעמט פאַר זײַן ווײַבל. מיילע, ער ווייס זיי, ער פאַרשטייט זיי. ווי לאַנג איז ער אַליין געווען ווי זיי: געטראָגן זעקס וואָכן אַ קראַגנדל און דאַפקע אַ פּאַפּירנס, און אַ בעגעד געקויפט שטענ־דיק אין אַ טאַנדייט־קראָם! אָבער זי — פון אַן אַנדער וועלט, זי וועט זיך פאַר דער אָפּגעריסענער כעוורע, פאַר די אויסגעדאַרטע פּענימער, פאַר די אויסגעצויגענע נעז, פאַר די לאַנגע האָר — דער־שרעקן...

שפּעטער אָבער, אַז דאָס רויִקע לעבן מיט זײַן ווײַבל איז אים, אויב ניט מיִעס, דאָך לאַנגווײַליק געוואָרן, איבערהויפּט אין די לאַנגע ווינטער־נעכט, האָט ער זיך געוואַגט אײַנצולאַדן אַ פּאָר פון די געוועזענע כאַוויירים צו זיך אַהיים.

דעם אָנהייב האָט ער געמאַכט פון ליבקינדן און הערמאַנען, אַביסל רויִקערע און אַנשטענדיקער געקליידעטע, ווי די איבעריקע פון דער כעוורע.

— וואָס, כעוורע? — האָט ער, באַגעגנדיק זיי ביידן אין גאַס, אַז ער איז אַהיים געגאַנגען, זיי אָפּגעשטעלט: — איר וועט עפּשער גאָר אַרײַנגיין צו מיר אַף אַ ווײַלע?

אַפן גאַס איז געווען קאַלט, און ליבקינד און הערמאַן, וואָס האָבן געהאַט אַ דירע, ווו עס איז געווען נאָר פרײַ צו שלאָפן, אָבער ניט צו זיצן, האָבן די אײַנלאַדונג אָנגענומען.

— אָבער וועסט געבן טיי פון אַ סאַמאָוואַר ? — האָט ליבקינד קלוימערשט געשטעלט אַ באַדינגונג.

— און טאַקע בעקרײַ אויך ! — האָט בערקמאַן אויך אַ פּאָדע־רונג געשטעלט.

— קומט, עס וועט אַלץ זײַן, נאָר זײַט מענטשן ! — האָט בערק־מאַן קלוימערשט געשפּאַסט. געמיינט האָט ער עס אָבער ערנסט. אים אַליין, פאַרשטייט זיך, אַרט ניט, ווי זיי וועלן זיך האַלטן, אָבער זי איז נאָך צו אַזעלכע לײַט ניט געוווינט.

שטיל זײַנען די צוויי כאַווײרים אים נאָכגעגאַנגען. עפּעס האָט זיך געדאַכט, אַז ניט דאָס כאַסענע האָבן אַליין ווירקט צו באַרויִקן דעם כאַראַקטער, נאָר אַפילע דאָס כאַווערן זיך מיט אַ באַווײַבטן.

ענדלעך, זײַנען זיי צוגעקומען צו בערקמאַנס דירע.

— קיין קאַלאָשן, ברידער, האָט איר דאָך ניט...— האָט זיך בערקמאַן צו זיי ווייך און ווי מיט שרעק געווענדעט.— איך האָב אויך קיין קאַלאָשן קיינמאָל ניט געהאַט... ווישט אויס די שיך אָן דעם שטיק אײַזן באַ דער טיר...

באַ דער טיר איז געווען טונקל, און בערקמאַן האָט דעריבער ניט געקענט זעען דעם שמייכל, וואָס האָט זיך באַוויזן אַף זײַנע צוויי כאַווײרימס פּענימער.

— רײַב, רײַב, הערמאַן ! — האָט ליבקינד איראָניש געקאָמאַנ־דעוועט.

— ניין, ברודער, צו שטאַרק רײַבן טאָר איך ניט : די פּאָדעש־וועס מײַנע האַלטן זיך אַף אַ האָר...

— לייצים ! — האָט בערקמאַן געלאַכט און האָט אין האַרצן שוין כאַראָטע געהאַט, וואָס ער האָט די צוויי באָסיאַקעס גאָר אײַנגעלאַדן...

ער האָט זיי ענדלעך אַרײַנגעפירט אין קאָרידאָר.

— נו, ברידער, טוט אויס די מאַנטלען און הענגט זיי דאָ אויף ! — האָט זיי בערקמאַן געלערנט.

— אוי, דאָס ניט ! — האָט זיך ליבקינד אַרויסגעכאַפּט — דעם מאַנטל אויסטון קען איך ניט.

— פאַרוואָס ? — האָט זיך בערקמאַן ניט אַף געלעכטער דער־שראָקן.

— איך האָב נעכטן אַף „טאָג־הויצאָעס” פאַרקויפט מײַן רעקל,— האָט ער קאַלט געענטפערט.

— אַי־אַי־אַי!— האָט זיך בערקמאַן פאַרקרימט,— ביסט נאָך אַלץ דערזועלביקער באָסיאַק... נו, און דו, הערמאַן?

— איך האָב אַפילו מײַן רעקל ניט פאַרקויפט, איך טראָג אים... אָבער אויסטון דעם מאַנטל קען איך ניט צוליב אורזאַכן, וואָס ווענדן זיך ניט אָן מיר...

— אָן וועמען דען?— האָט בערקמאַן ניט פאַרשטאַנען דעם איראָנישן טאָן.

— טאַקע אָן מײַן רעקל גופע,— האָט הערמאַן געענטפערט גאַנץ געלאַסן,— ער איז נעבעך שטאַרק צעפליקט... דערהויפּט דאָס האַרץ זײַנס. ער לײַדט נעבעך פון וועלט־שמערץ, און דאָס האַרץ האָט אים געפּלאַצט...

— נו, נו, טאָ קומט שוין אַזוי אין די מאַנטלען... מיילע...— האָט בערקמאַן מאַטיר געמאַכט, באַטראַכטנדיק זייערע מאַנטלען.

— עפשער זאָלן מיר גאָר גיין צוריק?— האָט ליבקינד אַ זאָג געטון.

— נו, וואָס מאַכט איר זיך נאַריש!— האָט בערקמאַן זיך אַף אַן עמעס באַליידיקט און האָט זיי ביידן ווי דערשראָקן אָנגעכאַפּט פאַר די פּלייצעס,— איר מיינט טאַקע, אַז מיך אַרט, אַז איר וועט זיצן אין די מאַנטלען...

— איך ווייס, עפשער פּאַסט דיר ניט פאַר דײַן ווײַבל...—האָט הערמאַן זיך געדונגען.— מע זאָגט, אַז זי שטאַמט פון באַלעבאַטים...

— נו, נו, אָן שטעכווערטלעך, ברידער!— האָט בערקמאַן ווייך באַמערקט,— קומט אַרײַן.

מיט אַ ציטערדיקער האַנט האָט בערקמאַן אָנגעקלאַפּט אין טיר:

— מאָזשנאָ, העלענע? איך בין מיט געסט.

— וואַרט איין ווײַליטשקע!— האָט זיך דערהערט אַ קלינגענד־ווײַבערשע שטימע, און באַלד האָט זיך באַמערקט אין צימער אַ סומאַטאָכע.

— זי מוז אַוואַדע מיינען, אַז דו האָסט געבראַכט גאָט ווייס וועלכע אַדוינים!— האָט הערמאַן לאַנגזאַם געזאָגט.

— זי וועט זיך גוט דערשרעקן, אַז זי וועט אונדז דערזעען...

— שוין! — האָט זיך דערהערט די ערלויבעניש.

בערקמאַן האָט אופגעפּנט די טיר. פאַר די צוויי כאַווירים האָט אַ פינקל געטון אַ ליכטיקער אופגערוימטער שיין מעבלירטער צימער און אַ יונגע שיינע פרוי אין אַ לייכטער לאַנגער קאַפּאָטע, אונטער וועלכער עס האָבן זיך יעיצערהאָרעדיק באַוועגט צוויי רונדע בריסט...

זיי האָבן זיך אָנפאַנגעס ווי פאַרלאָרן און האָבן ניט געקענט מאַכן קיין טריט ווייטער...

— דאָס איז מיין פרוי און דאָס זיינען מיינע צוויי כאַווירים! — האָט בערקמאַן קאַם געקענט פאָרשטעלן.

ליבקינד האָט נאָך ווי עס איז דערלאַנגט די האַנט, נאָר אַזוי אומגעלומפּערט, אַז מיט זיינעם אַ לאַנגן נאָגל האָט ער אַ קראַץ געטון איר קליין שיין הענטל. הערמאַן אָבער האָט זיך גלייך אַוועקגעזעצט אַף דער סאָפקע, וואָס איז געשטאַנען באַ דער וואַנט.

דאָס ווייבעלע האָט מאָדנע אַף זיי געקוקט. זי האָט עפּעס ניט פאַרשטאַנען.

— מיינע אַמאָליקע גוטע ברידער! — האָט בערקמאַן, קומענדיק שוין צו זיך, איר ערקלערט.

— זייער אָנגענעם! — האָט זי געשמייכלט, אַ קוק געגעבנדיק דאָ אַף ליבקינדן, דאָ אַף הערמאַנען.

דערהערנדיק פון זיין ווייבל דאָס וואָרט „זייער אָנגענעם", איז בערקמאַן אינגאַנצן באַרויִקט געוואָרן און האָט זיך פריילעך אָנגערופן:

— פאַראַן עפּשער, נעשאָמע מיינע, טיי?

— באַלד וועט זיין... — האָט זי גאַסטפריינטלעך געענטפערט.

— און בעקערייַ... — האָט בערקמאַן צוגעגעבן...

— באַלד קומט דאָס שטוב־מיידל, וועל איך שיקן...

— וויַזט אַהער „מאַמטאַקים", גיי איך! — האָט זיך הערמאַן אַרויסגעכאַפּט, פאַרגעסנדיק, אַז ער זיצט באַ אַ באַוויַבטן.

ליבקינד איז געוואָרן רויט, און דאָס ווייבל האָט מיט אַ מאָדנעם שמייכל געענטפערט:

— ניין, איר זייט אַ גאַסט.. איך וועל אַליין אַראָפּגיין...

אין אַ שאָ אַרום זײַנען די צוויי כאַוויירים, אָפּזעגענענדיק זיך, אַוועקגעגאַנגען.

— האָסטו געזעען דעם זילבערנעם סאַמאָוואַר אַף אַ טישל ?— האָט ליבקינד געפרעגט הערמאַנען מיט אַ כויזעק־טאָן.

— דער סאַמאָוואַר, ווי דער סאַמאָוואַר. די צוויי בעטן איינע לעבן די אַנדערע האָסטו געזעען ? עס האָט מיך געעקלט !

— אָבער ווי אַזוי אַ מענטש פוילט דאָס באַ זיך ! ער איז דאָך אַמאָל געווען אַן אונדזעריקער, — האָט הערמאַן ערנסט געפרעגט.

— ניין, ברודער, — האָט ליבקינד אָפּגעשלאָגן, — איך האָב שטענדיק געזאָגט, אַז פון בערקמאַנען וועט אַרויס אַ בורזשוי מיט אַלע ברעקלעך...

— פע, מער וועלן מיר צו אים ניט גיין.

— מעשוגע !

און די צוויי כאַוויירים האָבן, לאַכנדיק פון זייער אַמאָליקן כאַווער, זיך געלאָזן צו זייער דירע, ווו מע קען שוין שלאָפן...

# אין פּאַריזש

פון דעם גאנצן קרייַז באַוועגער און קעמפער איז ארויס גאנץ מיטן גוף און נעשאָמע בלויז העניע. דאָס איז געווען א מיידל פון א יאָר דרייַ און צוואנציק, מיט ראָזע בליִענדע באקן, רויטע קליינע ליפּעלעך, צווישן וועלכע עס האָבן ארויסגעקוקט צוויי רייען קליינע ווייַסע שטארקע ציינדלעך, און מיט א קאָפּ געדיכטע לאַנגע האָר, וואָס זי פלעגט פארפלעכטן אין אַ צאָפּ און הינטן פאַרדרייען אין אַ שיינעם „גרעק״.

בעיס באַם גאַנצן קרייַז באַוועגער און קעמפער האָט זיך דער מוט און די ענערגיִע אויסגעשעפּט באַם אָנהייב פון דער רעאַקציִע, אַזוי ווי זיי וואָלטן אָנגעגרייט א געוויסע מאָס מוט און ענערגיִע ביז אַ צווייטער צייַט,— האָט באַ העניען די ענערגיִע ערשט גע־פאָדערט באַוועגונג און נייַעם קאַמף.

— גיט מיר נאָך אַ באַוועגונג! — האָט זי געשריִען, צונויפקו־מענדיק אַמאָל מיט די געוועזענע אָפּגעלעבטע כאַווײרים און כאַ־ווערטעס — איך קאָן ניט לעבן אַזוי ווי איר איצט. איך וויל עפּעס טון.

— טוט וואָס אַלע טוען איצט,—פלעגט איינער אַ „געוועזענער״ יונגערמאַן מיט אויסגעלאָשענע סאַרקאַסטישע אויגן אַרויסמור־מלען...

— וואָס ? — פלעגט העניע ביטמימעס פרעגן, מיינענדיק, אַז ער מיינט עפּעס ערנסטעס צו טון. נאָר דער געוועזענער באַוועג־גער און קעמפער פלעגט איר ענטפערן, אָנקוקנדיק זי מיט זייַנע אויסגעלאָשענע מידע אויגן :

— טוט אַ ש־דעך...

דאָ פלעגט העניע אַ בייזע און אַ צערייצטע ענטפערן:

— אַ שידעך? עפשער מיט אײַך? טויטע מענטשן!

און אַרומגייענדיק אַהין און צוריק איבערן צימער, פלעגט זי אַ מוטיקע, אַן ענערגישע אויסרופן:

— איך וועל נאָך טון! איך קאָן ניט לעבן אַזוי, ווי איר איצט...

און ניט דערוואַרטנדיק פון קיינעם קיין דערמוטיקונג, פלעגט זי זיך אַ וואָרף טון צום טישל, אָנשפּאַרן דעם קאָפּ אַף די הענט און זיך צעוויינען:

— מײַן גאָט, אַזוי לעבן ווײַטער קאָן מען ניט... איך וועל אַנטלויפן פון אײַך.

— אַנטלויפט!— האָט איר דערזעלבער יונגערמאַן, וואָס האָט איר געהייסן א שידעך טון, געראָטן קאַלטבלוטיק.—אַנטלויפט אין פּערסיִע, דאָרטן איז איצט דאָ א רעוואָליוציִע...

— אין טערקײַ אויך...— באַמערקט א צווייטער איראָניש.

— אין כינע קומט אויך פּאָר אַ באַוועגונג — וויצלט זיך א דריטער.

העניע ווייס, אז זיי לאַכן עס. אָבער אין קאָפּ פליט איר דורך א געדאַנק: עפשער טאַקע?

נאָר ניט קענענדיק דידאָזיקע אַלע פעלקער, פילט זי קיין אינערלעכן פאַרלאַנג צו העלפן דאָרט.

און זי ענטפערט:

— ניין, ברידער! יעדער איז א נאָווי אין זײַן לאַנד...

— נו, טאָ וואַרט, ביז דאָ וועט זיך צוריק עפּעס אָנהייבן— גיט איר אַן אייצע איראָניש דערזעלבער יונגערמאַן.

העניע פאַרטראַכט זיך און פרעגט ביטמימעס:

— קאָן עס לאַנג דויערן?

— אָ, אײַערע שיינע שוואַרצע האָר וועלן ביז יענער צײַט ווײַס ווערן... וואָס איז? אין גראָווע האָר איז נאָך שענער דער קאַמף...

— איר זײַט א טויטער מענטש!—ווערט העניע בייז פאַר זײַן שלעכטער נעוויִעס און פאַרלאָזט דאָס צימער.

די איבערגעבליבענע באַדויערן איר אַוועקגאַנג, און איינער רופט זיך אָן:

— די איינציקע צווישן אונדז, וואָס האָט נאָך לעבן.

— איך בין איר מעקאַנע...— מורמלט אַרויס א צווייטער.

— זי איז אַ שיינע מויד! — זאָגט אַרויס אַ מיינונג א דריטער, און אין זײַנע אויגן צינדט זיך אָן אַן אומהיימלעך פײַערל...

לאַנגווײַליק און לעבנסלויז זײַנען געגאַנגען די טעג. העניע האָט זיך קיין אָרט ניט געפונען.

אינדערהיים באַ די פאַרמעגלעכע עלטערן איז דאָס לעבן גאָר אומדערטרעגלעך געווען.

— נו, העניע,— פלעגט די מאַמע זיך ווענדן צו איר — איצט עפּשער וועסטו אויך קליגער ווערן — זעסט דאָך, ווי איר האָט אויסגעפירט...

— אָ, זיי האָבן טאַקע אַסאַך אויסגעפירט !—פלעגט דער טאַטע פון זײַן פלאַץ בייז צוואַרפן אַ וואָרט, האַלטנדיק א צײַטונג אין האַנט.

דאָ דערמאָנט זיך העניע אָן איר לאַנגער אַרבעט פאַר דער באַוועגונג.

צו פופצן יאָר האָט זי אָנגעהויבן. אַכט יאָר האָט זי אָפּגעקעמפט, און אָט די אַרבעט איז טאַקע לעיִבעד געגאַנגען? איז עס מעגלעך, אַז די נאַרישע עלטערן זײַנען קליגער פאַר איר? ניין, עס איז אומעגלעך — זי מוז זיי אופווײַזן, אַז עפּעס איז גע־טון געוואָרן. וואָלט זי דעם טאַטן די „דומע" דערמאָנט, האָט מען גראָד די דומע פאַנאַנדערגעלאָזן, וואָלט זי די פרײַע פּרעסע דער־מאָנט, האָט מען יענע וואָך פיל צײַטונגען צוגעמאַכט. ניין! זי האָט ניט וואָס אופצווײַזן... גאָרניט געווונען! אַכט יאָר אַרבעט איז פאַרלאָרן געגאַנגען... זי וועט עס ניט אויסהאַלטן...

און זי באַשליסט אַנטלויפן פאַר כאַרפּע...

געפאָרן איז זי קײַן פאַריזש. דעם גאַנצן וועג האָט זי פּלענער געמאַכט, ווי אַזוי זי וועט דאָרט לעבן. אויב אינדערהיים איז אַלץ אויס, וועט זי אין דער פרעמד קענען לעבן. אינדערהיים זײַנען זיי אַלע וואָכעדיק און לאַנגווײַליק... אויב שוין פאַראָטן אלע אידעאַלן און נעמען זיך צום לעבן, טאָ זאָל זײַן גרויס, ברייט און שטאַרק...

פול מיט האָפענונגען איז זי אָנגעקומען קיין פּאַריז. ניט קע־נענדיק די שפּראַך, איז זי פֿאַרפֿאָרן צו אַן אַלטן באַקאַנטן רעוואָ־ליוציאָנער, וועלכער וווינט שוין אין פּאַריז אַ פּאָר יאָר.

— זײַט איר אויך דאָ? — האָט ער זיך דערפֿרייט, דערזעענדיק זי, און האָט זי אָנגעקוקט מיט נײַגיריקע בליקן — איר זעט גוט אויס... קיין צאָרן פֿון אַנטוישונג! ניט ווי מיר דאָ! — האָט ער אויסגעלאָזט מיט אַ זיפֿץ.

— וואָס איז דאָ? — האָט זיך העניע דערשראָקן.

— דאָ... איז זייער, זייער טרויעריק... — האָט ער געענט־פֿערט. — די „קאָלאָניע" איז גרויס, אָבער יעדער לעבט פֿאַר זיך. אַז מע קומט זיך צוזאַמען אַמאָל, זיצט מען ווי שטום.

— וואָס איז די אורזאַך? — האָט העניע נאַיִוו געפֿרעגט.

ער האָט אַ שמייכל געטון און געענטפֿערט:

— די אורזאַך איז, — די רעאַקציע אין רוסלאַנד...

— ווידער די רעאַקציע! — האָט העניע פֿאַרצווייפֿלט אַרויס־געשריִען — איך בין דאָך פֿון איר אַנטלאָפֿן...

— אָ, כאַוורטע, — האָט דער עמיגראַנט זי אָנגענומען פֿאַר דער האַנט — אַנטלויפֿן קאָן מען ניט... וווּהין איר זאָלט ניט קומען, וועט איר זי מיטברענגען מיט זיך... אָט בין איך שוין דאָ דרײַ יאָר אין פּאַריז, און גלויבט מיר, אַז איך האָב נאָך דעם לוווּר־מוזיי ניט געזעען. איינמאָל נאָר אָנגעקוקט דעם פּאַנטעאָן, ווו עס ליגן פֿראַנקרײַכס גרויסע לײַט...

— סטײַטש! עס איז דאָך עפּעס פּאַריז! — האָט העניע איבער־ראַשט געפֿרעגט — אַזויפֿיל לעבן, אַזויפֿיל פֿרייד!

— ניט פֿאַר אונדז! — האָט דער עמיגראַנט מיט אַ ביטערן שמייכל געענטפֿערט — איבעריקנס, איר וועט אַליין זען...

אין דעמזעלבן אָוונט איז העניע געגאַנגען מיטן עמיגראַנט צו זײַנער אַ פֿרײַנדן, אויך אַן עמיגראַנטן.

דאָס איז געווען אַ שטיל פֿאַרוואָרפֿן געסל אין לאַטײַ־נישן קוואַרטאַל. זיי זײַנען אַרײַן אין אַ שמאָלן פֿינצטערן קאָרי־דאָר. דער עמיגראַנט האָט אָנגעקלונגען, און עס איז אַרויס אַ בלאַסע דאַמע פֿון אַ יאָר עטלעכע און דרײַסיק און געעפֿנט די טיר.

— זדראַווסטוווּיטיע! — האָט זי באַגעגנט דעם גאַסט, און ווענ־דנדיק זיך צו העניען נאָך דער צערעמאָניאַלער פאָרשטעלונג, אויך אין רוסיש, האָט זי איר אָנגעוויזן אַ שטול צו זעצן זיך.

דער שמועס איז געווען וועגן רוסלאַנד. מע האָט גערעדט שטיל, אָן באַגייסטערונג. העניע איז געזעסן דערשטוינט און נידערגעשלאָגן. „דאָס איז דאָך רוסלאַנד" — האָט זי געטראַכט.

אין אַ שאָ אַרום האָבן זיי זיך געגרייט צו גיין אין אַ קאַפע.

„איצט וועל איך זען אַביסל פּאַריזש; — האָט העניע גייענ־דיק געטראַכט. איר יונג האַרץ איז פול געוואָרן מיט האָ־פענונגען.

זיי זײַנען דורכגעגאַנגען דעם לאַטיינישן בולוואַר. העניע האָט באַאָבאַכטעט דאָס רוישיקע לעבן אַפן בולוואַר, וועלכן זיי זײַנען דורכגעגאַנגען. אָט האָט זי געוואָלט זיך אָפּרײַסן פון די צוויי באַגלייטער אירע און אַרײַנוואַרפן זיך אין דעמדאָזיקן רוישנדן לעבן.

באַלד אָבער האָט זי די דאַמע געפרעגט:

— וואָס דענקט מען אינדערהיים וועגן דער רעאַקציע?

— אינדערהיים? — האָט העניע איבערגעפרעגט, און ניט ווילנ־דיק אַליין וואָס זי רעדט, האָט זי אַרויסגעמורמלט:

— אינדערהיים איז דער טויט אַליין. איך בין אַנטלאָפן.

— און איך — האָט די דאַמע געזאָגט — בענק אַזוי נאָך רוס־לאַנד! אַך, רוסלאַנד, רוסלאַנד,— האָט זי זיך צעזיפצט.

העניען איז געוואָרן טרויעריק. זי האָט אָנגעקוקט דאָס מידע, בלאַסע געזיכט פון דער עמיגראַנטן, און אַ שוידער האָט זי דורכ־גענומען:

— אָט איז זי דאָך אין פּאַריזש, דידאָזיקע עמיגראַנטן...

זיי זײַנען אַרײַן אין קאַפע.

העניע האָט זיך אומגעקוקט ווי פאַרוווּנדערט: עפּעס אַלע באַקאַנטע פּנימער. ווו האָט זי זיי געזען?

— אַך, דאָס זײַנען אַלע די געוועזענע קעמפער! — האָט זי זיך אַליין געענטפערט.

זיי האָבן זיך אַלע דרײַ געזעצט בײַ אַ טישל. עס זײַנען צו־געגאַנגען אַ פּאָר יונגעלײַט.

מע האָט העניען פֿאַרגעשטעלט.

און מע האָט זיך צערעדט וועגן רוסלאַנד. און באַלד איז מען שטיל געבליבן...

די טעמע איז געווען אַזוי אַלט.

און העניע האָט געפֿילט, ווי איר יונג, פֿריש און העל לעבן לעשט זיך אויס צווישן די אַלע געוועזענע, און אַז אַפֿילו פּאַריזש קאָן דאָ גאָרניט העלפֿן...

# דער דאַלעס

(ס ק י צ ע)

פון דער „קאָנדיציִע“, וואָס ענטין האָט געקריגן באַ אַ רײַכן און, ווי עס זעט אויס, אָנשטענדיקן יִשעוווניק, איז ער שטאַרק צופרידן. עס גייט צו זומער, ער וועט האָבן אַ „דאַטשע“, פּאַרוואָס רײַכע צאָלן געלט. און די דאַטשע, ווערליק דער יִשעווניק האָט אים אָפּגעמאָלט, איז זייער אַ גוטע, פיר טריט פון שטוב איז דער וואַלד, זעקס טריט — דער טײַך, וועגן עסן רעדט מען ניט, אין אַ דאָרף איז פאַראַן וואָס צו עסן. אין שטאָט איז אייגנטלעך אויך דאָ וואָס צו עסן, אַז מע זאָל האָבן לעקציִעס. ווו נעמט מען אָבער די לעקציִעס, אז אַף יעדן טריט און שריט איז דאָ אַ גימנאַזיסט, אַ רעאַליסט, אַן עקסטערנער! און אינ־מיטן טראָגט אָן דער גוטער יאָר גאָר אַ סטודענט, וואָס מע האָט אים אויסגעשלאָסן פאַר עפּעס זייער שווערע כאַטאָים, און ער נעמט אויך לעקציִעס. אין דאָרף אָבער איז קיין קאָנקורענ־ציִע ניטאָ, — ער איינער אין איין הויז, מיט איינע טאַלמידים. עס איז ווירקלעך אַ גליק.

דאָך האָט ער צוויי זאָרגן. איינע אַ קליינע און איינע אַ גרויסע. די קליינע זאָרג באַשטייט אין דעם, וואָס לויט דעם, וואָס דער נײַער באַלעבאָס האָט אים געזאָגט, האַלט שוין דאָס עלטערע מיידל, פון אַ יאָר דרײַצן, באַם ענדיקן אַריפמעטיקע. ער אָבער, ענטין, האָט מער ניט געלערנט ביז פּראָצענט־רעכע־נונג! הײַנט וואָס וועט ער מיט איר טון? — אויב זי איז ניט קלאָר אין אַריפמעטיקע, איז נאָך אַ האַלבע צאָרע, הייסט ער איר איבערכאַזערן פון אָנהייב אָן און כאַזערט מיט איר אַ גאַנץ

זומער. טאָמער וועט עס זײַן פֿאַרדאַכטלעך, וועט ער, נישקאָשע, זאָגן, אַז דער איקער איז וויסן קלאָר די קלאָלים פֿון טישבוידעס, און אַז מע ווייס דאָס קלאָר, גייט שוין דאָס איבעריקע, ווי געשמירט.

אַזאַ מײַסע האָט אים שוין אויסגעטראָפֿן אין שטאָט, און גאָט האָט אים געהאָלפֿן.

איז ע־ שוין מיט דער ערשטער זאָרג רויִק...

די אַנדערע זאָרג אָבער לאָזט זיך ניט אזוי גיך אָפּשטופּן. צו איר איז גאָר קיין אייצע ניטאָ.

ער האָט מיט דעם נײַעם באַלעבאָס אָפּגערעדט, אַז אין צוויי שאָ ארום פֿאַרנאַכט קומט ער מיט זײַנע „זאַכן“, און ער קאָן ניט קומען. ער קאָן ניט!

— אַלעמײַ האָב איך אים געדאַרפֿט גאָר דערמאָנען זאַכן — מאַכט ער זיך אליין פֿאָרווירפֿע — וועלכע ציג, וועלכע זאַכן? איך האָב דען זאַכן! אַ כאַרפּע און אַ שאַנד!

ער וואָלט כאָטש זײַן גראָבן ווערטערבוך ניט פֿאַרקויפֿט, וואָלט געווען וואָס ארײַנצולייגן אין קעסטעלע, איצט איז דאָס קעסטל אַ ליידיקס, איין שווארץ העמד וואַלגערט זיך דאָרט אום אין אַ בויגן פֿאַרשמירט פּאַפּיר... ווײַטער האָט ער פֿאַר דעם ווינטער אַלץ פֿאַרקויפֿט.

ער האָט אַפּילע אַן אייצע: ער וועט צו דעם קעסטל קויפֿן אַ ביליק שלעסעלע פֿאַר וואָסערע 5 קאָפּיקעס און וועט די אָרעמקײַט, דעם דאַלעס פֿאַרשליסן. הײַנט ווי אזוי וועט מען דאָרטן וויסן, אַז אין קעסטל איז גאָר נישטאָ.

אַ פּלאַן איז דאָס אַפּילע. דאָס איז אָבער אַ ריזיקאַלער פּלאַן. טאָמער גיט דאָרט ווער אַ הייב דאָס קעסטעלע און זעט, אַז עס איז אזוי גרינג, וועט מען גלײַך פֿאַרשטיין, אַז עס איז אַ דאַלעס, אַז ער האָט גאָרנישט...

דער געדאַנק וואַרפֿט אַף אים אָן אַ פּאַכעד, ער ווייס שוין צו גוט, ווי אזוי מע קוקט אַף אַ מענטשן, וואָס האָט גאָרנישט, ביפֿראַט נאָך אַזעלכע באַלעבאַטים, ווי זײַנע איצט, וואָס ווײַזן אויס צו זײַן זייער רײַך. מע קאָן אים נאָך צוריק אָפּשיקן אין שטאָט אַרײַן. הײַנט דער בזיָיען!

ניין! דעם ערשטן אַרײַנפּאָר צום באַלעבאָס מוז ער זיך ניט ארויסווײַזן מיט זײַן גרויסן דאַלעס, ער מוז אים זען מיט וואָס עס איז צו פאַרדעקן, צו באַהאַלטן. זײַן קעסטל מוז ער מיט עפּעס אָנפילן און פאַרשליסן, אַז אַפילע דער טײַוול אליין זאָל ניט דערגיין וואָס דאָרט אינעווייניק טוט זיך.

מיט וואָס אָבער פּילט מען עס אָן?

„מיט זאַמד!"—פאַלט אים ארײַן אין קאָפּ — „יאָ, ווי איך בין אַ ייִד — מיט זאַמד"! — און ער ווערט מאָלע סימכע. אָפן גרויסן הויף, ווו ער וווינט איצט, גראָבט מען גראָד אַ ברונען, זאַמד איז דאָרט לעראָוו, טײַערע, ווײַסע זאַמד, און דער באַלעבאָס פון הויז, אַפילע אַ האַרטער מענטש — נאָר די זאַמד לאָזט ער יעדן נעמען, און ווײַבער נעמען טאַקע וויפל זיי ווילן אליין, — גאַנצע קאָשיקעס. ער וועט שטילערהייט, אַז קיינער וועט ניט זײַן—עס איז דאָך אַ כאַרפּע — ארויסטראָגן דאָס קעסטל אָפן הויף, אָנשיטן עס פול ווי אַן אויג, און ער איז געראַטעוועט — ער האָט אַ שווערן קאַסטן, אַ מענטש מיט לײַטן גלײַך!...

באַגײַסטערט פון דער אידייע, לאָזט ער זיך אין אַן אײַזנגעוועלב קויפן אַ שלעסל, און אַנשטאָט אַ ביליקן, איז ער זיך מעיאַשעוו און קויפט אַ טײַערערן, אַ שטאַרקערן. אַזאַ מין אַשרעס, ווי זאַמד, מוז מען גוט באַוואָרענען,—וויצלט ער אין געדאַנק. אַ קאַשע אַף אַ מײַסע, עפּשער קאָן דאָרט אין דאָרף אינמיטן אַ גאַנעוו זיך מעיאַשעוו זײַן אים באַגאַנוועווען...

דער שלאָס איז געקויפט. עס ווערט פינצטערלעך. מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ לאָזט ער זיך צום הויף, ווו ער וווינט. גייט אַרײַן אין זײַן צימער, ווו, צום גליק, איז דער צווייטער כאַווער זײַנער ניטאָ, טראָגט ארויס מיט ציטערנדע הענט, ווי אַ גנייווע, זײַן קעסטל, שטעלט עס אַוועק אַף אַ גרויסער קופּע זאַמד און הייבט אָן עס פול צו מאַכן, קוקנדיק הינטערווײַלעכס, צי זעט אים קיינער ניט באַ דערדאָזיקער מאָדנער אַרבעט.

און גאָט האָט אים געהאָלפן. דאָס קעסטל איז שוין פול און קיינער האָט אים ניט געכאַפּט. ער פאַרשליסט עס אין דער גיך, הייבט עס אוף און געפינט, אַז עס איז גענוג שווער, און מיט אַן עמעסער סימכע טראָגט ער עס אָפּ ביז צום טויער.

באַם טויער הייבט ער דאָס קעסטל אויף נאָכאַמאָל. שווער איז גענוג, אָבער איין אומגליק: דאָס קעסטל „רינט״. עס שיטן זיך גאַנצע זײַלעלעך זאַמד דורך די שפּאַלטן פון דעק.

ער בלײַבט דערשראָקן אַף טויט. אָבער אַ גליק, וואָס ער האָט זיך געכאַפּט נאָך צו דער צײַט. „עס וואָלט געווען אַ שיינע מײַסע, טראַכט ענטין, ווען דאָס זאָל טרעפן אין די אויגן פאַרן באַלעבאָס...

עס וואָלט ניט געווען אַזוי אײַלנדיק, וואָלט ער עפּשער אַן אייצע געפונען דערצו; ער וואָלט די שפּאַלטן מיט פּאַפּיר פאַרשטעקט. איצט איז שוין אָבער אַף אַזוינע אָפּעראַציִעס קורץ די צײַט, שוין באַלד אַכט דער זייגער, ער מוז שוין באַלד גיין. וואָסזשע טוט מען?

אָבער אידייען ווערן געבוירן און אַנטוויקלען זיך איינע פון דער אַנדערער. פון דער אידייע פון זאַמד וואַקסט אַרויס אַ נײַע אידייע: שטיינער.

וואָס דאַרף ער זיך אַסקענען מיטן זאַמד? אָט ליגט אַ באַרג שטיינער! טײַערע שטיינער, בענעמאָנעס.

ער שיט שנעל אויס צוריק די זאַמד, וואַרפט אײַלנדיק אַרײַן אין קעסטל עטלעכע שטיינער און וויל שוין פאַרשליסן.

— יונגער מענטש, וואָס גאַנוועט איר, האַ? — דערהערט ער הינטער זיך דעם הויף־באַלעבאָס גראָבע שטימע.

— גאָרנישט... דאָס דאַרף איך... כע־כע־כע... עס זאָל זײַן שווער... ס׳איז גאָרנישט...

ענטינען באַגיסט אַ קאַלטער שווייס און ער איז צעטומלט.

— שיט שוין אויס די שטיינער! — דונערט דער באַלעבאָס — פאַר אײַך געקויפט?!.. פּאַרך איינער!

— גוט גוט! — מורמלט ענטין טאַמעוואַטע, דאַנקענדיק גאָט, וואָס עס איז „בעשאָלעם״ אַראָפּ, און ער לאָזט זיך גיין מיט דעם גרינגן קעסטל צו זײַן באַלעבאָס.

אָן די שטיינער איז אים אָבער דאָס קעסטל זייער שווער געווען; עס האָט אים צו דער ערד דעם קאָפּ געבויגן און הענט און פיס האָבן אים געציטערט.

יאָ, דאָס איז ווירקלעך אַ שווער קעסטל געווען. אין אים איז געלעגן ענטינס דאַלעס...

# פֿאַרמאַשקנט זיך אַליין

עס איז געווען אָנהייב פֿרילינג. אַ פֿרימאָרגן פֿון יענע פֿרי־לינג־פֿרימאָרגנס, וואָס זאָגן צו גילדענע בערג, און דער מענטש לאָזט זיך נאַרן און לויפֿט אין גאַס אַ דערפֿרישטער, אַן אָנגע־פּאַקטער מיט האָפֿענונגען אויף אַ גוטן פֿריילעכן טאָג...

און וועלוול קלינגער, אַ ייִדישער לערער, אַ פֿינף־און־צוואַנציקיאָ־ריקער הויכער ברונעט, האָט שוין אַראָפּגעוואָרפֿן דעם צעריסע־נעם וואַטאָוון ווינטער־מאַנטל, וועלכן ער האָט מיט פֿיר יאָר צו־ריק, אָנקומענדיק אין וואַרשע, פֿאַר דריי רובל געקויפֿט, האָט גוט אויסגערייניקט די קאַמאַשן מיט די צוויי לאַטעס, אַז זיי האָבן פֿריילעך געגלאַנצט, אייַנגעגנייט מיט דער אייגענער האַנט צוויי קנעפּלעך אין אַלטן רעקל, גוט פֿאַרקעמט די לאַנגע האָר, וואָס ער האָט שוין אַפֿן קאָפּ פֿון אַ יאָר, און איז אַרויס פֿון זייַן צי־מערל, ווו ער האָט געוווינט נאָך מיט צוויי כאַווײרים, לערער אָן שאָען, — אַף דער ליכטיקער וועלט...

— אַ שיינער טאָג! — האָט ער אין געדאַנק גערעדט, און האָט אָנגעהויבן גיין גיכער און שטאָלצער, פּונקט ווי ער וואָלט געקאָנט ערגעץ טראָגן פֿאַרקויפֿן די שטראַלן, וואָס האָבן זיך גע־גאָסן אַף אים, און נעמען דערפֿאַר כאָטש עטלעכע קאָפּיקעס אַף פֿרישטיק...

און אַ פֿרישטיק וואָלט אים זייער נייטיק געווען — עס איז שוין געווען צוועלף אַזייגער. וועמען גאָט העלפֿט, עסט מען שוין אַ צווייטן מאָל...

קלינגער איז אָבער אַזוי צופֿרידן געווען מיט דער ליבער וואַ־רעמקייַט, מיט דער העלער ליכטיקייַט, מיט וועלכער די גאַנצע

גאַס איז געווען פאַרגאַסן, אַז ער האָט פאַרגעסן אָדער, בעסער געזאָגט, זיך באַמיט אַרויסצושלאָגן פון קאָפּ דאָס מיִעסע עסן...

— ליכט! ליכט! — האָט ער גערעדט הויך — ליכט! ליכט!

און ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט ניט לאַנג געלייענט, אַז געטע איז געשטאָרבן מיט די ווערטער: „וואָס מער ליכט!" און ער איז שטאָלץ געוואָרן, וואָס ער און געטע האָבן איין פאַרלאַנג...

עמעס, אַזאַ פּאָעט, ווי געטע, איז ער ניט געווען, אָבער לי־דער האָט ער אויך געשריבן, און ווען די רעדאַקטאָרן וואָלטן ניט געווען אַזעלכע שלעכטע, וואָלט ער שוין לאַנג באַוווּסט גע־וואָרן בײַ אַלע ייִדן, ווײַל צײַט האָט ער אַ גאַנץ ווינטער געהאַט און האָט זייער פיל געשריבן... מע האָט אָבער ניט געדרוקט!

פאַרטיפנדיק זיך אין אַזוינע ראַיוינעס, האָט ער אָן פרישטיק ווירקלעך פאַרגעסן. אין קאָפּ האָט זיך בײַ אים אָנגעהויבן וועבן אַ גאַנצע ליד וועגן פרילינג, ער האָט שוין געהאַט אַסאַך פאַר־טיקע גראַמען. ווי: געזוכט—ליכט, הײַנט—שײַנט. פאַרבײַגייענדיק אָבער נעבן דעם באַקאַנטן קאַפע־הויז, ווו ער און זײַנע איבעריקע באַקאַנטע—לערער, פּאָעטן, קריטיקער און סטאַם לעזער—געפינען זיך, ווען עס איז נאָר דאָ אַ גראָשן אין קעשעניע — האָבן די גראַמען מיט דער גאַנצער פּאָעטישער שטימונג זײַנער ווי אַרויס־געגאַנוועט זיך פון קאָפּ, און אָנשטאָט זיי האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט אַ פרישער געדאַנק, וואָס האָט אים אַ זאָג געטון, ווי אין דער וועלט אַרײַן:

— דאָ קענסטו אויסטרינקען אַ גלאָז טיי און אופעסן אַ פּאָר זעמל — עס וואָלט ניט געשאַדט.

— דאָס וואָלט טאַקע א יושער געווען! — האָט קלינגער זיך געלאָזט אײַנריידן, און ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און האָט זיך פאַרטראַכט.

און טראַכטן האָט ער געהאט וועגן וואָס: ווי אַזוי גייט מען אַרײַן, אַז עס איז ניטאָ אַ גראָשן אין קעשעניע, און ווי אַזוי גייט מען ניט אַרײַן, אַז עס ווילט זיך שוין גוט עסן?...

און ער דערמאָנט זיך, אַז אָפּטמאָל געפינט מען דאָ אַ באַ־קאַנטן, וואָס קאָן אויסלײַען עטלעכע קאָפּיקעס אָן אַ וועקסל און

אָן אַ שטאַר־כויוו, נאָר פּאָשעט אַ גמילעס־כעסעד, וואָס דאָס איז ענלעך אַביסעלע צו אַ נעדאָווע...

און דערמאַנענדיק זיך אַזאַ מיִעס וואָרט, גייט ער אַוועק עטלעכע טריט ווײַטער פון קאַפע־הויז און וויל זיך אײַנשמועסן, אַז אין אַזאַ שיינעם טאָג דאַרף מען זיך שטעלן העכער פון עסן און טרינקען, מע דאַרף ניט זײַן קיין כאַיע.

„אַ גלאָז טיי מיט עטלעכע בולקעלעך" — לויפט אים נאָכדעם דורך אין קאָפּ, און ער לאָזט זיך גיין צוריק, הערט אויף צו טראַכטן און גייט אַרײַן אין קאַפע־הויז.

דאָס קאַפע־הויז באַשטייט פון צוויי קליינע צימערן. אַרום קליינע מאַרמאָרנע טישעלעך זיצן געסט פון פאַרשיידענעם על־טער, קלאַס און רײַכקײַט. אַ טייל זיצן און לעזן צײַטונגען, אַנדערע טרינקען און עסן.

קלינגער זעצט זיך אַוועק אַף אַ ליידיק אָרט, וואַרפט די בליקן אַף אַלע געסט און זוכט אַ באַקאַנטן. אַלע פּענימער זײַנען אים אָבער פרעמד און קוקן אַזוי בייז און עגאָיִסטיש־קאַלט.

„עפּעס מיִעסע מענטשן !" — פאַלט קלינגערן אײַן און ער קוקט מיט עקל אַף איינעם, וואָס עסט מיט גרויס אַפּעטיט, אַרײַנלאָזנדיק זײַנע צוויי גרויע אויגן אין דער גלאָז מילך, פון וועלכער ער האָט געטרונקען נאָך יעדער ביסן בולקע.

„ווי אַ מענטש האָט דאָס זיך אַזוי פאַרטיפט אין דער אַכילע ?" — ווערט קלינגער שוין אופגערעגט און וויל זיך אופהייבן און אַוועקגיין. נאָר ער שעמט זיך שוין אַרויסגיין אַזוי. די ווירטן, וואָס זיצט באַ דער קאַסע, ווייסט ער, וועט אים באַ דער טיר אָפּשטעלן און פרעגן :

— איר האָט גאָרניט גענומען ?...

ער זיצט און קוקט אַף דער ווירטן, זי זיצט לעבן דער קאַסע און וואַרפט אויגן אַף די געסט, און קלינגער דערמאָנט זיך, אַז זײַן מאַמע, ווען ער איז נאָך אינדערהיים געווען, פלעגט אַזוי אַכטונג געבן אַף די מוזשיקעס, בעיס זיי פלעגן זיך אַמאָל צו־נויפקומען צו זיי אין שטיבעלע אין אַ מאַרק־טאָג אָנוואַרעמען זיך.

„עס איז גאַנעוו און גאַזלען — באַשליסט ער מיט קאַס — יעדער ציטערט פֿאַר זײַן פֿעל, מע האָט אַלץ מוירע, מע זאָל ניט באַגאַנוועגען, מע היט איינער דעם אַנדערן — גאַנאָווים!"... — שרײַט ער אויס אין געדאַנק, און זײַן בלאַס פּאָנעם פֿאַרקרימט זיך.

— איר ווילט עפּעס? — שלאָגט אים איבער די געדאַנקען דאָס מיידל פֿון קאַפֿע־הויז, אַוועקשטעלנדיק זיך קעגן אים אין איר ווײַסן פֿאַרטעך מיט ליידיקע גלעזער אין האַנט.

קלינגערן באַפֿאַלט אַ פּאַכעד, און צעטומלטערהייט ענטפֿערט ער:

— אַ גלאָז מילך.

— מיט בולקעלעך? — פֿרעגט דאָס מיידל ווײַטער.

— מיט בולקעלעך... — שטאַמלט ער אַרויס און דאָס האַרץ פֿאַלט אים שיר ניט אַרויס פֿון שרעק...

„וואָס טוט מען איצטער? מיט וואָס וועל איך באַצאָלן?" — פּיקט אים אין מויעך, און עס ווערט אים הייס און קאַלט, די אויגן קוקן ווילד אַף אַלעמען, ווי ער וואָלט נאָר־וואָס אַ מענטשן געהאַרגעט און האָט מוירע מע זאָל אים ניט דערקענען...

דאָס מיידל האָט אים גלײַך צוגעטראָגן אַ גלאָז מילך מיט עטלעכע בולקעלעך אַף אַ טעלער און איז אַוועק צו אַן אַנדער טישל.

— מיילע, וואָס ווערט דערפֿון — באַרויִקט ער זיך — מע דאַרף עסן, עס וועט עפּשער באַלד אַרײַן אַ באַקאַנטער, דאָס שוואַרץ יאָר וועט זיי דאָך ניט נעמען.

ער הייבט אָן עסן און קוקט צו דער טיר, וועלכע עפֿנט זיך אלע ווײַלע, און עס ווײַזן זיך אַלערליי מינים פֿאַרשוינען — נאָר אַלץ ווילד פֿרעמדע געזיכטער. דאָס האַרץ שרעקט אים אַלץ מערער און מערער. ער איז דאָ זייער מיִעס אַרײַנגעפֿאַלן. ווי אַזוי וועט ער איצטער אַרויסגיין? און יעדער ביסן שטעלט זיך אים איצטער אין האַלדז און וואַרגט אים...

נאָכן עסן באַפֿאַלט אים נאָך אַ גרעסערע שרעק. די טיר עפֿנט זיך און פֿאַרמאַכט זיך, און אַפּצעלאָכעס קומט קיינער ניט אַרײַן פֿון באַקאַנטע, ווי זיי וואָלטן אַלע אויסגעשטאָרבן. עס הייבן אים שוין אָן ווײי צו טון די אויגן, קוקנדיק צו דער טיר, און

ער באַשליסט אופהערן כאָטש עטלעכע מינוט צו קוקן — מעמאָ־
נאַפּשעך, וועט ווער אַריַין, וועט ער דאָך צוגיין צו אים. דער־
הערט ער אָבער דעם געוויש פֿון טיר, קען ער זיך ניט איַינהאַלטן
און קוקט, און זיַין געדולד פּלאַצט — קיינער קומט ניט. די אַלע,
וואָס גייען אַריַין, זיַינען אים אַזוי פּיַינטלעך, אַזוי עקלהאַפט!..
ווי רוּיִק זיי באַוועגן זיך, ווי רוּיִק זיי זעצן זיך אַוועק באַם טישל,
ווי רוּיִק זיי באַצאָלן נאָכדעם באַ דער קאַסע!... צופרידענע, מיִ־
עסע מענטשן!...

פּאַר לאַנגוויַיליקייט נעמט ער אַ בלאַט צו לייענען. ער
הייבט אָן פֿון די טעלעגראַמעס און לייענט איבער, אַז פֿון סאַ־
לאָניקי מעלדעט מען, דאָס די דריַי בולגאַרן, וואָס האָבן געשיקט
צום עסטרייַכישן קאָנסול אַ פּאַסקוויל, אַז זיי ווילן אים האַרגע־
נען, האָט מען אַרעסטירט...

אָט וועלן זיי איצטער האָבן, — טראַכט זיך אים, און אים
שטעלט זיך פֿאָר דריַי בולגאַרן הויכע און שוואַרצע מיט לאַנגע
בלאַנקע מעסערס אין די הענט...

באַלד אָבער הייבן אים אָן די אויסיִעס צו שפּרינגען,
דער קאָפּ דרייט זיך, אין ברוסט קאָכט עפּעס זייער אַן אומאַנ־
גענעם פיַיער און עס ציט אַזוי אַף דער גאַס...

אים שטעלט זיך איצט פֿאָר די גאַס אין אַ הערלעכן אויס־
זען. די זון שיַינט אַזוי פריילעך, מענטשן גייען און פֿאָרן, אַ מע־
כיַיע איצט צו שפּאַצירן — זאָט איז ער דאָך!..

און ער פילט זיך, ווי ער וואָלט זיך אַליין אַרעסטירן. ווער
ווייסט ווי לאַנג עס וועט אים אויסקומען צו זיצן אין דעם
אָסטראָג!

אַ שוויס באַגיסט אים, די אויגן שפּרינגען אים שיר ניט
אַרויס. ער קוקט מיט אָפּגעשראָקענע בליקן אַף דער ווירטן, וועל־
כע זיצט באַ דער קאַסע און היט די געסט.

— אַ רוּעך אין איר, ווי זי היט דאָס! — ווערט ער אופגע־
בראַכט און קען פֿון איר די אויגן ניט אַראָפּריַיסן.

און אָט באַגעגנט ער אירע בליקן. אים דאַכט זיך, אַז זי ווייס,
דאָס ער האָט ניט מיט וואָס צו באַצאָלן, און מיט שרעק ווענ־
דעט ער די אויגן ווידער צו דער טיר.

שוין דרײַ דער זייגער! פון די באַקאַנטע איז קיינער ניט אַרײַן...

קלינגער קוקט אין פענצטער צום הויף, צו דער טיר איז אים שוין נימעס געוואָרן קוקנדיק. די זון שײַנט נאָך אַזוי פרײַ און וואַרעם און רויִק, פונקט מיט אים וואָלט גאָרניט געשען... דער קאַס, וואָס האָט אין אים געברענט, איז אַריבער אין אַ טרויער. ער דערמאָנט זיך, אַז אַף דעם ליכטיקן טאָג האָט ער אַזוי לאַנג געוואַרט, — עס איז ביז איצט אַזוי קאַלט און טרויעריק און הונגעריק געוועזן!...

און אַז ער האָט זיך אַף אים שוין דערוואַרט, דאַרף ער זיצן פאַרשפּאַרט, פאַרמאַשקנט פאַר עטלעכע קאָפּיקעס אין אַן ענגן, דושנעם קאַפּע־הויז און וואַרטן, ביזוואַנען אַ גוטער אָרעמער ברודער וועט קומען אים אויסלייזן...

אין די אויגן שטעלן זיך אים טרערן און ער קלערט:

— דאָס לעבן איז אַזוי קורץ, שיינע טעג זײַנען אַזוי ווייניק, און דאָס ביסעלע, וואָס עס איז דאָ, רויבט מען אַוועק... פאַרוואָס? פאַרוואָס?...

און אים פאַלט אײַן צוגיין צו דער ווירטן צו דער קאַסע און זאָגן איר:

— האָט קיין פאַריבל ניט, איך האָב זיך פאַרגעסן, אַז איך האָב קיין קליינגעלט ניט און בין אַזוי אַרויסגעגאַנגען, איך וועל אײַך שפּעטער באַצאָלן צען קאָפּיקעס...

דאַכט זיך, אַ גלײַכע זאַך, און ער וועט באַפרײַט ווערן און וועט זיך לאָזן ווידער אין דער פרײַער גאַס, ווו עס איז אַזוי ליכטיק און גוט...

ער גיט אָבער אַ קוק אַף דער ווירטן און קען זיך פון אָרט ניט אופהייבן...

— ניין! איך וועל נאָך וואַרטן! — באַשליסט ער — מיילע, מאָרגן וועט דאָך אויך זײַן אַ שיינער טאָג!

ער דערמאָנט זיך אָבער, אַז עס איז מיִעס אַזוי לאַנג צו זיצן; דאָס מיידל, וואָס דערלאַנגט, קוקט שוין, דאַכט זיך, אַף אים מיט כשאַד. אַז זי גייט פאַרבײַ זײַן טישל, דאַכט זיך אים, אַז אָט־אָט זאָגט זי אים:

— וואָס זיצט איר אַזוי לאַנג? עס איז אַזוי אויך ענג — באַ־צאָלט און גייט אײַך...

ער האָט שוין אַמאָל אַזאַ סצענע געזעען. עמעס, דאָס האָט געטראָפֿן מיט אַן אַלטן אָרעמען ייִדן, וואָס איז דאָ אַ ווינטער־טאָג אָפּגעזעסן. אים וועט מען ניט טשעפּען, זיי זעען דאָך, אַז ער איז ניט אַבי ווער... מ׳עס איז דאָס אָבער... און ער בײַט איבער דאָס אָרט: ער גייט איבער אין צווייטן צימער. אין צווייטן צימער קען ער אָבער לאַנג ניט אײַנזיצן, די טיר זעט זיך ניט, און ער האָט מוירע טאָמער וועט עמעצער אַרײַן, וועט אויסטרינ־קען אַ גלאָז טיי און וועט אַוועקגיין, און ער וועט דאָ בלײַבן ניט קיין אויסגעלייזטער...

ער גייט איבער צוריק אין ערשטן צימער און באַשליסט פעסט צו וואַרטן רויק, ביז ווער פון די באַקאַנטע וועט אַרײַן; און קעדיי די צײַט זאָל גיכער איבערגיין, וועט ער אָנהייבן אַ בלאַט לייענען פון אָנהייב ביזן סאָף.

און ער הייבט אָן ווידער צו לייענען. ער לייענט עטלעכע מאָל אַ שורע, וויל עפּעס באַנעמען, נאָר די ווערטער גייען אַרײַן אין קאָפּ און גאַנוועגען זיך גלײַך אַרויס, ווי זיי וואָלט דאָרט ענג געווען, ווי אים אין דעם קאַפע־הויז...

ער הערט אויף צו לייענען און ער דערשפּירט הונגער...

מיט דעם נײַעם געפיל פון הונגער דערפרייט ער זיך. ער מאַכט אַ רעכענונג, אַז שוין פאַרמאַשקנט זיך, זאָל זײַן כאָטש אין אַ גרעסערער סומע...

— מימאָנעפּשעך, — וויצלט ער ביטער אין געדאַנק, — בין איך ווערט צען קאָפּיקעס, קען איך ווערט זײַן צוואַנציק אויך...

און אַז דאָס מיידל גייט צו צום טישל, וווּ ער זיצט, ווענדעט ער זיך צו איר מיט אַן עמעסן שטאָלץ:

— דערלאַנגט, פריילן, אַ גלאָז טיי מיט אַ פּאָר פּוטער־ברויט...

און קלינגער ווערט דערשראָקן פאַר זײַנע אייגענע ווערטער. ער געפינט, אַז ער האָט דאָ ווידער געמאַכט אַ פעלער. טאָמער וועט קומען אַפילע אַ באַקאַנטער, וועט ער דען וועלן אים אויס־לייזן, אויב די סומע וועט זײַן גרויס?

און אַז ער עסט אָפּ, ווערט ער נאָך מער געפאַלן און קוקט מיט מער שרעק צו דער טיר.

עס ווײַזט זיך אָבער קײנער ניט, אויסער פרעמדע געזיכטער, וואָס פון קלינגערס וועגן האָבן זיי גאָרניט געקענט געבוירן ווערן אַפילע... וואָס דאַרף ער זיי?...

— שלעכט! — ברומט ער, אַרויסגייענדיק פון געדולד, — אַ פאַרשאָלטענער טאָג, הײַנט וועט קײנער ניט קומען...

זײַן נעשאָמע הייבט אין אים זיך אָן צו רײַסן, ער קען מער ניט אײַנזיצן, עס איז אים ענג. ער וויל זיך אַליין בײַסן, קנײַפּן, שלאָגן... וואָס איז ער אַרײַן אַהער? ער וואָלט בעסער הונגערן, אָבער פרײַ געווען. און ער הייבט אָן זוכן מיטלען, ווי אַזוי צו ראַטעווען זיך.

די מיטלען זײַנען ווילד, און ער וועט זיי קײנמאָל ניט טון, נאָר דער מויעך אַרבעט.

אָט פאַלט אים אײַן אַרויסצושפּרינגען דורך דעם אָפענעם פענצטער, און אַז ער דערשרעקט זיך פאַרן געדאַנק, כאַפּט ער זיך אָן אַ צווייט מיטל: ער וועט צוגיין דאָ צו ווער עס איז, דער־ציילן די גאַנצע מײַסע און וועט בעטן בּאָרגן צוואַנציק קאָפּיקעס.

— דאָס איז אָבער אויך ניט קײן מיטל: דאָ זיצן אַלע שלעכטע מענטשן, זיי וועלן קוקן ווילד אַף אים און וועלן אַרויס־ברומען: כ'האָב ניט...

און אַז דאָס מיידל גייט פאַרבײַ, פאַלט אים גאָר אײַן צו ווענדן זיך צו איר און זאָגן:

— הער, אויב דו בּאָרגסט מיר צוואַנציק קאָפּיקעס, האָב איך מיט דיר כאַסענע — דו ווילסט דאָך כאַסענע האָבן, דו ביסט דאָך שוין אַלט און אויסגעהאָרעוועט, ווער וועט דיך נעמען?...

און די טיר עפנט זיך, עפנט זיך און פאַרמאַכט זיך, און קײ־נער פון די באַקאַנטע גייט ניט אַרײַן...

און דער טאָג איז אַזאַ ליכטיקער, — ווי גוט איז איצט אַף דער גאַס... ווי ענג איז איצט אין קאָפּע־הויז, ווו ער האָט זיך פאַרמאַשקנט פאַר צוואַנציק קאָפּיקעס...

— גאָט מײַנער! — וויינט אין אים דאָס האַרץ — אַ טאָג „לעבן" איז דאָך ווערט מיליאָנען! מיליאָנען! גאַזלאָנים, לאָזט מיך אַרויס!...

און די ווירטן זיצט בײַ דער קאַסע און היט, ווי אַ שטרענגער זשאַנדאַרם... און קלינגער רײַסט זיך און זוכט מיטלען ווי צו אַנטלויפן, ווי צו אויסגעלייזט ווערן פון דעם אָסטראָג...

ערשט זיבן אַזייגער איז געקומען אַ באַקאַנטער. קלינגערן האָט אַ פּינטל געטון אין די אויגן און פאַר סימכע איז ער צע־טומלט געוואָרן, האָט זיך אַ כאַפּ געטון פון אָרט און אַ געשריי געטון:

— ברודער! דו האָסט מיך געראַטעוועט...

יענער האָט אים קאַלט דערלאַנגט די האַנט און האָט גע־פרעגט:

— וואָס איז מיט דיר די סימכע?

— וויפל בין איך ווערט? — האָט קלינגער אַנשטאָט צו ענט־פערן געפרעגט.

— אין מײַנע אויגן אַ גראָשן אויך ניט...

— אַי, שלעכט! — האָט קלינגער געסטאַרעט זיך צו זײַן פריי־לעך. — איך וועל שוין דאָ מוזן בלײַבן, איך בין דאָ איצט פאַר־מאַשקנט אין צוואַנציק קאָפּיקעס...

— איז וואָס ווילסטו, איך זאָל דיך אויסלייזן? — האָט דער באַקאַנטער געפרעגט האַלב שמייכלענדיק, האַלב ערנסט...

— לייז אויס, ברודער, לייז מיך אויס — איך האָב שוין קיין קויעך ניט צו זיצן... אַזאַ שיינער טאָג!..

און דער כאַווער האָט אים געליִען צוואַנציק קאָפּיקעס.

קלינגער איז אַ באַפרײַטער אַוועק צו דער קאַסע, האָט אָפּגע־צאָלט און זיך געשווינד אַרויסגעכאַפּט, ניט געזעגענענדיק זיך אַפילע מיטן אויסלייזער...

אַף דער גאַס איז שוין טונקל געווען, דער הימל איז געווען פאַר־דעקט מיט שוואַרצע וואָלקנס, אַ קליין רעגנדל האָט צוגעקאַפּעט, און קלינגערן האָט וויי געטון דער ליכטיקער טאָג, וואָס איז אין טפּיסע אוועק, און אים האָט זיך געדאַכט, אַז דער הימל העלפט אים צו באַוויינען דעם פאַרשפּילטן טאָג...

דער מאָרגעדיקער טאָג איז אַ קאַלטער, אַ נאַסער און טונ־קעלער געווען, און קלינגער איז אַ הונגעריקער אינדערהיים גע־זעסן און געבענקט נאָכן נעכטיקן טאָג...

# די פֿאַרנומענע גאַסן

אינדערהיים, בײַ אירע אָרעמע עלטערן, אינעם קליינעם שטעטל, איז בײלקען געווען ענג. ענג פֿון דער אָרעמקייט און נאָך מער פֿון דער שווערער דיסציפּלין, וואָס האָט אין ענגן שטיבל געהערשט. דער שלימאַזלדיקער, נידעריקער, שוואַכער טאַטע, וואָס האָט אַפֿן גאַס אַ וואָרט ניט געקענט ריידן, האָט אין שטוב געקאָמאַנדעוועט ווי אַ גענעראַל, געלערנט ווי צו שטיין, ווי צו זיצן און ווי צו עסן, אויב עס איז נאָר געווען וואָס צו עסן, נישט געגעבן קיין ערלויבעניש אַרויסצוגיין אַף דער גאַס, סײַדן ער האָט געפֿונען, אַז דער גאַנג איז אַ נייטיקער. די מאַמע האָט סטאַם געשאָלטן, אַמאָל בײלקען, אַמאָל אין דער וועלט אַרײַן. מיט די קלענערע ברידער און שוועסטער האָט בײלקע, כאָטש זי איז געווען זייער אַ גוטע, זיך שטענדיק געריסן, געקריגט, נישט וויסנדיק אַליין פֿאַר וואָס און פֿאַר ווען...

דערפֿאַר אָבער, אַז זי האָט זיך צו אַכצן יאָר, אויסלערנענדיק זיך בײגנײווע פֿון טאַטן אַביסל רוסיש און נאָך עפּעס, אַרויסגעריסן פֿון דער היים אין דער גרויסער שטאָט אַרײַן, האָט זי זיך דערפֿילט ווי נײַגעבוירן. זי האָט געאָטעמט פֿרײַ די שטויביקע לופֿט פֿון דער שטאָט, און איר האָט געדאַכט, אַז זי איז ווי גרינגער געוואָרן, האָט באַקומען פֿליגלען און אָט הייבט זי זיך אויף און פֿליט...

אָבער די אָרעמקייט, די נעגע, האָט זי אַהער, אין דער גרויסער שטאָט, פֿון איר היים פֿאַרשלעפּט און זי קען פֿון איר נישט פּטור ווערן.

די ערשטע צײַט האָט זי אין קרעמל, וואָס געפינט זיך אין דערזועלבער גאַס פון איר וווינונג, געהאַט אַביסל קרעדיט. אַף וואָס זעענדיק האָט איר די קרעמערן געבאָרגט, ווייסט זי אַליין נישט. מיסטאָם ווייס דאָך די קרעמערן, וואָס זי טוט, ווײַל ביילקע האָט אָנגעבאָרגט ביז צען גילדן מיט ברויט, בייגל און צוקער מיט טיי און האָט אופגעהערט אַרײַנצוקומען. זי פלעגט אַפילע ווײַכן שוין די קראָם. דאָס האָט שוין טאַקע דער קרעמערן פאַר־דראָסן: וואָס ווײַכסטו נאָך, שאַרלאַטאַנקע דו? האָסט נישט—ווײַז זיך כאָטש מים אַ מעזומענער קאָפּיקע! גייט זי צו דער צווייטער קרעמערן אַף דער אַנדערער זײַט טראָטואַר!...

נאָר די קרעמערן האָט אייגנטלעך אומזיסט כוישעד געווען די ערלעכע ביילקען. עמעס, געקויפט האָט זי טאַקע באַ דער צווייטער קרעמערן, אַף דעם צווייטן טראָטואַר, אָבער נישט פאַר מע־זומען. ווו זאָל ביילקע נעמען מעזומען, אַז זי האָט נישט, אַז די נעגע, די אָרעמקײַט, האָט זי פון דער היים נאָך פאַרשלעפּט און זי קען פון איר ניט פּאָטער ווערן...

די צווייטע קרעמערן האָט אָבער אויך געהאַט דעמזעלביקן פּסאַק; ביילקע, פון דער נאַטור אַ שוואַכע, האָט, אָנבאָרגנדיק נאָר ביז זיבן גילדן, נישט געהאַט מער קיין האָזע צו קומען נאָך צו באָרגן; איר האָט זיך עפּעס געדאַכט, אַז די קרעמערן קרימט זיך די לעצטע צײַט אף איר; און עפשער האָט זיך איר נישט געדאַכט — עפשער האָט זי זיך טאַקע געקרימט?

נאָר פונדעסטוועגן איז נאָך גאָט נישט געשטאָרבן. ביילקע קען זיך דערווײַל באַגיין אָן די צוויי קראָמען. מיילע, גייט זי אַרופ־צו, איז אַביסל ווײַטער. וואָס וועט זי זשאַלעווען — די שיך? און אַז זי דאַרף גיין אין אַ צווייטער צי אַ דריטער גאַס צום לערער, וואָס גיט איר אומזיסט אַ לעקציע און פאָרבעררייט זי צו אַ פירקלאַסיקן עקזאַמען, גייט זי אויך אַרופ־צו, און פון דאָרטן שנײַדן זיך נאָך צוויי גאַסן — איינע רעכטס און איינע לינקס, און פון די צוויי גאַסן קען זי שוין אַרויסקומען וווהין זי וויל...

אַז עס איז איבערגעגאַנגען אַ קורצע צײַט, און אין קרעמל, וואָס האָט זיך געפונען אויבן, אַרופ־צו, האָט זי אָנגענומען ביז פינעף גילדן, איז איר גאַנצער מוט פאַרשוווּנדן. אין קרעמל,

וואָס געפינט זיך אַפן צווייטן טראָטואַר, דורך וועלכן זי קען נאָר ווי עס איז דורכלויפן, אַז די קרעמערן פון קעגנאיבער זאָל זי נישט באַמערקן, טאָר זי נישט נעמען. דערדאָזיקער טראָטואַר איז איר איינציקער וועג, וואָס פירט זי אַרויס צום לערער און צו אַ פּאָר כאַווערטעס, וואָס וווינען אין אַנדערע גאַסן. דעם טראָטואַר מוז זי היטן ווי דאָס אויג אין קאָפּ...

און ביילקע האָט געהונגערט און זיך געהיט צו בלייבן אַ קאָ־שערע כאָטש אַף דעם איינציקן טראָטואַר. ביילקע איז אָבער צו שוואַך געווען לאַנג זיך צו ראַנגלען מיט זיך, זי איז דאָך אייגנט־לעך נאָר ניינצן יאָר אַלט, מע קען זי דערין נישט באַשולדיקן! אין אַ פינצטערן ווינטער־אָוונט, גייענדיק פון לערער אַהיים אַ הונ־געריקע, האָט זי זיך פאַרגעסן און האָט געבאָרגט אין דעם קרעמל פון איר איינציקן איבערגעבליבענעם טראָטואַר צוויי קוכן.

אַף מאָרגן, פאַרבייגייענדיק דאָס קרעמל, האָט זי מער קיין מוט נישט געהאַט אַריינצוגיין נאָך עפּעס באָרגן, כאָטש זי איז הונגע־ריק געווען, זייער הונגעריק, און אַף איבערמאָרגן האָט זי שוין זיך אַפילו געשעמט פאַרבייצוגיין אויך די קראָם פון איר איינ־ציקן איבערגעבליבענעם טראָטואַר. זי איז געבליבן אָן איין גאַס...

און זיצנדיק אין איר כיידערל ווי אַ הונגעריקע אַרעסטאַנטן, האָט זי געוואָרפן אירע בליקן דורכן פענצטער און האָט ווי גע־זוכט אַ נייע גאַס, וואָס זאָל זי צו דער פרייהייט אַרויספירן. נאָר אויסער די צוויי גאַסן, ווו זי האָט איר פרייהייט פאַרשפּילט, האָט זי קיין נייע נישט געפונען. דער הימל נאָר, האָט זי באַ־מערקט, איז ברייט און פריי; האָט נישט קיין גאַסן און קיין קרעמערן און קיין קראָמען...

# שטילע טריט

הער פינקלקרויט, באַ ווערן שוואַכמאַן, אַ ייִדישער לערער, האָט מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק באַקומען אַ לעקציע, האָט געוווינט אין די ווייַטע גאַסן פון דער גרויסער שטאָט. גייענדיק אַף דער לעקציע, פלעגט שוואַכמאַנען אויסקומען דורכצוגיין אייניקע שטילע געסעלעך, ווו ער האָט געקענט אומגעשטערט און פּרייַ באַטראַכטן זיך טיפער און ערנסטער: לעמאָשל, אַרומקוקן דעם אַלטן ראָק; איבערציילן די פּליאַמעס, וואָס דער ראָק האָט פאַרמאָגט, פּרוּוון זיך אַ לייַכטערע אָפּרייַבן מיט די גרויסע נעגל, וואָס שוואַכמאַן האָט שטענדיק געטראָגן; צוטראָגן אַ פּוס נאָענט צום אויג און זען, וואָס עס טוט זיך „דאָרטן" מיט די פּעדימלעך, וואָס שלעפּן זיך פון די אויסגעמולעטע הויזן, וועלכע פון זיי אָפּרייַסן און וועלכע פאַרבייגן, אויב ס'איז מעגלעך; אַראָפּנעמען דאָס אַלטע היטל פון קאָפּ און אַ פיר טון איבער אים מיטן אַרבל; אויסרייניקן די נאָז און אָפּווישן מיטן לינקן זייַט ראָק. מיט איין וואָרט, אָפּטון אַלע אַרבעט, וואָס זייַנען עפּשער נייטיק אויך אין די רוישנדע גאַסן, ווו עס גייען פיל מענטשן, אָבער אומעגלעך. אַז שוואַכמאַן פלעג פאַרטיק ווערן מיט דער אַרבעט, פלעגט נאָך אים בלייַבן צייַט צו באַטראַכטן דעם „עצעם זיך", צוהערן זיך צו יעדער באַוועגונג זייַנער.

און באַטראַכטנדיק מיט גרויס אופמערקזאַמקייַט דעם „עצעם זיך", — האָט ער איינמאָל, גייענדיק אין די שטילע געסלעך, באַמערקט אין זיך אַ ווילדע זאַך און ער האָט זיך שטאַרק דערשראָקן. נעמלעך, ער גייט און גייט, און די טריט זייַנע הערן זיך ניט, פּונקט ווי אַ שאָטן וואָלט זיך אומגערוקט. עפּעס לאָזט זיך קיין שום קלאַנג ניט הערן נאָך יעדן טריט זייַנעם.

ער האָט זיך געסנאַיעט וואָס שטאַרקער צו טרעטן מיט די פיס אַפן טראָטואַר, עס האָט אָבער ניט געהאָלפן: קיין קלאַנג איז נאָכן טריט ניט אַרויס.

— וואָס איז דאָס? — האָט ער מיט שרעק זיך אַליין גע־פרעגט, — צי איז באַ מיר אַלעמאָל אַזאַ שטילער טריט און איך האָב עס ניט באַמערקט, אָדער איך בין איצט שוואַך געוואָרן, איך האָב, לײַדנדיק די גאַנצע יוגנט, מײַנע קויכעס פאַרלאָרן?

ער האָט זיך געלאָזט גיין גיכער און האָט פון זיך אַליין גע־לאַכט, וואָס אַזאַ נאַרישקײַט באַאומרויִקט אים. פונוואַנען איז דאָס געדרונגען, אַז אַ טריט מוז זיך הערן, ווו שטייט עס געשריבן?

זײַן לאַכן האָט אים אָבער ניט געהאָלפן. דער פאַרלאַנג צו הערן אַ קלאַנג נאָך יעדער טריט האָט אים אינגאַנצן באַהערשט, און ער האָט געטראָטן מיט די לעצטע קויכעס, דריקנדיק די שיך אָן די שטיינער פון טראָטואַר. ער האָט די פיס הויך געהויבן און מיט אימפעט אַראָפּגעלאָזן, פונקט ווי ער וואָלט זיך די סאָלדאַ־טישע מאַרשיראָווקע געלערנט. עס האָט דאָס אים אויך ניט געהאָלפן, — קיין ווידערקאָל האָבן זײַנע טריט אַלץ ניט גע־געבן.

— אָט גייט עמעצער, מע דאַרף זיך צוהערן צו זײַנע טריט! — האָט שוואַכמאַן ווי דערפרייט זיך, דערזעענדיק פון דער ווײַטן, ווי איינער לאָזט זיך גיין קעגן אים.

דער מאַן, וואָס האָט באַדאַרפט פאַרבײַגיין, איז געווען ווײַט פון שוואַכמאַנען, און ער האָט אָנגעשטעלט אופמערקזאַם די אוי־ערן צו כאַפּן אַף ריכטיק דעם קלאַנג.

— טריק־טראָק, טריק־טראָק! — איז דער מאַן פאַרבײַגעגאַנגען, קלאַפּנדיק מיט די פיס אין שטיינערנעם טראָטואַר.

שוואַכמאַנען האָט זיך געדאַכט, אַז דער דורכגייער האָט אַף אים געקוקט מיט פאַראַכטונג, און ער איז נאָך געפאַלענער באַ זיך געוואָרן.

„אָט דאָס איז אַ טריט!" — האָט ער מיט קינע געטראַכט און מיט דאָרשטיקע בליקן באַ לייט דעם דורכגייער, פון וועלכן עס האָבן זיך נאָך געהערט די פעסטע טריט:

— טריק־טראָק, טריק טראָק!...

— עס פֿאַרשטייט זיך, אַז טריט מוז מען הערן, — האָט שוואַכ־
מאַן טרויעריק פֿאַר זיך געמורמלט. אין מויעך איז אים דורכגע־
לאָפֿן אַ שורע פֿון אַ העברעיִשן געדיכט:

„איך הער שוין די מעכטיקע טריט פֿון מײַן פֿאָלק!"

און שוואַכמאַנען האָט זיך מאָדנע פֿאַרוואָלט, אַז זײַנע טריט זאָלן אויך ווערן מעכטיק, אַז יעדער פֿאַרבײַגייער זאָל אים הערן און באַמערקן...

צוקומענדיק צום הויף, ווו פֿינקלקרויט האָט געוווינט, האָט זײַן האַרץ מעכטיק אָנגעהויבן צו קלאַפּן: „ווער ווייסט וואָס פֿאַר אַ פֿאַרענדערונג אין מיר איז פֿאָרגעקומען". אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער וועט נאָר די שוועל אַריבערטרעטן, וועט די דינסט, די ערשטע דערזעענדיק אים, אַ פּאַטש געבן מיט די הענט, אויס־גלאַנצן די אויגן און צעשרײַען זיך:

— ווײ איז מיר, אַ געשטאָרבענער לערער!

— טפֿו, — האָט ער פֿאַר שרעק אויסגעשפּיגן און מיט צי־טערנדיקע הענט האָט ער אַ צי געטון דאָס גלעקל.

די דינסט האָט אים געעפֿנט. אַרײַנגייענדיק אין קאָרידאָר, האָט ער דערפֿילט, אַז ער איז איצט בלאַסער ווי געוויינלעך. ער האָט נאַריש געקוקט אַף דער דינסט, זי האָט אַף אים צוריק גע־קוקט און געשמייכלט. אים האָט זיך געדאַכט, אַז „דאָס" איז שוין ...

ער האָט זיך געלאָזט גיין צום טאַלמיד און האָט זיך ווידער אָנגעהויבן צוהערן צו זײַנע טריט. קיין קלאַנג איז אָבער איצט אויך ניט אַרויס, און אים האָבן זיך פֿאַר שרעק די פֿיס געוויגט.

— זאָל זיך כאָטש עפּעס אַ שאָרך הערן, ריבוינע שעל אוי־לעם! — האָט ער אין דער שטיל געוויינט...

ער איז אַרײַן אין זאַל. די מאַדאַם איז געזעסן מיט אַראָפּ־געלאָזענע אויגן און האָט געלעזן אַ צײַטונג...

— יאַשע איז אין צימער? — האָט דער לערער שוואַך גע־פֿרעגט.

— אוי! — האָט זיך די מאַדאַם מיט שרעק אַ כאַפּ געטון. — ווי איר האָט מיך דערשראָקן. איך האָב גאָרניט געהערט, ווי אַזוי איר זײַט אַרײַנגעגאַנגען...

„מע הערט מיך ניט אַרײַנגײן!" — איז שוואַכמאַנען ווי אַ קויל דורכגעלאָפן איבערן קאָפּ און אים איז הייס געוואָרן...

די אורזאַך פון דעם ווילדן אומגליק איז שוואַכמאַן דער־גאַנגען באַדערנאַכט פאַרן שלאָף, ווען ער האָט די קאַמאַשן זײַנע באַטראַכט, און ער האָט זיך געוווּנדערט, ווי אַזוי האָט ער דאָס גלײַך ניט פאַרשטאַנען און ווי אַזוי האָט ער עס פריִער ניט באַמערקט: די קאַמאַשן האָבן מאַמעש ניט קיין ברעקל פּאָדעשווע און קיין ברעקל אָפּצאַס ניט. ווי אַזוי קען זיך גאָר הערן אַ קלאַנג?

די נײַע אַנטדעקונג האָט אים אַפילע אַ ביסל רויִקער געמאַכט, נאָר דער אומזיסטיקער באַטאָגיקער שרעק האָט אים די נערוון אופגערעגט, און ער האָט ניט געקענט אײַנשלאָפן. ער איז גע־לעגן מיט אָפענע אויגן צום באַלקן און געקלערט. „דער גאַנצער קויעך איז ניט אין דעם מענטשן אַליין, נאָר אין זײַנע שיך",— איז אים מיטאַמאָל אַרײַנגעפאַלן אין קאָפּ אַ געדאַנק.

און די אידייע איז אים שטאַרק געפעלן געוואָרן.

— דאָס איז גאַנץ טיף! — האָט ער גערעדט מיט זיך אַליין.— נאָכאַמאָל: דער מענטש אַליין, וואָס האָט אַזויפיל קויעך, אַזוי־פיל ענערגיִע, וואָס קיין זאַך איז פאַר אים ניט שווער, אָט דער מענטש, אָט דער כאָכעם (באַ דעם וואָרט כאָכעם האָט ער זיך פאַנאַנדערגעלאַכט), אַז ער זאָל אומגיין אָן פּאָדעשוועס און אָפּ־צאַסן, באַמערקט מען אים אַפילע ניט, הערט מען ניט ווי ער גייט — אויס מענטש!... קומט אויס, אַז דער גאַנצער קויעך פון מענטשן באַשטייט נאָר אין פּאָדעשוועס און אָפּצאַסן... אַ פײַנע זאַך!

— אייגנטלעך, איז דאָס ניט קיין גרויסער אומגליק,— האָט ער זיך ווײַטער געלאָזט אין כקירע,— פאַר אַ רובל לאָזט מען זיך מאַכן פּאָדעשוועס און אָפּצאַסן און מע ווערט ווידער אַ מענטש, און אַז מע גייט, הערן זיך די טריט: טריק־טראָק, טריק־טראָק! און דו פילסט זיך ווידער שטאַרק.

דער געדאַנק וואָלט שוואַכמאַנען אינגאַנצן פריילעך געמאַכט, ווען ער וואָלט ניט געווען קלאָר אין זײַן געלט־בײַטעלע, אין וועלכן עס זײַנען נאָר געלעגן צוויי קנעפּלעך און עפּעס אַ צעטל

פון צערקל, וואָס ער האָט נאָך אָן אַ שום נייטיקייט געהיט. וואָס אַנבעלאַנגט צו באַרע געלט, האָט דאָס געלט־בײַטעלע געדאַרפט נאָך געדולדיק וואַרטן צוויי וואָכן ביזן „ערשטן", ווען שוואַכמאַן וועט מיט אַ פריילעכן געמיט אַהין עפּעס אַף אַ טאָג צי צוויי אַרײַנלייגן.

און שוואַכמאַן האָט זיך דערמאָנט, אַז נאָך צוויי וואָכן וועט ער זיך נאָך אַזוי רוקן ווי אַ שאָטן, אומבאַמערקטערהייט אַרײַנגיין אַף דער לעקציע צו פינקלקרויטן און אַלע טאָג איבער־שרעקן די באַלעבאָסטע, און ער איז מיט אַ שווער געמיט אַנ־שלאָפן געוואָרן ערשט פיר אַזייגער.

און אים האָט זיך געכאָלעמט, אַז ער גייט ערגעץ אין אַ וויסטער גאַס איינער אַליין און קלאַפּט מיט אַלע קויכעס מיט די פיס אָן טראָטואַר, נאָר קיין שום קלאַנג גייט ניט אַרויס, און ער גייט ווײַטער און ווײַטער און אַ קאַלטער שווייס באַגיסט אים.

פּלוצלים וואַקסן פאַר זײַנע אויגן אויס אַ כעוורע קונדייסים, איינער פון זיי לויפט פאָרויס, האַלט אַ פאָר הילצערנע שיך און שרײַט:

— איי, דו, קאַפּצן! טו אָן די שיך, גיכער טו אָן, וועסט געזען ווערן!

און די כעוורע קונדייסים באַפאַלן אים, וואַרפן אים אַף דער ערד, ציִען פון אים אַראָפּ זײַנע שיך און לאַכן זיך ווילד פאַ־נאַנדער.

— אָן אָפּצאַסן, אָן פּאָדעשוועס, אַ געשטאָרבענער...

און די כעוורע קונדייסים ווערן פאַרשוווּנדן. שוואַכמאַן בלײַבט אַליין ליגן און ער פילט זײַנע פיס אָנגעטון אין שווערע היל־צערנע שיך. ער הייבט זיך קאָם אויף, שטעלט זיך אַוועק אַף די פיס און לאָזט זיך גיין, און די שטילע גאַס ווערט פאַרהילכט מיט זײַנע טריט:

— טריק־טראָק, טריק־טראָק!

אַז שוואַכמאַן איז אַף מאָרגן געגאַנגען צו פינקלקרויטן אַף דער לעקציע, האָט ער זיך ווידער צוגעהערט צו זײַנע טריט, כאָטש ער האָט געוווּסט, אַז עס איז אומזיסט זײַן האָפענונג, עס וועט זיך גאָרניט הערן.

אומגעדולדיק האָט ער אָנגעהויבן ציילן די טעג ביז צום „ערשטן", ווען ער וועט זיך לאָזן מאַכן אַ פּאָר פּאָדעשוועס מיט אָפּצאַסן און דעמאָלט וועט ער געבן טריט ווי געהעריק איז, ווי עס פּאַסט פּאַר אַ מענטשן:

— טריק־טראָק, טריק־טראָק!

און ער האָט געבענקט נאָך דעם קלאַנג...

# דער זשילעט

קײַן סאַך שטונדן האָט דאָוויד פייגין אויך ווינטער ניט געהאַט. דאָך די צוויי שטונדן, פאַר וועלכע ער האָט באַקומען פופצן רובל מאָנאַטלעך, און די עטלעכע רובל, וואָס ער פלעגט דערצו צובאָרגן באַ נאָענטע און אַמאָל באַ ווײַטע באַקאַנטע, האָבן אים געגעבן די מעגלעכקײַט צו קענען ווי עס איז עקזיסטירן אין דער גרויסער שטאָט. ווי עס איז אָבער געקומען דער ליבער זומער, וועלכן דאָוויד האָט אייגנטלעך געוואַרט, זײַנען די צוויי לעקציעס ווי פון דער וואַרעמקײַט צעגאַנגען, און דאָוויד האָט זיך די ערשטע טעג פון דעם ליבן זומער געמוזט דערנערן מיט קליינע גמילעס־כסאָדים, וואָס דער גרעסטער פון זיי איז באַשטאַנען פון צען קאָפּיקעס, און נאָכדעם פון דעם ווינטער-ראָק, וועלכן ער האָט פאַרקויפט פאַר אַ רובל, נישט קוקנדיק, וואָס ער האָט אָנהייב ווינטער פאַר אים באַצאָלט אַף דער וואָלוועלער גאַס פיר רובל.

דעם ווינטער־בעגעד האָט אָבער דאָוויד גיך אופגעגעסן, כאָטש ער האָט זייער געקאַרגט, קעגן זײַן כאַראַקטער; באָרגן איז אַלץ געוואָרן זעלטענער ווי צו קריגן, און ער האָט אָנגעהויבן באַטראַכטן זיך פון קאָפּ ביז די פיס — וואָס קען ער נאָך פאַרקויפן? נאָר ער האָט גאָרנישט געהאַט. אין אַמעריקע, האָט ער געהערט, גייט מען זומער אָן רעק. אַמעריקע איז אָבער אַ לאַנד פון כאָכמע און פון פרײַהײַט. דאָ וועט מען אים נאָכלויפן, ווען מ׳עט אים באַגעגענען אין גאַס אָן אַ ראָק. און אָפּטמאָל פלעגט זיך אים וועלן אַ שטאַרקער ווערן, פאַרקויפן דעם ראָק און אויסלאַכן זיך פון דער גאַנצער וועלט. האָט די וועלט ניט קײַן ברויט פאַר אַלעמען, דאַרף זי קיין ראָק אויך ניט האָבן!... באַלד אָבער

פלעגט אַ צווייטע, מער העכערע אידייע אָפּשלאָגן די ערשטע: דו נאַר, ווען דו ביסט אַזוי שטאַרק צו שטעלן זיך קעגן דער גאַנצער וועלט מיט אַזוינע שטאַרקע אָרדענונגען און גיין אָן אַ ראָק אין גאַס, קענסטו דײַן שטאַרקײַט אַף אַנדערע זאַכן באַנוצן, און דעמאָלט וועסטו אַפּילע אַ פראַק האָבן און אַ צילינדער האָבן... און דאָוויד פייגין האָט נאָך אַסאַך פילאָזאָפירן און גריבלעניש אײַנגעפונען, אַז די צווייטע אידייע איז מער גרינטלעך, מער נײַ און מער טרויעריק; און מיט אַ זיפץ האָט ער זיך געמוזט געזעגענען מיט דעם געדאַנק צו פאַרקויפן זײַן ראָק, מיט אַזא זיפץ, וואָס מע קען נאָר הערן פון יענע מענטשן, וועלכע זײַנען זיך מעיאַעש פון אַ העכסטן גליק און האָפן שוין מער ניט.

און אַז ער פלעגט אינדערפרי, ליגנדיק אין בעט, פאַר וועלכער ער האָט געצאָלט צען גילדן אַ כוידעש און איז געווען שולדיק פאַר איר דרײַ רובל דער באַלעבאָסטע, וואָס האָט אים פאַר ראַכמאָנעס דערלויבט צו וווינען אין באָרג ביז די צײַטן וועלן זיך פאַרבעסערן, — אינדערפרי ליגנדיק אין בעט און הערנדיק די מוזיק „האַנדל", „האַנדל", וואָס האָט אָפּגעקלונגען איבערן הויף, ווי אַן עכאָ: „ברויט", „ברויט", האָט דאָוויד פייגין נאָך אַלץ זיך געגריבלט אין געדאַנק און געזוכט: וואָס קאָן מען עפּעס פאַרקויפן און האָבן אַף אָנבײַסן? פון פיל קלערן פלעגן זיך באַ אים די געדאַנקען נעמען מישן און אין קאָפּ פלעגט אים בליצן: דעם ראָק... הויזן... שיך... דאָס העמד... די שויב... און דאַן פלעגט ער אײַנגראָבן דעם קאָפּ אין דער שוואַרצער קישן און ליגן פאַרצווייפלט, ביז דער הענדלער פלעגט ענדיקן זײַן פרימאָרגן־קאָנצערט פאַר דעם הויף.

נאָר באַלד איז אַ צווייטער הענדלער אָנגעקומען, — אַ צווייטער זינגער — און מיט אַ קאָל פון אַן עכטן כאַזן, וואָס האָט פייגינען זײַן היים דערמאָנט, ווידער אָנגעהויבן זײַן קאָנצערט געבן, וואָס אויסער פייגינען האָט קיינעם ניט גערירט, און פייגין האָט ווידער זיך גענומען גריבלען: וואָס פאַרקויפט מען? ביז אים איז איינמאָל אײַנגעפאַלן — דעם זשילעט פאַרקויפן...

— האַנדל! האַנדל! — האָט געקלונגען איבערן הויף.

— זשילעט! זשילעט! — האָט אָפּגעקלונגען אַ באַסקאָל באַ פּיי־
גינען אין געדאַנק.
דאָך קען זיך פּייגין ניט אַזוי גיך באַשליסן צו טון אַזאַ זאַך.
דרײַ טאָג וויגט ער זיך אַהין און אַהער, — צי קען מען אויסקו־
מען אָן אַ זשילעט, צי ניט? געדענקען געדענקט ער, אַז זײַנער
אַ פֿעטער איז שטענדיק געגאַנגען אָן אַ זשילעט. נאָר זײַן פֿעטער,
פֿלעגט ער זיך צוריק דערמאָנען, איז געווען אַ מעלאַמעד, האָט
אַף דער וועלט געקוקט גאָר פֿון אַן אַנדער שטאַנדפּונקט: די
וועלט איז נאָר אַ פּאָרהויז. ער אָבער, פּייגין, האַלט יאָ פֿון דער
וועלט. פֿאַרקערט — דער איקער איז טאַקע די־וועלט. האַלעווײַ
וואָלט ער נאָר געקענט, וואָלט ער זיך געפּוצט נאָר אין פּאָרהויז.
בלײַבט אים נאָך די פֿראַגע צו פֿאַרענטפֿערן: צי קען מען נאָך
זײַן אַ מענטש, ווען מע גייט אום אָן אַ זשילעט? ער איז שוין
אַלט פֿינף און צוואַנציק יאָר און האָט נאָך ניט געזעען גיין אַ מענטשן
אָן אַ זשילעט, סײַדן יענע, וואָס די וועלט האָט זיי אויסגעשלאָסן,
אַרויסגעוואָרפֿן און צוגעטראָטן מיט דער פֿוס. דאָס איז אַ סאַקאָנע!
פּייגין האָט מוירע דערפֿאַר. ער וויל זיך נאָך ראַנגלען און דער־
שלאָגן זיך צו עפּעס. ער האָט נאָך אייגנטלעך האָפֿענונגען: פֿאַר־
ליבן זיך אין אַ מיידל, מיט אומעטיקע בליקן, מיט בלאַסע באַקן
און מיט „רעדער" אונטער די אויגן. ער וועט זיך מיט איר קיינ־
מאָל ניט שיידן. און אים דאַכט זיך, אַז ווי ער פֿאַרקויפֿט דעם
זשילעט, וועט אים שוין די וועלט אויסשליסן, אַרויסוואַרפֿן און
צעטרעטן. אויס דאָוויד פּייגין! ער האָט שוין קיין זשילעט און
פֿון אים וועט גאָרנישט ווערן.
און ווידער קומען צו גיין געדאַנקען און מאַכן אַ פּשאָרע:
עמעס טאַקע, אָן אַ זשילעט איז ניט אַזוי מענטשלעך. דער שטיי־
גער פֿון דער וועלט איז, אַז יעדער מענטש מוז זײַן געקליידעט
אין הויזן, ראָק, זשילעט. נאָר ווער דאַרף עס וויסן, אַז דאָוויד
פּייגין, אַן אָרעמער לערער, וואָס גייט שוין אום אַ כוידעש אַ
הונגעריקער, גייט אום אָן אַ זשילעט? דערויף האָבן דאָך די
אַמאָליקע מענטשן סייכל געהאַט, צי זיי האָבן בינעווויע געזעען,
אַז עס וועלן אָנקומען אַף דער וועלט שווערע צײַטן, און לערער
וועלן אָן אוראָקן בלײַבן און זיי וועלן נעבעך מוזן פֿון זיך די

זשילעטן פֿאַרקויפֿן, האָבן זיי דעריבער מעסאָקן געוועון קנעפּ — קנעפּ פֿאַרשטעלן אַלץ. בלײַבט נאָר איין כיסאָרן: דאָוויד פּייגין איז אַ מענטש אַ צעטראָגענער, אַ פֿאַרטראַכטער; האָט ער ניט וואָס צו עסן, — איז ער צעטראָגן וועגן עסן; טאָמער שיקט אים שוין גאָט צו וואָס צו עסן און ער ווערט זאַט אַף אַ ווײַלע, הייבט ער אָן קלערן וועגן ליבע, וועגן פֿרויען און וועגן אַנדערע גוטע זאַכן, וואָס זײַנען דאָ אַף דער וועלט, ווי לײַט זאָגן און ווי אין ביכער שטייט. און דעמאָלט קען זיך דער ראָק אָפּשפּילען און די גאַנצע וועלט דערוויסט זיך וועגן דעם שרעקלעכן סאָד, אַז דאָוויד פּייגין גייט אָן אַ זשילעט.

און די לעצטע האַשאָרע האָט דאָווידן אָפּגעהאַלטן. נעמען אַף זיך די אַכראַיעס צו גיין שטענדיק פֿאַרשפּילעט האָט ער מוירע, מע דאַרף דערצו זײַן זייער אַ רויִקער מענטש, אַ באַזאָרגטער פֿון אַלע זײַטן, האָבן שטענדיק וואָס צו עסן, וואָס צו טרינקען און וועגן קיין זאַך ניט קלערן. און צוריק דערמאַנט זיך דאָוויד פּייגין, אַז אין די הייסע טעג האָט ער באַגעגנט עטלעכע יונגע־לײַט אָן זשילעטן און אין פֿאַנאַנדערגעשפּילעטע רעק, און דאַפּקע פֿון די גרויסע פּראַנטן. עמעס, זיי טראָגן ספּעציִעל אַזוינע העמדלעך. די הויזן זײַנען ספּעציִעל פֿאַרגאַרטלט מיט אַזאַ מין ברייטן גאַרטל, — ער אָבער קאָן ניט שטאָלצירן מיט דער קלאָרקײַט פֿון זײַן העמד און מיט דעם גאַרטל. זײַן העמד און אַפֿילע די „ווײַסע“ מאַנישקע האָבן געמוזט האָבן אַזאַ מין זשילעט, וואָס זאָל זיך פֿאַרשפּילען ביז אַרויף מיט קנעפּ. וואָס אָנבאַטרעפֿט זײַן גאַרטל, באַשטייט ער אינגאַנצן פֿון אַ דין שטריקעלע, מיט וועלכן ס׳האָט זיך שוין עטלעכע סיבעס געטראָפֿן און האָט שטענדיק געפּלאַצט אין גאַס, און דאָוויד פּייגין פֿלעגט מיט שרעק דורכלויפֿן די רוישנדע גאַס און אַרײַנכאַפּן זיך ערגעץ אין אַ שטילן הויף, ווו ער האָט געמוזט אַ רעפּאַראַציִע מאַכן, און איבער דעם איז דאָס שטריקעלע אין עטלעכע קניפּלעך און איז דערפֿאַר די לעצטע צײַט געוווּג שטאַרק.

אָבער קיין גרויסער גוואַלד קעגן דער וועלט צו גיין זומער אָן אַ זשילעט איז שוין ניט, וויבאַלד ער געדענקט אַליין, אַז ער האָט באַגעגנט אַזעלעכס. ער וועט טאַקע גיין דעם ראָק

שטענדיק פאַרשפּילעט, ער וועט זיך ווי ווייַט מעגלעך איז היטן, נאָר טאָמער וועט זיך אַמאָל טרעפן פּאָרט אַ סיבע, אַ מענטש איז דאָך ניט קיין מאַלעך, איז אויך ניט קיין גרויסע סאַקאָנע, וויבאַלד עס געפינען זיך מענטשן, וואָס גייען אַזוי, און דאַפקע פראַנטן.

און דאָוויד פייגין באַשליסט אם ענדע צו פאַרקויפן זיין זשילעט.

באַשליסן איז גרינג. ווי אַזוי אָבער פירט מען דורך אַזאַ פּלאַן? דער זשילעט איז טאַקע זיינער אַן אייגענער, ער האָט רעכט צו טראָגן אים פראַנק און פריי איבער דער גאַס און אַפילע אויס־שרייַען: „ווער קויפט אַ זשילעט!״ ביפראַט אַרייַנרופן אַ הענד־לער אין שטוב, וואָס דאָס איז געוויס קיין סאַקאָנע ניט. עס איז אָבער אַ מוירע פאַר דער באַלעבאָסטע, וועלכע וועט ווער ווייסט ווי פאַרוווּנדערט אים אָנקוקן, דערזעענדיק וואָס ער וויל פאַרקויפן. וואָרעם נאָך אַלע האַשאָרעס און נאָך אַלע קולאָס און נאָך אַלע העכשיירים, וואָס פייגין געפינט, אַז מע קען יאָ דעם זשילעט פאַרקויפן, האָט ער פאָרט מוירע, אַז די אידייע איז צו שטאַרק, צו ראַדיקאַל. עפּעס האָט ער פאָרט קיינמאָל ניט געהערט, אַז אַ מענטש זאָל אַ זשילעט פאַרקויפן... ניט האָבן לעכאַטכילע קיין זשילעט טרעפט יאָ, אָבער אַז מע האָט שוין יאָ און פאַרקויפן זי, קען זיין איז עפּשער זייער ווילד, און אי די באַלע־באָסטע, אי די הענדלער, וואָס ווילן אַפילע יאָ קויפן, וועלן אים פאַר אַ מעשוגענעם באַטראַכטן, און דעמאָלט איז אויס אַלע זיינע האָפענונגען!...

דער געדאַנק וואַרפט אים אַריין אין אַ יאַם שרעק און זיין נעשאָמע טרינקט זיך. פאַר מעשוגע ווערן ציטערט ער זיין גאַנץ לעבן, ד. ה. זינט ער איז צו זיין סייכל געקומען... און ווען ער זעט אין גאַס אַ מעשוגענעם, באַגלייט פון קינדער און גרויסע נאַרן, פילט ער, אַז ער פאַלט פאַר שרעק און פאַר קאַס, און דער שרעק לאָזט אים קיינמאָל ניט פאַרטיידיקן דעם אומגליקלעכן מעשוגענעם פון דער ווילדער באַנדע און אַרופאַלן אַף זיי מיט קלעפּ און קוילעס: איר זייט אַליין מעשוגאָים, וואָס לויפט איר נאָך? אים דאַכט זיך דעמאָלט, אַז די ווילדע באַנדע וועט לאָזן יענעם און זיך נעמען צו אים.

בלײַבט שוין באַ פײגינען, אַז ער וועט ניט פאַרקויפן, און זאָלן הונדערטער הענדלער זינגען פאַר איין מאָל: „האַנדל", „האַנדל" און זאָל זײַן הונגער זיך פאַרשטאַרקן נאָך מער, זאָל דער הונגער נאָך מער נאָגן, צופּן — זאָל אַפילו דעם טויט ברענגען — דעם זשילעט פאַרקויפט ער נישט.

ניט נאָר ער פאַרקויפט נישט, ער פאַרגעסט זיך אַפילו, אַז עס עקזיסטירט אַף דער וועלט אַזאַ מין בעגעד, וואָס הייסט מיט דעם נאָמען „זשילעט". ער וועט זיך אָנטון, אַרויסגיין אין גאַס און קריגן עפּשער ווו באָרגן עטלעכע קאָפּיקעס. די וועלט איז נאָך ניט אַזוי שלעכט, ווי ער מיינט. ער איז פאַר צאָרעס און הונגער די לעצטע צײַט מיזאַנטראָפּיש געשטימט. עס איז אָבער פאַלש, פאַראַן גוטע מענטשן אויך. מע דאַרף נאָר גלויבן!

און דאָוויד פײגין שטאַרקט זיך צו גלויבן און גייט אַרויס אין גאַס.

נאָר דער גערויש און גערודער פון גאַס פון איין זײַט, דער הונגער פון דער צווייטער זײַט — האַרגעט זײַן גלויבן און ער ווייסט ניט צו וועמען צו ווענדן זיך, און דער געדאַנק צו פאַרקויפן דעם זשילעט קומט צו אים ווידער. ער קערט זיך אום צוריק אַף זײַן קוואַרטיר און בלײַבט שטיין אינמיטן שטוב, ניט ווּיסנדיק וואָס צו זאָגן. די באַלעבאָסטע, וועלכע איז איינע אַליין אין שטוב, קוקט אַף אים און דריקט מיט די פּלייצעס.

אַפן הויף זינגט אַ הענדלער.

— אָבער אַ גאַנצן טאָג גייען זיי אום! — אַ גאַנצן טאָג! — ווענדעט ער זיך פּלוצים צו דער באַלעבאָסטע און זײַן שטים ציטערט.

— ווער? — פרעגט די באַלעבאָסטע.

— איך מיין די הענדלער, — ענטפערט פײגין און קוקט אַף איר און וויל הערן איר מיינונג וועגן הענדלער ביכלאַל.

— נו, וואָס זאָלן זיי טון? — ענטפערט די באַלעבאָסטע.

— מיר איז אַ כידעש, וואָס זיי שרײַען און קיינער פאַרקויפט זיי גאָרנישט, — אַזאַ הויף!

— וואָס זאָל מען זיי פאַרקויפן? — זאָגט די באַלעבאָסטע קאַלט — אין אַ באַלעבאַטישקײַט קומט אַלץ צונויף.

— נו, אַמאָל מאַכט זיך אַלטוואַרג, אַ פּאָר הויזן, אַ זשילעט...
— אַ זשילעט? — פאַרוווּנדערט זי זיך.
פייגין ווערט דערשראָקן און בלײַבט שטום.
די באַלעבאָסטע נעמט זיך צו אַ טעפּל וואַשן, אַ נײַער הענדלער מיט אַ גראָב קאָל זינגט: „האַנדל", האַנדל!"...
באַ פייגינען מישט זיך אין מויעך, אין די אויגן פינטלט און די צוויי פענצטער מיט די זעכצן שויבן טאַנצן עפּעס אַ ווילדן טאַנץ. פייגין, אונטער דער מוזיק פון הענדלער אַפן הויף, הייבט אויך אָן צו טאַנצן, ער פרוווט זיך אָנשפּאַרן אָן דער וואַנט, נאָר די וואַנט רוקט זיך אָפּ פון אים און אָט־אָט פאַלט פייגין אום — — —
אַפן הויף זינגט דער הענדלער...

# די פאַרצווייפלונג

די יונגע צוואַנציקיעריקע בערטע, וואָס האָט אין שטעטל, פונ־וואַנען זי איז געקומען, געהייסןביילקע, און וואָס דערנערט זיך פון לעקציעס, לעבנדיק אַליין אין דער גרויסער שטאָט, גייט אום הין און צוריק איבערן קליינעם צימערל, אַפּן דריטן שטאָק, און קען זיך נישט באַרויִקן.

זי איז אַ „באַלכויווו".

שולדיק איז זי אַליין, נאָענטע באַקאַנטע און ווייטע. אייערנעכטן האָט זי געליִען גאָר בײַ אַ ווילד־פרעמדן יונגנמאַן. זי האָט אים נאָר איין מאָל געזען... געליִען האָט זי בײַ אים דערפאַר, ווײַל ער האָט געטראָגן אַ שיינעם מאַנטל און האָט רויִק געשמייכלט.

— לײַט מיר דרײַ רובל! — האָט זיך בײַ איר אַרויסגעריסן פון מויל.

זי האָט באַלד כאַראָטע געהאַט. עס איז איר געוואָרן הייס אין קאָפּ, און שיר־שיר האָט זי זיך צוריק נישט אַרויסגעכאַפּט: „איך לאַך דאָס!" אַז דער יונגערמאַן אָבער האָט גלײַך אַרויס־גענומען פון טאַש דרײַ שווערע זילבערנע רובל און איר איבער־געגעבן, האָט זי געזאָגט:

— איבערמאָרגן, העכסטנס זונטיק, באַקומט איר אײַער געלט צוריק!

זי איז באַלד אַהיים געלאָפן און געוואָרפן זיך אַפּן בעט; זי האָט זיך שטאַרק צעוויינט און זיך געמוסערט. „וואָס האָב איך געטון! מיִעס געמאַכט זיך... ווי מיר, ווי מיר!..."

שפּעטער אָבער, אַז די באַלעבאָסטע פון צימערל איז אַריַינ־געקומען און געפּרעגט:

— נו, פריַילן, איר האָט דאָס געלט? — איז זי אופגעשפרונ־גען און האָט איר דערלאַנגט די דריַי שווערע זילבערנע רובל נאָך מיט אַ פּאַרוויינט, נאָר אַ שטאָלץ פּאָנעם און האָט צוגע־ברומט:

— נו, וואָס האָט איר אַזוי מוירע געהאַט?...

— מוירע? — האָט די באַלעבאָסטע שוין אַ גוטמוטיקע גע־שמייכלט, — וואָלט איך דאָס פאַרמאָגן, וואָס איך וואָלט איַיך גע־טרויט. איך וייס דען נישט, אַז איר זיַינט „קוראַנט". מע דאַרף אָבער האָבן! אָט איז דער ווירט פון הויז שוין דריַי מאָל געווען.

אַצינד גייט זי אום הין און צוריק און קלערט, וואָס מע טוט נאָך מיט דער קרעמערן? צוועלף רובל איז זי איר שולדיק... די קרעמערן האָט נעכטן פאַר איר געוויינט: „אַ פוסטע קראָם האָט איר מיר געמאַכט, גאַזלענטע... איך בין אַן אַלמאָנע מיט קליינע קינדער..."

און דער קרעמערנס וויינענדיקע שטימע, איר שנייַצן די נאָז און דער גאַנצער קרעמערשער היילעך קענען איר פון קאָפּ נישט אַרויס.

און ביילקע דערמאָנט זיך, ווי אַזוי מיט אַ פאַרשטיקט קאָל פון טרערן האָט זי זיך געבעטן:

— מאָרגן, כּייַקעלע, מאָרגן גיב איך איַיך!

— געוויס? — האָט די קרעמערן געפרעגט.

— געוויס! געוויס! — האָט זי איר פאַרזיכערט...

און וואָס וועט זי איר היַינט געבן?...

מיד, פאַרמאַטערט און הונגעריק, האָט זי זיך צוריק געוואָרפן אַפן בעט און אַריַינגעגראָבן דעם קאָפּ אין קישן און ווייַטער געוויינט...

די טרערן האָבן איר לייַכטער געמאַכט. זי האָט זיך אופגע־הויבן, אופגעשטעלט, צוגעגאַנגען צום פענצטער. דרויסן האָט זיך אופגעהויבן אַ שטורעם. זי איז געבליבן שטיין פאַרטראַכט, אָן געדאַנקען. אין דרויסן האָט דער שטורעם זיך געשטארקט און אָנגעהויבן ריַיסן דעם דאַך. זי רוקט זיך צוריק אָפּ פון פענצטער

און שפּרײַזט װײַטער הין און צוריק איבערן צימער. דער קרע־מערנס געשטאַלט שװעבט איר פֿאַר די אויגן, און דאָס ברומען פֿון שטאַרקן װינט בײזערט זיך אַף איר, דראָט...

עס פֿאַלט איר אײַן, אַז אַזאַ שטורעם־װינט קען איבערקערן דאָס הויז... אַלע הײַזער... זי טראַכט: װען ער שטאַרקט זיך, קערט ער איבער די װעלט... עס װאָלט געװען אויס קרעמערן, אויס כּיװועס.

נאָר דער װינט ברומט, װאָיעט, דראָט, אָבער ער קלערט גאָר נישט איבערצוקערן אַ װעלט...

— װאָלט ער כאָטש די שויבן אויסגעהאַקט! — פֿאַלט איר אײַן ...

זי שטעלט זיך פֿאָר: דער װינט האָט אויסגעהאַקט די שויבן. אַ גאַנצע נאַכט פֿרירט זי און װערט עפּשער קראַנק. אינדערפֿרי קומט די אַלמאָנע. „נו, פֿרײַלן, איר האָט?"—און זי ענטפֿערט איר: „קוקט נאָר אין פֿענצטער אַרײַן!" די אַלמאָנע קוקט און פֿרעגט: „װאָס?" — „דער װינט", ענטפֿערט זי, „האָט אויסגעהאַקט"... — „אָװאַ!"—מאַכט די אַלמאָנע און פֿאַרגעסט אַ װײַלע אָן כּיװוו. דערנאָך דערמאָנט זי זיך און עפֿנט דאָס מויל און װיל װײַטער מאָנען, נאָר ביילקע זאָגט איר: „און אַ גאַנצע נאַכט האָט ער געריסן, דער שטורעם, אַרײַנגעבלאָזן האָט ער אַ קעלט... איך האָב מיך שטאַרק פֿאַרקילט... אַ גאַנצע נאַכט האָב איך געצי־טערט... עס װעט זײַן אַ קרענק, עפּשער אַ לונגן־אָנצינדונג"... און די אַלמאָנע װערט דערשראָקן און שװײַגט.

און בערטע שטעלט זיך אָפּ אַ װײַלע, גייט דערנאָך צו צום פֿענצטער, האַקט אויס אַליין צװיי שויבן און מורמלט װי מעשוגע:

— דער װינט, דער װינט! אַך, ס'אַראַ שטורעם!

# דער ליגן

פרידמאַן, אַ יונגער מענטש פון אַ יאָר פינף און צוואַנציק, אַ לערער, איז געגאַנגען פון זײַן לעצטער לעקציאָן, וואָס ער האָט געהאַט ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן שטיל געסל, און האָט געהאַט בעדייע אַרײַנגיין אין דער נאָענטער קאַפע־הויז עסן אָוונט־ברויט און דורכלעזן, ווי זײַן שטייגער איז, די טעגלעכע בלעטער, וואָס געפינען זיך אין דעם קאַפע־הויז. איידער ער איז דערגאנגען ביז צום קאַפע־הויז, האָט ער דערפילט אַ ריר פאַרן פּלייצע, ער האָט זיך אומגעקוקט און פאַר אים איז געשטאַנען זײַן בלייכער כאַווער זעלדין.

— ווהין גייסטו ?—האָט פרידמאַן אים געפרעגט, באַטראַכטנדיק אים פון קאָפּ ביז די פיס.

— איך גיי — איך... איך מוז האָבן אַ רובל...—ער האָט זיך אָפּגעהאַקט, ווי אים וואָלט אָטעם פאַרפעלט, און האָט באַלד ווי דערשראָקן צוגעגעבן :

— לײַ מיר, פרידמאַן, אַ רובל... איך מוז האָבן...

פרידמאַן האָט ווי מאַשינאַל אַרײַנגערוקט די האַנט אין טאַש, ווו ער האָט אָנגעטאַפּט דעם איינציקן זילבערנעם רובל, וואָס איז דאָרט געלעגן, און האָט געשווינד אַרויסגערעדט :

— איך האָב ניט, אַף נעמאָנעס !

— אומגליקלעך ! — האָט זעלדין שמערצלעך פאַרקרימט דאָס געזיכט, — איך ווין אַף אַ קוואַרטיר, ווו ס'איז אַ דאַלעס — זאָל דער אייבערשטער זיך מעראַכעם זײַן, און איך קום נאָך דאָרט אַ רובל צום כוידעש... שוין דרײַ טעג, אַז איך פיר זיי, איך וועל גאָר ניט קענען גיין אַהיים הײַנט נעכטיקן אָן אַ רובל... כאָטש נעכטיק אַף דער גאַס.

„איך האָב געדאַרפט לײַען דעם רובל — אַ ראַכמאָנעס" — האָט פרידמאַן שוין כאַראָטע געהאַט. ער האָט עס אָבער ניט גע־קענט פאַרכאַפּן און האָט זיך געלאָזט גײן, ניט װיסנדיק װוהין. זעלדין איז אים נאָכגעגאַנגען.

דאָס קאַפע־הויז זײַנען זײ שוין איבערגעגאַנגען, און פרידמאַן האָט ניט געװוּסט, װי אַזוי זיך אָפּצוטשעפּען פון זײַן כאַװער, אַף װעלכן ער האָט זײער ראַכמאָנעס געהאַט...

— אומגליקלעך! אומגליקלעך! — האָט זעלדין אַלץ געכאַזערט, פּונקט װי די צװײ װערטער כאַזערן איז געװען אַ מין סגולע צו קריגן דעם נײטיקן רובל.

פרידמאַנען האָט דער פאַרצװײפלטער טאָן געקלאַפּט װי מיט אַ האַמער איבערן קאָפּ און ער איז געװען אין קאַס אַף זיך און אַפן כאַװער.

— װײסט גאָר װאָס? — האָט פּלוצלינג זעלדין אויסגעשריִען, — איך װעל הײַנט גײן נעכטיקן צו דיר... איך קען ניט גײן אַף דער סטאַנציִע... איך קען ניט!...

פרידמאַן האָט אַ קוק געטון אַף זײַן כאַװער און האָט געזען, װי זײַן פּאָנעם איז פאַרקנײטשט און די אויגן פאַרצװײפלט און זוכן הילף, ניט האָפנדיק צו געפינען עס. ער, פרידמאַן, קען אים איצט העלפן, ער דאַרף נאָר אָפּזשאַלעװען דעם רובל, װעלכער איז אים אַפילע זײער נײטיק, און אָפּשעמען זיך און זאָגן, אַז ער האָט יאָ אַ רובל. און ער האָט נאָך אַ קורצער מילכאָמע מיט זיך אַלײן שוין געעפנט דאָס מויל און געװאָלט אויסרופן: נאַ דיר דעם רובל. נאָר אין מויעך האָט עפּעס אַ בליץ געטון אַ שטיקל רײַען און ער האָט געזאָגט:

— קום צו מיר נעכטיקן... מיטן גרעסטן פאַרגעניגן. מיר װעלן שלאָפן בײדע.

זעלדינס געזיכט איז װי בלאַסער געװאָרן, זײַנע אויגן האָבן זיך װי אויסגעלײַטערט. און פילנדיק זיך דערגרינגערט, װי אײנער, װאָס האָט אַראָפּגעװאָרפן פון זיך אַ שװערע מאַסע, האָט ער זיך צערעדט:

— צום שװאַרץ יאָר! װי עס קומט אָן שװער דירע־געלט! עסן האָט מיר קײנמאָל ניט אַזוי געדריקט װי דאָס נעכטיקן. זינט

איך בין דאָ אין דער גרויסער שטאָט, פיל איך מיך עפּעס ווי אַ בראָדיאַגע, וואָס איז ניט זיכער, אַז ער וועט באַנאַכט האָבן ווו דעם קאָפּ אַנידערצולייגן.

פרידמאַן האָט דערויף גאָרניט געענטפערט, ער האָט נאָר גע־האַלטן די האַנט אין טאַש און געכאַזערט אין געדאַנק, אַז „ער האָט ניט", ער זאָל כאָלילע ניט פאַרגעסן און זיך אַרויסכאַפּן מיט אַ וואָרט... און אָנרירנדיק דעם רובל מיט די שפּיצן פינגער, פלעג זיך אים דאַכטן, אַז ער האַלט עפּעס אַ שמוציקע זאַך, וואָס פאַרפלעקט אים אַף אייביק, און ער פלעג די האַנט מיט שרעק אַרויסכאַפּן און באַשליסן, ער זאָל שוין מער די האַנט צוריק ניט אַרײַנלייגן אין טאַש, פאַרגעסן אָן גאַנצן רובל. אַז זעלדין פלעגט אָבער אָנהייבן ריידן וועגן נויט, פלעגט ער, ווי זיך אַליין צו רייצן, ווידער אַרײַנלייגן די האַנט אין טאַש, און אים פלעגט זיך דאַכטן, אַז אָט באַלד פאַרגעסט ער זיך און כאַפּט אַרויס דעם רובל, און זעלדין דערזעט עס, — און עס פלעגט אים באַפאַלן אַ שרעק.

— אָט אַזוי איז דאָס! — האָט זעלדין אויסגערופן ווי צופרידן, וואָס ער האָט ענדלעך געפונען אַ מאָקעם־מיקלעט אַף הײַנטיקער נאַכט, אַרײַנקומענדיק צו פרידמאַנען אין צימערל.

— יאָ, יאָ! — האָט פרידמאַן ווי פאַרטראַכט נאָכגעגעבן...

ער האָט די האַנט ווידער אַרײַנגעלייגט אין טאַש און, ניט גלויבנ־דיק זיך אַליין, אַז ער וועט האָבן קויעך זיך אײַנהאַלטן און ניט אַרויסכאַפּן פון טאַש דעם רובל, האָט ער אים שטילערהייט פאַר־קוועטשנדיק אין האַנט, אַרויסגענומען פון טאַש און אין דער פינצטער, איידער ער האָט אַ ליכט אין צימער אָנגעצונדן, דעם רובל אַרײַנגעלייגט אין שוך...

נאָך דער אָפּעראַציִע איז אים ווי א שטיין פון האַרצן אראָפּ. איצטער איז ער זיכער, אז ער וועט זיך ניט אַרויסכאַפּן מיטן רובל, אין קאַמאַש וועט ער ניט קריכן אַלע ווײַלע, ווי אין טאַש. ער איז פריילעכער געוואָרן, האָט אַ פּאַטש געטון זעלדינען איבער דער פּלייצע און האָט געזאָגט:

— ניט געזאָרגט, זעלדין! עס וועט נאָך זײַן גוט אויך, די וועלט איז נאָך א וועלט.

זעלדין, וועלכער האָט שוין לאַנג ניט געהערט קיין פריילעך וואָרט פון זײַנע כאַווײרים, איז עפּעס ווי ע טאָלצער געוואָרן, האָט זיך אויסגעגלײַכט און, גייענדיק הין און צוריק איבערן צימערל, האָט ער געענטפערט:

— גלויב מיר, ברודער, אַז איך זאָרג גאָר ניט. וואָס איז געלט? בלאָטע! מיר האָבן אידעאַלן!

— וואָס דען?—האָט פרידמאַן נאָכגעגעבן — געלט איז נאַריש־קײַט, מיט געלט לעבט מען ניט...

— מע דאַרף געוויינלעך האָבן צום לעבן,—האָט זעלדין זיך קענטיק דערמאָנט אָן דעם דירע־געלט — אָבער ניט דאָס איז דער איקער.

— דער איקער איז דער מענטש!—האָט פרידמאַן מיט שטאָלץ צוגעגעבן — מיר זײַנען ריינע מענטשן...

זעלדין האָט זיך געפילט אינגאַנצן באַרויִקט. אין דער עמעסן, וואָס איז אים אַזוי שלעכט? ער געפינט זיך אין אַ קליין אָרעם צימערל צוזאמען מיט אַ כאַווער, וואָס פאַרשטייט אים, וואָס פילט מיט און וואָס איז ערלעך און גוטהערציק.

ער האָט זיך צוגעלייגט אַף פרידמאַנס בעטל און האָט זיך פאַרטראַכט. א זיסע מידקײַט האָט זיך געגאָסן איבער אַלע זײַנע גלידער, ער האָט פאַרגעסן דאָס דירע־געלט, די אָרעמע באַלעבאָסטע, זײַן צעבראָכן אײַזן בעטל מיט דעם ברודיקן בעטגעוואַנט אין ווינקל צו דער נאַסער וואַנט. ער האָט זיך געפילט ווי אַמאָל יינגלווײַז אינדערהיים, קומענדיק באַ דער נאַכט פון כיידער...

— דו וועסט עפּשער עפּעס אַ ביס טון?—האָט אים פרידמאַן געפרעגט?

— דו האָסט דען וואָס?—האָט זיך זעלדין פאַרוווּנדערט.

— יאָ, איך האָב פון דער פרי אַ פּאָר זעמל, טיי און צוקער געפינט זיך באַ מיר שטענדיק. אַ מאַשינקעלע האָב איך אויך.

— ביסט דאָך גאָר אַ בורזשוי,—האָט זעלדין געלאַכט, אָנ־קוועלנדיק פון זײַן גוטן כאַווער.

אין אַ האַלבער שאָ אַרום האָבן די כאַווײרים אָפּגעגעסן און אָפּגעטרונקען טיי און האָבן זיך צוגעקליבן גיין שלאָפן.

פרידמאַן, פאַרגעסנדיק אָן גאַנצן רובל, האָט גענומען אַראָפּ־ציִען די שיך, רעדנדיק מיט זעלדינען.

פלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ קלונג.

— אוי, אַ רובל! — האָט זעלדין ווי מיט סימכע אויסגעשריִען.

פרידמאַן האָט אַ ציטער געטון און איז שיר ניט אומגעפאַלן.

באַמערקנדיק פרידמאַנס שרעק, איז זעלדין צו זיך געקומען, דערמאַנט זיך אָן פרידמאַנס אַנטזאָגונג און האָט אַראָפּגעלאָזן די אויגן און זיי ניט געקענט אופהייבן...

— ווי קומט צו מיר אַ רובל?... האָט פרידמאַן קאַם געקענט אַרויסריידן....

— עס פאַרוואַלגערט זיך אַמאָל... — האָט זעלדין ווי פאַרשולדיקט געענטפערט.

— איך ווייס גאָר ניט... — האָט פרידמאַן געשטאַמלט און האָט דעם רובל ניט אופגעהויבן.

אין צימערל האָט אַ דריקנדיקע שטילקייט געהערשט.

— כע־כע־כע... — האָט פלוצלינג זעלדין ווי היסטעריש זיך פאַנאַנדערגעלאַכט, אַ קוק טוענדיק אַפן כאַווער...

— כע־כע־כע... — האָט פרידמאַן נאָכגעלאַכט, און עס האָט זיך געהערט עפעס מאָדנע טרערן אין געלעכטער. דאָס געלעכטער האָט ווי געבריט זייערע פענימער און עס האָבן געפלאַקערט זייערע באַקן.

און דער רובל איז געלעגן אַף דער ערד ווי אַן איידעס פון מענטשלעכער קליינלעכקייט און האָט איראָניש געקוקט אַף די צוויי לאַכנדיקע כאַווירים און האָט ווי געגרעדט:

— אַהאַ! אַלץ איבער מיר... אַלץ איבער מיר!...

# די קאַלטע האַנט

אין דער הייך איז געווען דאָס צימערל, ווו עלנדמאַן האָט געוווינט, אין דער הייך, אַפן פינפטן שטאָק. דאָס צימערל איז געווען אַ פינצטערס. נאָר דאָס האָט ניט אַזוי שטאַרק עלנד־מאַנען געאַרט, אים האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס צימערל איז עקס־טראַ פאַר אים געמאַכט געוואָרן, קעדיי ער זאָל זיך דאָ קענען באַהאַלטן פון דער גרויסער וועלט... שלעכט האָט נאָר געווירקט אַף אים די נאַסע ווענט פון צימערל, און שטענדיק, אַפילע זומער, איז אים קאַלט געווען און ער האָט געהאַט ניט זעלטן אַ ווונש: איינהייצן דאָס אייוועלע, זיך זעצן באַם פייער און זיך דערמאָנען אין עפּעס, וואָס אים איז ליב און טייער. עפּעס זייער אַן אַלטן, נאָר ליבן פאַרלאַנג האָט ער טאָמיד געהאַט, נאָר קיינמאָל ניט געוווּסט, ווי דער פאַרלאַנג הייסט און אין וואָס ער באַשטייט.

אַלט איז ער געווען 25 יאָר. ער האָט געהאַט אַ קאָפּ מיט שיטערע האָר, אויגן שוואַרצע און גרויסע און זיי האָבן שטענ־דיק געקוקט מיט אַ בענקשאַפט, מיט צאַר און ווייטיק... דאָס פּאָ־נעם איז געווען לאַנגלעך און דער אויסדרוק האָט דערציילט פון אַ קאַלט עלנט לעבן...

ער האָט אין דער גרויסער וועלט קיינעם ניט געהאַט, אויסער אַ פעטער ערגעץ טיף אין רוסלאַנד. דער פעטער פלעגט זיך אים שטענדיק כאָלעמען, און אַז ער פלעגט גיין אין גאַס און באַ־געגענען די בריוטרעגער מיט די גרויסע פאָרטפעלן אָנגעפּאַקט מיט בריוו, פלעגט אים קלאַפּן דאָס האַרץ, און אים פלעגט זיך דאַכטן, אַז היינט־מאָרגן וועט אַ בריוטרעגער אים אָפּשטעלן און וועט אים אָפּגעבן פון פעטער אַ בריוו...

נאָר זײַן פֿאַנטאַזיִע פֿלעגט אים אָפּנאַרן. עס זײַנען אַוועק פֿיל „הײַנטס" און „מאָרגנס", די פֿאָרטפֿעלן בײַ די בריווטרעגער זײַנען אַלע טאָג גרעסער געוואָרן, נאָר פֿאַר עלנדמאַנען איז דאָרט קיין בריוו קיינמאָל ניט געווען...

די רוישנדע גאַס האָט אים זײַן עלנט דערמאָנט, די הונדערטע שפּאַצירנדע האָבן אים דערציילט, אַז ער האָט קיינעם ניט. דאָס לעבן, דאָס גערויש האָבן אים געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז אין זײַן וועלט איז שטיל ווי אין אַ קייווער... דאָך פֿלעגט ער אָפֿט גיין אין גאַס, גיין און אַרײַנקוקן מיט שרעקנדיקע בליקן אין יעדער פּאָ־נעם, עפּשער וועט אים ווער אָפּשטעלן און זאָגן: דאַכט זיך, אַ באַקאַנטער, און וועט אים אויסשטרעקן אַ האַנט, אַ וואַרעמע מענטשלעכע האַנט. ער וואָלט זי אַזוי געדריקט!...

און אָפֿט פֿלעגט זיך טרעפֿן, אַז גייענדיק צווישן דער גע־דיכטער מאַסע, צווישן פֿריילעכע אויסגעפּוצטע הערן און דאַמען, פֿלעגט זיך זײַן האַנט אָנרירן אין אַ פֿרויס אַ וואַרעמער האַנט. די וואַרעמקייט פֿלעגט זיך צעגיסן איבער זײַן גאַנצן קערפּער, און אַ גאַנצע נאַכט איז ער גליקלעך געווען... ער פֿלעגט ליגן אין דער פֿינצטער. און די וואַרעמקייט פֿון האַנט איז אים פֿאַרבליבן אין געדאַנק און ער האָט אַ גאַנצע נאַכט עס געפֿילט און געהאָפֿט אַף טאָג.

און אַף מאָרגן פֿלעגט ער בענקען נאָך אַ וואַרעמער האַנט. ער פֿלעגט אַרײַנגיין אין געוועלב, וווּ אַ מיידל זיצט, פֿלעגט קויפֿן בײַ איר עפּעס סכוירע און פֿלעגט זיך באַמיִען, אַז צונעמענדיק בײַ איר די סכוירע, זאָל זיך זײַן האַנט אָנרירן אין איִרער. נאָר אים פֿלעגט זיך עס זעלטן אײַנגעבן. דאָסראָוו פֿלעגט דאָס מיידל „די סכוירע" אַוועקלייגן אַף דער סטאָיקע, און ער פֿלעגט אַרויסגיין פֿון געוועלב מיט מער עלנט, ווי ער איז אַרײַן...

אַמאָל פֿלעגט ער בײַנאַכט אין גאָרטן גיין. פֿאַרבײַ אים פֿלעגן זיך ציִען פֿריילעכע פּאָרלעך. ווער עס פֿלעגט פֿריילעך און אָפֿן קאָל לאַכן, אַנדערע פֿלעגן זיך אַזוי שושקען, און דאָס פֿלעגט

נאָך מער זײַן עלנט פֿאַרגרעסערן. אַלע האָבן צו זיך כאַווײרים, כאַווערטערנס, נאָר ער האָט קײנעם, קײנעם ניט.

אײנמאָל אין אָנהײב פֿרילינג איז עלנדמאַן אַרויס פֿון זײַן ענג צימערל. עס איז געווען פֿאַרנאַכט, אין גאַס האָט גערוישט, מענטשן זײַנען פֿאַרבײַגעגאַנגען מיט יאָנטעוודיקע, פֿרײלעכע געזיכטער, און עס האָט אויסגעזען, ווי זײ גרײטן זיך אַף עפּעס אַ פֿרײלעכן באַל, וווּ אַלע, אַלע צוזאַמען וועלן זיך פֿאַרווײַלן און לעבן, נאָר עלנדמאַנען לאָזט מען איבער אַלײן, אים וויל מען ניט נעמען. און ער האָט זיך געלאָזן גיכער גײן, ווי אַ באַלײדיקטער, ווי אַ פֿאַרלאָזענער...

ניט באַמערקטערהײט איז ער צוגעקומען צום קלײן פֿאָלקס־גאָרטנדל. דאָרט האָט אויך יאָנטעוודיק אויסגעזען, נאָר עפּעס ניט אַזוי שרײַענדיק, ווי אין גאַס. עס איז דורכגעגאַנגען צווישן די אַלײען אַן עלנטער סאָלדאַטל, אַן אָרעמער טרעגער, אַ דינסט מיט אַ קינד.

עלנדמאַן האָט געזוכט אַ באַנק צו זעצן זיך. אַלע בענק זײַנען פֿאַרנומען געווען, נאָר אין דער לעצטער אַלײע איז אַף אַ ברעג באַנק געזעסן אַ מײדל איבערגעדעקט אַ האַלב פּאָנעם מיט אַ פֿאַטשײלע.

עלנדמאַנען האָט אַ צי געטון, שטאַרק אַ קלאַפּ געטון אין האַרצן, און ער האָט זיך נעבן איר אַוועקגעזעצט...

אַ ווײַלע איז ער געזעסן און ניט אופֿגעהויבן די אויגן. אין האַרצן, האָט זיך אים געדאַכט, זיצט עמעצער און זינגט אים אַן אַלט, זיס לידל, און עס ווערט אים עפּעס אנגענעם, און עס ציט אים, און עס ווילט זיך אים רעדן...

ער קערט אָפּ דעם קאָפּ צו דער זײַט, וווּ דאָס מײדל זיצט, און גיט אַ קוק.

זײַנע בליקן באַגעגענען זיך מיט אירע. צוויי שוואַרצע אויגן מיט אַ טרויעריקן גלאַנץ. זײ רעדן, דאַכט זיך, אָן ווערטער.

„זי איז אַן עלנטע", טראַכט ער, „איך וועל מיט איר אָנהײבן צו רעדן".

— איר זײַט...— הײבט ער אָן, — און עס פֿאַרפֿעלט אים מוט ...

ניין, רעדן וועט ער ניט, ער וועט נאָר קוקן אַף איר. זי איז אַן עלנטע...

און פּלוצלינג באַהערשט אים אַ כיישעק אָנצונעמען זי פאַר דער האַנט און אַ דריק טון.

דאָס האַרץ קלאַפּט אים. ער קוקט אף איר, און יעדער קוק אירער דערציילט אים עפּעס.

— וואָס זייט איר אַזוי אומעטיק? — רייסט זיך אַרויס אַ פּראַגע פון זיין מויל, און אים דאַכט זיך, אַז ער האָט די וועלט איינגענומען...

— איך בין גאָרניט אומעטיק! — דערהערט ער אַ שטילן ענטפער.

— וואָס זיצט איר אַזוי שטיל? — פרעגט ער ווידער און נעמט ניט אַראָפּ די אויגן פון איר.

— וואָס זאָל איך שרייען? — שמייכלט זי ביטער.

ער בלייבט שטום, קוקט אַף איר, און אין קאָפּ עקבערט דער געדאַנק: נעם זי אָן פאַר דער האַנט, נעם!

און עס ציט אים אַ געוואַלדיקע קראַפט.

— איר זייט אַ היגע? — פרעגט ער.

— ניין! — הערט ער אַן ענטפער.

— איך בין אויך אין דער פרעמד דאָ, — לאָזט ער אַרויס מיט אַ זיפץ.

ער וויל נאָך עפּעס ריידן, נאָר ער קען ניט. דער פאַרלאַנג אָנעמען זי פאַר דער האַנט לאָזט אים ניט רעדן.

— שענק מיר אַף אַ ווײַלע דײַן האַנט, לאָז מיר אַ ווײַלע האלטן זי, איך בעט דיך...

ער זאָגט דאָס אָבער ניט, דאָס איז פאַר אים צו שווער, און ער באַנוגנט זיך נאָר מיטן קוקן אַליין.

און דאָס האַרץ זײַנס ציט און ציט, און זײַן האַנט שלעפּט, דאַכט זיך, עמעצער...

און אָט גיט זי אַף אים אַ קוק. ער דערפילט עפּעס נאָענטס, עלנטס, בעטנדס, און זײַן האַנט רירט אָן אירע.

זי שווײַגט און לאָזט אַראָפּ די אויגן.

און אַ וואַרעמער שטראָם לויפט אים דורך איבערן הארצן. ער דריקט וואָס אַ ווײַלע איר האַנט פעסטער און פעסטער.

— עס טוט אײַך ניט װײ? — פֿרעגט ער.

— נײן! — שמײכלט זי.

און ער לאָזט די האַנט ניט אַרױס, ער האַלט זי פֿעסט. איר האַנט איז אָבער קאַלט...

עס פֿאַרדריסט אים. ער װאָלט װעלן האָבן דאָס גאַנצע גליק— דריקן אַ װאַרעמע האַנט. קאַלט איז אים...

— פֿאַרװאָס איז בײַ אײַך אַזאַ קאַלטע האַנט? — פֿרעגט ער און האָט באַלד כאַראָטע.

זי ענטפֿערט ניט און װיל אַרױסנעמען איר האַנט...

— װער זײַט איר? — פֿרעגט ער און דריקט איר האַנט.

— איר װילט זײַן מיט מיר באַקאַנט? האַ, איר װילט? — ער קוקט אַף איר, דריקט די האַנט, און אין קאָפּ רוט ניט דער געדאַנק: פֿאַרװאָס איז איר האַנט אַזאַ קאַלטע?

— איר װילט זײַן מיט מיר באַקאַנט? האַ, איר װילט? — איך װעל קומען צו אײַך, איר צו מיר. איך װעל מיט אײַך ביכלעך לײענען... איר װילט?

„פֿאַרװאָס איז בײַ איר אַזאַ קאַלטע האַנט?"...

זי שװײַגט.

— נו, איר װילט? — פֿרעגט ער װײַטער.

— איך דאַרף האָבן געלט דערפֿאַר... — זאָגט זי אַרױס, װי צװישן די צײנער... — פֿאַר געלט װעל איך צו אײַך קומען...

ער לאָזט פֿלינק אַרױס איר האַנט, גיט אַף איר אַ קוק און װערט אַנשװיגן...

עלנדמאַן זיצט אַ װײַלע, הײבט זיך נאָכדעם אוף און לאָזט זיך גײן, ניט װיסנדיק װוהין.

— אַ קאַלטע האַנט! — רעדט ער אַלע װײַלע אַרױס פֿאַר זיך און עס נעמט אים דורך אַ קעלט...

# די מאַלקע

(דערציילונג)¹

אַ גאַנצן ווינטער האָט זיך אַראָנאָוויטש אַרומגעדרייט ווי אַן איבעריקער אין דער גרויסער פרעמדער שטאָט: די מאַטעריעלע נויט, וואָס אים איז אויסגעקומען דאָ צו ליידן, האָט אים ניט אַזוי געדריקט, ווי די איינזאַמקייט. ער האָט אַפילו געהאַט אַ פּאָר באַקאַנטע, נאָר די באַקאַנטע זיינען דאַפּקע געווען באַשעפטיקט, ווער מיט לעקציעס, ווער מיט בוכהאַלטעריע. ער נאָר אַליין איז געווען פריי קימאַט דעם גאַנצן טאָג. אין דעם קליינעם קאַפע־הויז, וווּ ער איז געווען קימאַט אַ טוישעוו, פלעגט ער אַמאָל כאַפּן אַ שמועס מיט די שכיינים באַ איין טישל, נאָר דאָס ראָוו זיינען עס געווען יונגעלייט פון געשעפטן, און זייערע מיינונגען און אָנשויונגען האָבן אים נישט אינטערעסירט און נישט צופרידנגעשטעלט: זיין האַרץ האָט געדורשט נאָך אַ שטיל, אופריכטיק וואָרט, און דאָ אין קאַפע־הויז האָט מען גערעדט הויך און גריל־ציק, און די טעמע איז געווען געשעפט און געלט. עמעס, אַמאָל פלעגט מען דאָ הערן אויך ריידן וועגן פרויען, נאָר אַראָנאָוויטש, וואָס האָט די פרוי געהאַלטן פאַר זיין העכסטן אידעאַל, פלעגט פאַרציטערט ווערן, ווען אים פלעגט אויסקומען צו כאַפּן אַמאָל אַ וואָרט פון אַ געשפּרעך וועגן פרויען, וואָס עס פלעגט פאָרקומען דאָ אין קאַפע־הויז.

ער געדענקט נאָך דעם ענטפער, וואָס אַ שאָכן פון איין טישל האָט אים געגעבן אַף זיין באַמערקונג וועגן דער שיינער שלאַנקער קעלנערן.

דערמאָנענדיק זיך יענעמס ענטפער, פלעגט ער אַ לאַנגע צײַט נאָך דעם רויט ווערן און פלעגט באַ יעדן מאָל אַרויס־מורמלען:

— גראָבע ציניקער!

געלעבט האָט ער נאָר מיט די בריוו, וואָס ער האָט באַקומען פון דער היים, איבערהויפּט די בריוו פון זײַן ליבער גוטער שוועס־טער, וועלכע האָט אים געשריבן אַסאַך און פול מיט אינהאַלט. דידאָזיקע בריוו פלעגט ער לעזן אַלע אָוונט, קומענדיק אין זײַן קליין צימערל. דאָס צימערל איז געווען קליין און זײַן קאָפּ איז געווען פול מיט טרוימען און פאַרלאַנגען און בענקשאַפט, אַז אַראָנאָוויטשן פלעגט זיך דאַכטן, אַז דאָס צימערל האָט קיין פּלאַץ נישט פאַר אַזויפיל טרוימערײַען, און ער פלעגט אײַנגראָבן דעם קאָפּ אין קישן און אײַנשלאָפן...

שטאַרקער איז אָבער געוואָרן זײַן בענקשאַפט אין די ערשטע טעג פון פרילינג; די ערשטע זונען־שטראַלן האָבן ווי צעשמאָלצן דעם גאַנצן טרויער, וואָס האָט זיך אין לאַנגן קאַלטן ווינטער אָנ־געקליבן און פאַרגליווערט געוואָרן אין איין שווערער שטיק... דער טרויער האָט זיך זיס און שטיל צעגאָסן איבער זײַן גאַנצן קער־פּער, און שטונדן־לאַנג פלעגט ער אָפּזיצן אין שטאָט־גאָרטן און טראַכטן פון זײַן היים, פון דעם ליבן קליין שטעטעלע, ווו מע ווייס נישט פון פרילינג, נאָר פון ערעוו פּייסעך, וואָס זײַן הור־האַ טראָגט אַרײַן אַזויפיל גליק און האָפענונגען אין די הערצער פון די דאָרטיקע קליינע און אָרעמע, אָבער ליבע מענטשעלעך...

ווען ער וואָלט נישט קלאָר געוווסט די לאַגע פון זײַנע היי־מיקע, וואָלט ער זיך אָפּגעשעמט און אָנגעשריבן: „מײַנע טײַערע, איך בענק נאָך אײַך, נאָכן שטעטל, נאָכן פּייסעך. שיקט מיר עט־לעכע רובל, און איך קום צו פליִען!”

ער האָט אָבער געוווסט, ווי שווער דאָס וואָלט פאַר זיי גע־ווען, און ער האָט זיך באַנוגנט נאָר מיטן פאָרשטעלן זיך זײַנע ליבע און זײַן היים אין געדאַנק...

ערעוו פּייסעך האָט ער געטראָפן זײַנע צוויי נעענטערע באַ־קאַנטע — הערמאַן און באָריס.

דאָס זײַנען געווען העברעיִשע לערער.

איינער פון זיי, הערמאַן, האָט געהאַט אַ נייגונג צו שרײַבן לידער. אַראָנאָוויטשן זײַנען זײַנע לידער געווען געפעלן פאַר זייער אינהאַלט: דאָס זײַנען געווען לידער, ווו עס האָבן געקלונגען צאַרטע, אײדעלע טענער פון ליבע. איין לידל האָט אַראָנאָוויטש זאָגאַר איבערגעשריבן און עס אויסגעלערנט אױף אויסווייניק.

הערמאַנען האָט עס שטאַרק האַנאָע געטון און דערפאַר איז ער געווען צו אים צוגעלאָזט.

— נו, ווו זײַנט איר צו די סדאָרים? — האָט אים הערמאַן פרײַנטלעך געפרעגט.

און באָריס האָט פרײַנטלעך איבערגעפרעגט:

— ווו זײַנט איר טאַקע צו די סדאָרים?

אַראָנאָוויטש, גערירט פון דעם פרײַנטלעכן נאָכפרעגן, האָט מיט אַ גוטן שמייכל געענטפערט:

— ווו איך בין געווען צו קאָלנידרע — אין גאָרטן...

— ניין! — האָט זיך הערמאַן אָנגערופן — יאָמקיפּער איז עפּעס אַנדערש; יאָמקיפּער זײַנען מיר אַלע אין גאָרטן. אָבער פייסעך מאַכן מיר אַ סיידער — מיר, אַ פינף יונגעלײַט. איר וועט זײַן אַ זעקסטער.

— איך נעם אָן די אײַנלאַדונג מיט פרייד! — האָט אַראָנאָוויטש זיך אָנגעכאַפּט — איך האָב דעם סיידער אינדערהיים זייער ליב געהאַט.

ער האָט זיך פאַרטראַכט, ווי ער וואָלט וועלן אַרויסרופן אין זײַן פאָרשטעלונג יענעם סיידער פון דער היים... פאָרשטעלנדיק זיך דעם סיידער מיט אַלע קלייניקייטן, האָט ער געפרעגט מיט אַ שמייכל:

— וועט מען אויך זאָגן די האַגאָדע?

— נאָך ווי זאָגן! — האָט הערמאַן אויסגערופן — פון „קעהאָ לאַכמאָ“ ביז „כאַד גאַדיאָ“!

— אויב אַזוי, קום איך צו אײַך.

און אַראָנאָוויטש האָט זיך צעשיידט מיט די צוויי באַקאַנטע, נעמענדיק דעם אַדרעס, ווו דער סיידער וועט פאָרקומען...

דער סיידער האָט שטאַטגעפונען בײַ הערמאַנען ; ער איז גע־וועזן דער רײַכסטער פון די פינף יונגעלײַט ; אויסערדעם, האָט ער געהאַט אַ לעקציע בײַ אַ ווײַן־הענדלער, און יענער האָט אים גע־שענקט צוויי פלאַש ווײַן.

דאָס טישל, וואָס איז געווען באַדעקט מיט גרויסע צײַטונגען, איז געווען פול אָנגעשטעלט. די צוויי פלעשער ווײַן מיט די ייִדי־שע בוכשטאַבן „יין לפסח" האָבן פרײַנטלעך און יאָנטעווודיק צו־געווונקען. די דרײַ מאַצעס, איבערגעדעקט מיט אַ ווײַס טיכל, האָבן געגעבן אַן עכטע אילוזיע פון אַ סיידער.

אַז אַראָנאָוויטש איז אַרײַנגעקומען, זײַנען שוין אַלע געזעסן אַרום דעם טישל מיט די האַגאָדעס אין די הענט און האָבן פרײי־לעך געשמועסט.

ער האָט פאַרשעמט אויסגערופן :

— אַ גוט יאָנטעוו !

די יונגעלײַט האָבן אים אַלע ווי אין איין קאָל אָפּגע־ענטפערט :

— אַ גוט יאָר ! אַ גוט יאָר !

— זעצט זיך !— האָט הערמאַן, אַלס באַלעבאָס, זיך אופגע־שטעלט און אים מעקאַבל־פּאָנעם געווען.

אַ־אָנאָוויטש האָט באַטראַכט דעם טיש מיט די געסט אַרום און האָט גוטהערציק באַמערקט :

— אַן עכטער סיידער !

— וואָס דען מיינט איר !— האָט באָריס אָפּגעענטפערט,— פאַר געלט, זעט איר, קען מען אַלץ קריגן.

— אָבער נישט קײַן מאַלקע !—האָט הערמאַן געשמייכלט.

— אַ מאַלקע פעלט דאָ טאַקע !—האָט איינער פון די אײַנ־געלאַדענע, אַ בלאַסער יונגערמאַן מיט פריילעכע שוואַרצע אויגן, נאָכגעגעבן.

— יאָ, יאָ, אַ מאַלקע פעלט דאָ ; פינף מעלאָכים און קײַן איין מאַלקע נישט !— האָט באָריס באַשטעטיקט.

און כאָטש דאָס איז אַלץ באַמערקט געוואָרן ווי אין שפּאַס, האָבן דאָך די אַלע באַמערקונגען וועגן אַ מאַלקע טרויעריק גע־שטימט די געסט. איבערהויפּט איז דאָס געווען קענטיק אַף

אַראָנאָוויטשן. זײַנע אויגן האָבן אויסגעדריקט אַ מאָדנע בענק־שאַפט און זײַנע ליפּן האָבן געציטערט אין די ווינקלען, ווי ער וואָלט וועלן עפּעס זאָגן...

ער האָט זיך דערמאָנט אָן דעם יונגן מיידל, וואָס שפּאַצירט אַרום אַלע אָוונט אין יענער גאַס, ווו ער וווינט... אַ קליין אָרעם באַשעפעניש. ער קען זי זײַט אייניקע כאַדאָשים. ער האָט מיט איר אַ פּאָר מאָל גערעדט, און כאָטש געגאַנגען מיט איר אַהיים איז ער קיינמאָל נישט, פלעגט ער איר שטענדיק זאָגן „גוטן־אָוונט", פאַר־געסנדיק, ווער זי איז און מיט וואָס זי באַשעפטיקט זיך.

און פאָרשטעלנדיק זיך אין געדאַנק ווי אַזוי דאָסדאָזיקע איינ־זאַמע מיידל דרייט זיך אַרום איינע אַליין אין דער וויסטער גאַס, האָט אים אַרומגענומען אַ געפיל פון ראַכמאָנעס צו איר און אַ באַגער אַרײַנצונעמען זי אין דערדאָזיקער געזעלשאַפט האָט אים אינגאַנצן באַהערשט...

דער געדאַנק איז געווען צו וואַגנדיק, און דאָך האָט ער, ווי נישט קענענדיק באַהערשן זיך אַליין, זיך געווענדעט:

— איך וואָלט, אויב איר וואָלט ערלויבט, געבראַכט אַהער אַ מאַלקע אויך: אַן אָרעם יונג מיידל.

— מיטן גרעסטן פאַרגעניגן! — האָט הערמאַן אויסגע־שריגן!

— זי וועט אָבער עפשער פאַרלאַנגען באַצאָלט...

— אַך, איר מיינט פון יענע גאַסן־מאַלקעס, — האָט הערמאַן זיך ווי דערשראָקן — אָ, זי וועט קאַליע מאַכן אונדזער סיידער...

— ס'איז אָבער אַן אײַנפאַל! — האָט באָריס געלאַכט — איך וואָלט געוווען פאַר דעם! עס וועט זײַן זייער אינטערעסאַנט.

— וועט זי אָבער גיין? —האָבן די איבעריקע יונגעלײַט איבער־געפרעגט.

— זײַט מיך נישט כוישעד, אַז איך קען זי נאָענט... איך האָב מיט איר גערעדט אַ פּאָר מאָל אין גאַס. זי איז אַן אָרעם ייִדיש מיידל... זי איז אונדזערע אַ שוועסטער און זי וועט גיין... אַזוי דאַכט מיר.

— זאָל מען ברענגען די מאַלקע אַהער! — האָט הערמאַן באַ־שליסנדיק אויסגערופן.

און נישט וואַרטנדיק אַף דער האַסקאָמע פון די איבעריקע, איז אַראָנאָוויטש אַרויסגעלאָפן פון צימער און געלאָזן די געסט אין אַ זונדערבאַרער ערוואַרטונג...

געטראָפן האָט זי אַראָנאָוויטש אין ראָג גאַס, אײַנגעהילט אין אַ טוך, ווי זי וואָלט זיך געשעמט צו ווײַזן איר פּאָנעם פאַר דער פּייסעכדיקער גאַס... דערזעענדיק אַראָנאָוויטשן, האָט זי צו אים אַ שמייכל געטון און מיט אַ געמאַכטער פרעכהײַט זיך אָפּגערופן:

— קומט פראַוועון צו מיר דעם סיידער...

דער ציניִשער אויסדרוק האָט אַראָנאָוויטשן אַ שניט געטון אין האַרצן, דאָך איז ער צו איר צוגעגאַנגען און זייער ווייך געזאָגט:

— צו אײַך, ווייסט איר דאָך, גיי איך נישט. אויב איר ווילט זיך דערמאָנען אײַער היים, וועלכע איר האָט ערגעץ געוויס, קומט מיט מיר. מיר, עטלעכע יונגעלײַט, פּראַוועון דאָ אין דער צווייטער גאַס אַ סיידער. מיר האָבן באַשלאָסן אײַנצולאַדן אײַך ווי א שוועסטער צום סיידער, אָבער נאָר ווי אַ שוועסטער. איר פאַרשטייט...

זי האָט אים אָנגעקוקט פאַרוואונדערט, אָבער מיט צוטרוי, און האָט געענטפערט:

— פאַר אַזוינע פאַרגעניגנס האָב איך קיין צײַט נישט.

— מיר וועלן אײַך באַצאָלן! — האָט אַראָנאָוויטש, שעמענדיק זיך פאַר זײַנע אייגענע ווערטער, קאַם אַרויסגערעדט.

— אויב אַזוי, קומט! — האָט זי באַשליסנדיק געזאָגט און האָט אים גענומען אונטער דער האַנט.

זיי זײַנען געגאַנגען א ווײַלע שווײַגנדיק, נאַכהער האָט ער זיך אָפּגערופן:

— איר וועט זײַן אַ מאַלקע באַ אונדז... איר פאַרשטייט.

— אַ מאַלקע... ווי קום איך צו אַ מאַלקע...

— איר קומט! איר קומט! איר זײַט די שענסטע קאַלע, וואָס מיר קענען זיך פאַרגינען...

זי האָט גאָרנישט געענטפערט.

עפענענדיק די טיר און אַרײַנגייענדיק אין צימער, האָט הער־מאַן ווי איבעראַשט אויסגערופן:

— די מאַלקע איז דאָ! די מאַלקע איז דאָ!

די יונגעלײַט האָבן זיך אופגעשטעלט און אײנער האָט זי באַגריסט.

— עס זאָל לעבן אונדזער מאַלקע! האָך!

— הוררראַ! — האָבן די איבעריקע אויסגערופן מיט עמעסער היסלאַוועס.

אַראָנאָוויטש איז געשטאַנען, און טרערן האָבן זיך אים געשטעלט אין די אויגן, דערזעענדיק פֿאַר דער ליכטיקײַט פֿון צימער די צוויי שײנע שוואַרצע אויגן פֿון דעם גאַסן־מײדל, וואָס איז געשטאַנען אינמיטן צימער אַ פֿאַרשעמטע, אָבער, קענטיק, א צופֿרידענע און אַ גליקלעכע פֿון דער לוסטיקער שפּיל.

— ברידער! — האָט ער אויסגערופֿן באַגײַסטערט — זעט, ווי שײן אונדזער מאַלקע איז!

— שײן איז אונדזער מאַלקע, ווי גאָלד! — האָט הערמאַן ווי אויסגעזונגען און די איבעריקע האָבן אונטערגעכאַפּט מיט באַגײַסטערונג:

— זי איז ווירקלעך אַ הערלעך קינד!

דאָס מײדל איז געשטאַנען אינמיטן צימער און נישט געוווסט וואָס צו ענטפֿערן. זי האָט נאָר קינדיש געשמײכלט, און נישט נאָר די יונגעלײַט, נאָר אויך זי האָט פֿאַרגעסן, ווער זי איז: זי האָט זיך דערפֿילט ווי אָפּגעוואַשן פֿון אַלע זינד.

# דער אומגעזעצלעכער אַבאָנענט

(דערציילונג פון אַ שריפטשטעלער)

„...און מיט מיר האָט פּאַסירט אַ שענערע מעַסע", — האָט דער מיטליעריקער שריפטשטעלער זיך אָנגערופן אין ענגן קרײַז פון קאָלעגן, נאָכדעם ווי אַ פּאָר פון זיי האָבן דערציילט אין גוטן הומאָר די עפּיזאָדן פון זייערע מאַנגלען אין דער אַלטער היים אין דער ערשטער צײַט, ווען זיי זײַנען אַרויסגעטראָטן אין דער ליטעראַטור... „אויב איר ווילט, וועל איך אײַך דערציילן".

און אין דעם שריפטשטעלערס פּאַנטאַזיע האָט דורכגעשוועבט יענע צײַט. אַ שמייכל, ניט קיין געוויינלעכער — אַ העלערער און אַ פרישערער, האָט זיך באַוויזן אַף זײַן פּאָנעם און ער איז ווי ייִנגער געוואָרן.

*

„ס'איז געווען אין אַ האַלב יאָר אַרום נאָך מײַן אָנקומען אין דער גרויסער שטאָט. אונדזער ליטעראַטור האָט זיך נאָר־וואָס אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען. האַגאַם עס זײַנען שוין געווען, ווי אײַך איז באַקאַנט, באַרימטע שריפטשטעלער, אָבער צוליב דעם, וואָס קיין פּרעסע איז נאָך קימאַט ווי ניט געווען, זײַנען זייערע נעמען, ווי זייערע ווערק, געווען נאָר באַקאַנט אין די העכערע קרײַזן פון פאָלק. אָבער אַדאַנק דער איינציקער וואָכנשריפט, וואָס האָט דעמאָלט אָנגעהויבן צו דערשײַנען, און זיי האָבן געהאַט די מעגלעכקײַט צו פּאַרעפנטלעכן זייערע ווערק יעדע וואָך, זײַנען זיי אין אַ קורצער צײַט באַרימט געוואָרן אויך צווישן פאָלק.

צו דידאָזיקע באַרימטע און לאַנג אַנערקענטע שרײַבער זײַנען אויך צוגעקומען אייניקע נײַע און גאָר יונגע, וואָס זייערע שאַ־

פונגען האָבן זיך געדרוקט ניט צו אָפט אין דערדאָזיקער ליטע־ראַרישער וואָכנשריפט.

צווישן דידאָזיקע גליקלעכע יונגע בין איך אויך דעמאָלט געווען.

עס איז געווען אַ פרייד צו ווערן געדרוקט און אויך אַ גליק צו באַקומען נאָכדעם פאַרן געדרוקטן דעם קליינעם האָנאָראַר, וואָס איז געווען דער איינציקער קוואַל פאַר כאַיונע אין דער גרוי־סער שטאָט.

דער קוואַל איז אָבער געווען ניט קיין טיפער. צי די „קאַסע" פון דער רעדאַקציִע איז געווען ניט באַזונדערס רײַך, צי די אַרויס־געבער זײַנען געווען צו שפּאָרזאַם,— קיין גרויסן האָנאָראַר האָב איך, דעמאָלט אַלס אָנפאַנגער, ניט באַקומען. און ווען איר נעמט נאָך אין באַטראַכט די גרויסע שטאָט, וואָס האָט גערופן מיט איר — פאַר מיר דעמאָלט אָנגענעמען— גערויש, מיט אירע לאָקנדע שילדן אַף די קאַפע־הײַזער באַטאָג און מיט די פײַערן אינאָוונט, מיט דעם ווייכן, פאַרוויגנדיקן, ריטמישן גערויש פון די דראָזשקעס מיט די גומענע רעדער אַף דעם גלאַטן אַספאַלט אין די רײַכערע גאַסן, מיט די אַלע לאָקונגען, וואָס אַ גרויסע שטאָט פאַרמאָגט פאַר אַן ערשט אַרײַנגעקומענעם אין לעבן, — ווען איר נעמט דאָס אין אָנבאַטראַכט, וועט איר שוין פאַרשטיין ווי גיך די עטלעכע רובל, וואָס איך האָב באַקומען האָנאָראַר, זײַנען זיך צעגאַנגען. די פּאָר העברעיִשע „לעקציִעס", וואָס איך האָב די ערשטע פּאָר מאָנאַטן באַקומען, האָבן אויך ניט פיל געהאָלפן צו פאַרבעסערן מײַן לאַגע. דער סכאַרלימעד איז געווען קליין, דערצו, ביז איך מוידע, בין איך געווען צו פיל פאַרשיקערט מיטן נײַעם גרויס־שטאָטישן לעבן, אַז איך זאָל האָבן געדולד און באַזיצן די פּינקט־לעכקײַט צו קומען רעגלמעסיק אַף דער לעקציִע, פאַרשפּאַרן זיך אין אַ דושנעם הויז — ס'איז געווען זומער־צײַט — און לערנען מיט אַ צעבאַלעוועטן ייִנגעלע, צי אַ מיידעלע אַ קעגנשטאַנד, וואָס איז מיר לאַכלוטן ניט אָנגעגאַנגען.

אָבער געמאַנגלט האָב איך זיך אין דער שטיל. בלויז אַ נאָ־ענטער יונגער קאָלעגע האָט אמאָל געוווסט פון מײַן נויט, איז ער אָבער געווען אין דערזעלבער לאגע ווי איך, און צו געדרוקט

ווערן אין דער איינציקער צײַטשריפט האָט ער געהאַט וויניקער שאַנסן ווי איך, ווײַל דער רעדאַקטאָר האָט אַף אים אויסגעטראַכט אַ בילבל, אַז ער איז „צו טיף״, און מע פאַרשטייט אייגנטלעך ניט, וואָס ער וויל... האָט ער זיך אַביסל מיסקאַנע געווען אָן מיר און האָט זיך דערפאַר צוריקגעהאַלטן צו זאָגן ווען אַ גוט וואָרט וועגן מײַנער אַ זאַך. דערפֿאַר האָב איך שוין געריכט זײַנע זאַכן, איבערהויפּט יענע, וואָס דער רעדאַקטאָר האָט אים, צוליב זייער טיפֿקײַט, צוריקגעוויזן... געטרייסט אים, אַז זײַן צײַט וועט ערשט קומען.

אָבער געהאָלפן ווערן מאַטעריעל פלעגן מיר בײדע ניט...

איז געווען אַ גליק, וואָס איינער אַ יונגערמאַן, דאַפקע ניט קיין שרײַבער, אָבער זייער אַ גוטמוטיקער מענטש, אַ האַלבער סויכער און אַ האַלבער לופט־מענטש, אַ ראַדיקאַל געשטימטער, האָט זיך געריבן אין אונדזערע קרײַזן, ווער ווייסט צוליב וואָס און כאָטש קיין גרויסער מייוון אַף ליטעראַטור איז ער ניט געווען, פונדעסטוועגן פלעגט ער אַמאָל ליב האָבן צו קומען צו הילף מיט אַ קליינעם גמילעס־כעסעד, סײַ מיר, סײַ מײַן כאַווער מיט די טיפע זאַכן... אָבער קיין צו רײַכער איז דער יונגערמאַן אַליין ניט געווען, פלעגט ער אַמאָל רעקאָמענדירן אַ לעקציע אין אַ באַלעבאַטיש הויז, ווו ער איז, צוליב זײַן האַלב־סאָכרישקײַט און האַלב לופט־מענטשלעכקײַט, געווען אַן אײַנגייער, און אַמאָל פאַשעט געהאָלפן באַדויערן די לאַגע פון דער דעמאָלסטיקער ייִדישער ליטעראַטור און אירע שרײַבער־אָנפאַנגער.

באַגעגן איך איינמאָל דעמדאָזיקן יונגנמאַן אין אַ רוישנדיקער סאָכרישער גאַס, אַף וועלכער איך האָב אַרומגעבלאָנדזשעט אָן אַ ציל, נאָר סטאַם אַזוי פאַר נײַגעריקײַט און פאַר פאַרלאַנג מיטגעשלעפּט צו ווערן אָט אין דעם בונטן מענטשן־געדרענג, — שטעלט ער מיך אָפּ און רופט זיך אָן:

— איך האָב אײַך עפּעס צו בעטן, און איר קאָנט נאָך קריגן דערפאַר אַ באַלוינונג.

און ער דערציילט מיר, אַז זײַנער אַ פרײַנט, אַ פאַרמעגלעכער מענטש, האָט אים געגעבן גאַנצע פיר רובל, אַז ער זאָל פאַר אים אַבאָנירן די וואָכנשריפט... איז אַזוי ווי ער ווייסט ניט ווו

אײַן און װוּ אױס אין אַ רעדאַקציִע, זאָל איך עס טון פֿאַר אים...

— איר װעט קריגן „קאָמיסיִע״, — שמײכלט ער צו.

און ער צײלט מיר אױס פֿיר אײנציקע רובלס, און דאַפּקע נײַע, קנאַקנדיקע.

איך בין געװאָרן רױט, אַלײן ניט װיסנדיק פֿאַרװאָס. דאָס האַרץ האָט מיר אָנגעהױבן שטאַרק צו קלאַפּן: אַזױ װי איך װאָלט זיך אַלײן אין עפּעס כּישעד געװען.

— װאָס הײסט, געװיס... — רעד איך אַרױס זײער רויִק און קאַלטבלוטיק, האַגאַם עס קומט מיר ניט אָן אַזױ גרינג, — איך װעל נאָך הײַנט טון.

און ער גיט מיר איבער דעם אַדרעס קלאָר און דײַטלעך — אַף רוסיש און אַף פּויליש.

די גאַס איז אַ באַקאַנטע, דער נומער אױך, דער נאָמען אַזאַ לײַכטער — נאָכעם ראַבינאָװיטש...

איך זעגן זיך אָפּ מיט דעם יונגנמאַן און לאָז זיך גײן דער־פֿילן מײַן שליכעס.

איך װעל זיך בלױז אַרײַנכאַפּן צו מיר אַהײם, אין מײַן צי־מער, זען עפּשער אַ בריװ, צי װאָס.

אַהײם גײן איז מיר אַפֿילע ניט אָנגענעם: שױן באַלד צװײ װאָכן, אז איך האָב ניט באַצאָלט פֿאַרן צימער, אָבער מיט די פֿיר רובל אין קעשעניע, האַגאַם זײ זײַנען לאַכלוטן ניט מײַנע, פֿיל איך מיך עפּעס דרײסטער.

דערװײַל מאַך איך אַ כעשבן, אַז כאָטש איך בין אַ מיטאַר־בעטער אין װאָכנשריפֿט און עס פּאַסט מיר ניט צו נעמען קײן „קאָמיסיִע״, פֿונדעסטװעגן װעל איך, אין אַ שפּאַסיקן אופֿן, יאָ פֿאַרלאַנגען, און לױט מיר האָט געשײַנט, קומט מיר אַ פֿינף גילדן.

הײסט עס, מעג איך דערװײַל אַרײַנגײן אין דעם רײַכערן קאַפֿע־הױז, ניט אין דעם, װוּ איך קום אַלעמאָל.

אין דעם קאַפֿע־הױז געפֿינט זיך די שײנע, שװאַרץ־כײנעװו־דיקע קעלנערן מיט די פֿײַערדיקע שװאַרצע אױגן, און אירער אַ שמײכל איז זײער אָנגעלײגט פֿאַר אַ יונגן מענטשן, װאָס געפֿינט זיך ערשט ניט לאַנג אין דער גרױסער שטאָט און איז, נאָך אַלע גליקן, גאַנץ אײנזאַם און זעלטן װער עס שמײכלט צו אים...

דאָס מאָל האָט די קעלנערן געשמייכלט אָנגענעמער און פרײַנטלעכער, ווי אַלעמאָל. האָבנדיק אין קעשעניע גאַנצע פיר רובל, האָגאַם מײַנס איז בלויז אַ קאַרג פערטל פון דער סומע, פאַר דעם איבעריקן מוז איך אַבאָנירן איינעם אַ פרעמדן יידן, וואָס הייסט נאָכעם ראַבינאָוויטש און וווינט אַף דער שווענטאַליצקע גאַס, — בין איך דאָך דרייסטער און מוטיקער. איך נעם די שיינע קעלנערן אַפילע אָן פאַר אַ האַנט, ווען זי קומט צו צו מײַן טישל... ניט געמיינט קיין שלעכטס דערבײַ, נאָר אָט זאָל זי וויסן, ווי אַזוי איך פאַרהערלעך זי...

פאַר אַזאַ שמייכל פון איר און פאַר אַ האַנט־דריק לאָז איך איר איבער אַ גרעסערן טרינק־געלט. אָבער פון דעם קאַפע־הויז גיי איך אַרויס מיט גאַנצע דרײַ רובל און אַ פערטעלע קליינגעלט.

פונקט די סומע, וואָס עס קומט צו געבן אין דער אַדמי־ניסטראַציע, אָפּרעכענענדיק שוין מײַן קאָמיסיע, וואָס מיר קומט.

דערמאָן איך זיך אָבער, אַז די רעדאַקציע איז ווײַט און מע מוז פאָרן מיטן טראַמווײַ, וועט שוין קאָסטן באַ אַ צען קאָפּיקעס, וועל איך שוין, הייסט עס, מוזן אָנרירן פונעם גרונט־קאַ־פּיטאַל...

הייב איך שוין אָן ווערן אַביסל אומרויִק... איך פיל מיך שוין אַביסל, ווי אַ פאַרברעכער... און האַגאַם זינט איך האָב באַקומען די פיר רובל איז ערשט אַריבער אַ שאָ צײַט, דאַכט זיך מיר, אַז עס איז שוין וואָכן־לאַנג, און נאָכעם ראַבינאָוויטש, דער אַבאָנענט, זיצט און קוקט שוין אויס די אויגן אַף דער וואָכנשריפט און וווּנדערט זיך פאַרוואָס ער באַקומט זי ניט...

דאַרף איך דאָך אײַך ניט דערציילן, אַז איך בין דעם טאָג ניט געגאַנגען צו אַבאָנירן נאָכעם ראַבינאָוויטש און בין געגאַנגען אַהיים אין מײַן צימער זען וואָס עס הערט זיך.

די באַלעבאָסטע האָט מיך באַגעגנט ברויגעזלעך, און עפּשער האָט זיך דאָס מיר געדאַכט. האָב איך געזעען, אַז איך בין סײַ־ווי־סײַ פאַרלוירן, קיין גוטס וועט פון דעם אַבאָנירן שוין ניט אַרויסקומען, וועל איך כאָטש האָבן אַ פלאַץ, ווו צו קענען זיצן רויִק און באַהאַלטן זיך. רוף איך זיך אָן, ווי ניט באַרעכענענדיק:

— איך בין אײַך שולדיק פאַר צוויי וואָכן...

— נו, אַוואַדע,—רופט זיך אָן די באַלעבאָסטע נאָך ברויגעזער...

פאַרגעס איך שוין אינגאַנצן אָן דעם אַבאָנענט און איך רוק די האַנט אין קעשעניע.

באַמערקט עס שוין די באַלעבאָסטע, ווערט זי פריילעכער, זי מיינט, אַפּאָנעם, אַז איך גיי איר געבן גאַנצע פיר רובל פאַר צוויי וואָכן...

— איך וועל אייַך געבן, — רוף איך זיך אָן, און גלייַך דער־מאָן איך זיך אָן נאָכעם ראַבינאָוויטש, אָבער עס איז שוין פאַר־פאַלן, — איך וועל אייַך געבן — זאָג איך שוין פעסטער, — בלויז פאַר איין וואָך צוויי רובל...

— מיילע, זאָל זייַן פאַר איין וואָך דערווייַל, — און די באַ־לעבאָסטע קוקט שוין אויס פריילעכער און פרייַנטלעכער.

אָבער נאָכעם ראַבינאָוויטש שטעלט זיך מיר פאָר און קוקט מיך שוין אָן שטרענג:

— ווו איז די וואָכנשריפט?...

און מיר הייבט זיך אָן דאַכטן, אַז עס איז שוין אַריבער וואָכן און וואָכן... און סייַ מייַן באַקאַנטער יונגערמאַן און סייַ נאָכעם ראַבינאָוויטש זוכן מיך אַרום...

אָבער באַנאַכט, מאַכנדיק פאַרשיידענע פּלענער, פאַלט מיר איַין, אַז די אַדמיניסטראַציע וועט מיר געטרויען אַן אַבאָנעמענט. זי וועט עס אַראָפּרעכענען אַמאָל פון מייַן האָנאָראַר.

אויב אַזוי, איז זיך דאָך ניטאָ וואָס צו אייַלן.

גיי איך אַריבער ערשט אין דער אַדמיניסטראַציע אַף איבער־מאָרגן.

דער יונגערמאַן פון דער אַדמיניסטראַציע נעמט מיך אָנפאַנגס אוף פרייַנטלעך. קיין געלט צאָלן מיר דאַרף ער ניט. מייַן „אַרטיקל" דאַרף ערשט אַרייַנגיין אין צוויי וואָכן אַרום... ער האָט שוין געהאט אַ גרוס פון רעדאַקטאָר... דערצייל איך אים, אַז איך וויל אַבאָנירן מייַנעם אַ פרייַנט, איך מאַך אים, דעם פרייַנט, אַ מאַטאָנע...

— זייער פייַן, — ווערט ער גאָר פרייַנטלעך... — פאַר אַ יאָר?...

— יאָ, פאַר אַ יאָר, פאַר אַ גאַנצן יאָר. אַ מאַטאָנע אַ פרייַנט!...

— פיר רובל ! — רופט ער אויס...

— און אַ פּראָצענט ?... האַ...

— יאָ, איר זײַט גערעכט, — און ער רעכנט אַראָפּ טאַקע ניט מער ווי פיר גילדן... און ער גיט צו:

— דאַרפט איר מיר געבן, — זאָגט ער, — דרײַ רובל מיט פערציק קאָפּיקעס... און ער וואַרט אַף די פּאָר רובל...

— וואָס, איר געטרויט מיר ניט ?... — שמייכל איך ווי פאַר־לאָרן...

— איך ? יאָ, איך געטרוי אײַך, אָבער איך טאָר עס ניט... — ענטפערט ער געשעפטמעסיק, — עס מוז אײַנגעשריבן ווערן אין די ביכער, מוז מען געבן מעזומאָנים... איך בין פאַראַנטוואָרטלעך... עס איז אומעגלעך...

איך גיי אַרויס אַביסל צעטראָגן און פאַרשעמט...

אין האַנט האַלט איך דעם אַדרעס: נאָכעם ראַבינאָוויטש, שווענטאליצקא... שוין דרײַ טעג... מאָרגן גייט אַרויס דער נומער פון דער צײַטונג און ער וועט זי ניט באַקומען...

אַף מאָרגן קום איך אין דער אַדמיניסטראַציִע צו נעמען דעם נײַעם נומער פון דער צײַטונג, וואָס עס קומט מיר אַלס מיט־אַרבעטער. ווען איך וואָלט פאַרלאַנגט, וואָלט מען מיר געבראַכט אַהיים, ווי איטלעכן אַבאָנענט, דער צײַטונג־טרעגער, וואָס די וואָכנשריפט האַלט עקסטרא פאַר די אָרטיקע אַבאָנענטן. אָבער דעמאָלט וואָלט עס מיר אָנגעקומען ערשט אין צוויי טעג אַרום. איז נעם איך די צײַטונג אַלע וואָך אַליין, גלײַך ווי זי דער־שײַנט.

באַקומען דעם נומער, גיי איך אַרויס; קוק אים דורך אַף די טרעפּ אין קאָרידאָר און געפין, אַז עס איז אַן אָרעמער נומער... מײַנס איז דאָרט גאָרנישט ניטאָ...

איך וועל בלויז איבערלייענען די איינציקע זאַך, וואָס עס פאַרמאָגט אָט דער ניט־געראָטענער נומער, און איך אַליין וועל אָוועקטראָגן דעמזעלבן עקזעמפּליאַר נאָכעם ראַבינאָוויטשן... איך וועל די וואָך זײַן דער צײַטונג־טרעגער...

דער פּלאַן איז מיר אַזוי געפעלן, אַז איך ווער אַזש באַ־גײַסטערט. אַראָפּ אַ זאָרג... נאָכעם ראַבינאָוויטש מאָלט זיך שוין

פאַר מײַנע אויגן אַלס אַ פּרײַנטלעכער מענטש. איך זע פאַר זיך אויך זײַן ווײַב און די קינדערלעך, זיי זיצן בײַ אַ קײַלעכדיקן טיש, און אָט קום איך אַרײַן און דערלאַנג זיי די צײַטונג.

באַשלאָסן און געטון!

געטראָפן האָב איך דאָפּקע ניט אים, נאָר זי, דאָס ווײַב, — אַ יונגע פרוי, מיט אַ גוטמוטיקן, ייִדישלעכן, מוטערלעכן כיין.

— אײַער מאַן האָט אַבאָנירט די וואָכנשריפט, האָב איך עס אײַך געבראַכט...

— איר זײַט דער צײַטונג־טרעגער?...

— יאָ... — שטאַמל איך אַרויס...

וווּנדערט זי זיך. אַדעראַבּע, עס איז אַ פּאַרנאָסע, ווי אַלע פּאַרנאָסעס...

זי פרעגט מיך, וואָס האָב איך דערפון אַ וואָך, פון פאַנאַנד דערטראָגן די צײַטונגען...

איך דריי זיך אַרויס מיט אַ האַלבן שטאַמלדיקן ענטפער און פאַרלאָז די וווינונג.

אין דעם קינפטיקן נומער איז שוין פאַראַן מײַנע אַ זאַך. אַ קורצע... דער האָנאָראַר וועט אינגאַנצן באַטרעפן עטלעכע רובל. בין איך שוין שולדיק דירע־געלט פאַר אַ וואָך, און ווי לאָזט מען זיך ניט אַ פּאָר רובל, אַ לעבּ צו טון נאָך אַזאַ סימכע — אַ נײַע זאַך אָפּגעדרוקט...

נעם איך שוין פון דעם נומער צוויי עקזעמפּליאַרן... דאָס איז האַלב דערלויבט, בּיפראַט ווען מײַנער אַן אַרטיקל איז דאָ... איז איין עקזעמפּליאַר פאַר מיר צו באַהאַלטן, און דער צווייטער — פאַר נאָכעם ראַבּינאָוויטש...

מיט דעם נומער, ווו עס איז דאָ מײַן זאַך, גיי איך שוין צו מײַן אַבּאָנענט אַבּיסל אומרויִק און עפּעס האָב איך מוירע... ווער ווייסט, צי וועט דאָס ווײַבל — נאָכעם ראַבּינאָוויטש עקזיסטירט שוין ניט פאַר מיר — ניט כאַפּן זיך, אַז איך בין ניט קײַן צײַטונג־טרעגער, נאָר דער שרײַבער פון דעם אַרטיקל אַליין...

איך קום אַרײַן אין וווינונג, ווי מיט אַ קאָנטראַבּאַנד־אַרטיקל, דער מאַן איז ווידער ניטאָ, נאָר זי. איך וואַרף איר צו דעם נומער און וויל שוין אַרויס, אָבער זי פאַרהאַלט מיך.

— אַך, אַ טײַערע בלאַט... אַ פֿאַרגעניגן צו לייענען...
איך גיב צו, אַז יאָ... די גרעסטע שרײַבער שרײַבן דאָ...
קוקט זי מיך אָן מיט נאָך מער צופֿרידנהײַט און וויל זיך צערעדן.
אָבער איך זאָג שנעל „א גוטן" און פֿאַרשווינד...
איך זוך שוין ווידער פּלענער, וויאַזוי צו אַבאָנירן זיי אַף דעם געזעצלעכן וועג און איך זאָל פֿרײַ ווערן פֿון אָט דער קאָמישער שליכעס.
נאָר אַז עס דערשײַנט דער גײַער נומער שוין אָן מײַנס אַן ארטיקל, באַרעכן איך זיך, אַז מיט אַזאַ נומער איז שוין ניטאָ וואָס צו שעמען זיך צו טראָגן אים דעם אַבאָנענט...
קום איך שוין צו גיין מיטן נומער, ווי א באקאנטער צײַטונג־טרעגער, און אײַל זיך ניט אַזוי שטאַרק.
דאָס ווײַבל איז שוין גאָר פֿרײַנטלעך. איר פּאָנעם שטראַלט, זי בלעטערט דעם נומער מיט ליבע און רופֿט זיך אָן:
— אַ שאָד, הײַנט איז זײַנס גאָר נישטאָ... אַך, פֿאַראַכטאָגן איז געווען אַזאַ שיינע זאַך פֿון אים... פֿון — — —
און זי רופֿט אָן מײַן נאָמען...
דאָס ערשטע מאָל פּאָנעם־על־פּאָנעם מיט אַ לעזערן. און זי גיט נאָך צו:
— מ׳זאָגט, אַז ער ווױנט דאָ הי...
איך האָב מוירע אופֿצוהייבן די אויגן אַף איר, זי זאָל מיך ניט דערקענען. און אָן „אַ גוטן טאָג" צו זאָגן פֿאַרשווינד איך.
און אַ דאָפּעלן געפֿיל האָב איך געהאַט; עס האָט מיך געפֿרייט און געשראָקן... און זיך געפֿילט ווי איך וואָלט אָפּגענאַרט מײַן לעזערן, מײַנע אַלע לעזער, און איך האָב זיך דערפֿילט נאָך זינדיקער...
און דאָ שטעל איך שוין אין קאָן ניט נאָר מײַן נאָמען, נאָר דעם נאָמען פֿון אַ יידישן שרײַבער ביכלאַל...
אין איך האָב אין אַ וואָך אַרום אַבאָנירט נאָכעם ראַבינאָוויטשן אַפֿן געזעצלעכן וועג".

דער שריפֿטשטעלער האָט פֿאַרענדיקט, פֿרײַ אָפּגעאָטעמט און פֿרײַנטלעכער געשמייכלט צו זײַנע קאָלעגן, ווי ער וואָלט זיך אַנטשולדיקט פֿאַרן האַלב־טרויעריקן, האַלב־קאָמישן עפּיזאָד.

# אָן אַן אונטערשריפט

דער קאָנספּיראַטיווער טוער יאַקאָבי האָט באַ דעם יונגן פּאָעט אַרן בלומפעלד, ווען ער האָט אים באַגעגנט אין גאַס, געבעטן אין אַן עמעס שטרענגן, אופאָדערנדיקן און אויך פון אויבן־אַראָפּיקן טאָן אַ ליד פאַר דעם ערשטן־מײַ־נומער „אין קאַמף״, וואָס דרוקט זיך ערגעץ אונטערערדיש. דער נומער לעקאָוועד דעם ערשטן מײַ, מיט אַלערליי שווערע און רעוואָליוציאָנערע מאַטעריאַלן, וועט אויסזען מער יאָנטעוודיק מיט א ליד.

— עס דאַרף אָבער ניט זײַן קײַן ליד, נאָר אַ באָמבע, עס זאָל אופרײַסן! — האָט יאַקאָבי פאַרענדיקט זײַן באַשטעלונג, קלאַפּנדיק מיט גרינגשעצונג בלומפעלדן איבער דער פּלייצע.

און אָנקוקנדיק דעם פאַרווירטן יונגן פּאָעט, האָט ער אים נאָך שטרענגער געלערנט:

— דער גראַם, ווי דער גראַם, נאָר די ווערטער זאָלן זײַן שטאַרק, אָט אין דעם אויפן, לעמאָשל, ווי...

יאַקאָבי האָט געזוכט אין זיקאָרן א מוסטער פון אַזאַ מין ליד; נאָר ניט געפינענדיק גלײַך, האָט ער אַליין אימפּראָוויזירט:

„מיר וועלן צעשמעטערן, מיר וועלן צעברעכן די קייטן...״

און ניט געפינענדיק קײַן שטאַרקערע ווערטער, האָט ער געפאָכעט מיט די פויסטן אין דער לופט און סימבאָליזירט:

— אָט פון דעם מין לידער!

און ער האָט מיט איראָניע צוגעגעבן:

— קײַן בלימעלעך און קײַן פייגעלעך ווילן מיר ניט — דאָס וועט איר געבן אײַערע קאָשערע זשורנאַלן... — און ער האָט זיך צעלאַכט.

בלומפעלד האָט פאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. ער האָט זיך דערמאָנט אָן זײַן ליד, וואָס ער האָט מיט אַ וואָך צוריק פאַרעפנטלעכט אין דעם ליטעראַרישן זשורנאַל. אין יענעם ליד זײַנען טאַקע געווען אי בלומען, אי פייגל. און ער האָט ווי פאַר־שולדיקט געפרעגט:

— איר האָט דען געלייענט מײַן ליד פון יענער וואָך?

— ווי געלייענט? — האָט זיך יאַקאָבי אָפּגערופן, ווי פון אַ טרייפער סכוירע...— מיר איז גענוג געווען דאָרטן דער ציאָניסטי־שער אַרטיקל. נאָר איך ווייס דען ניט, וואָס פּאָעטן שרײַבן?..

האָט זיך בלומפעלד נאָך שטאַרקער פאַרשעמט. עס הייסט, אַז אפילו ניט־געלייענטערהייט ווייסט מען וואָס ער זינגט. ער איז בא זיך געוואָרן שטאַרק אַראָפּגעפאַלן און האָט באַשלאָסן צו ווײַזן יאַקאָבין, וואָס ער, בלומפעלד, קאָן, און זאָל יענער ניט מיינען, אַז ער איז טאַקע אַזאַ בורזשואַזער פּאָעט...

— איך שרײַב ניט נאָר פון בלומען און פייגל, — האָט ער זיך פאַרטיידיקט פאַר יאַקאָבין,— איך שרײַב סאָציִאַלע לידער אויך...

— נו, יאָ... איך ווייס... דערפאַר וועגד איך זיך דאָך צו אײַך נאָך אַן ערשטן־מײַ־ליד... איך ווייס, אַז איר זײַט אונדזע־רער אַ שטיקל קאָרעוו...

— מער ווי אַ קאָרעוו! אַ ברודער, — האָט בלומפעלד פּאַ־טעטיש אויסגערופן.

נאָר דער אויסרוף איז שוין פאַר דעם האַרטן יאַקאָבין געווען צו סענטימענטאַל, און ער האָט איבערגעריסן:

— יאָ, מיר ווייסן אַלץ; איז, אַלזאָ, אַ ליד פאַרן ערשטן מײַ, נאָר געדענקט — אַ באָמבע!

און יאַקאָבי איז שנעל, ווי זײַן שטייגער איז, אַוועק...

בלומפעלד איז געבליבן אין גאַס אַליין. האָט זיך אומגעקוקט, צי קוקט מען אים שוין ניט נאָך... אים האָט זיך געדאַכט, אַז מיט דעם צוזאָג אַליין איז ער געוואָרן אומלעגאַל.

איבערהויפּט איז שטיין אין גאַס און רעדן מיט יאַקאָבין שוין געווען פאַרדעכטיק. שפּיאָנען, ווי בייזע מאַלאָכים, זײַנען אים נאָכגעגאַן אַף שריט און טריט. באַגריסן יאַקאָבין איז שוין געווען גענוג, אַז מע זאָל דעם באַגריסער, אויב נישט אַרעסטירן, איז

וויניקסטנס מאַכן באַ אים אַ רעוויזיע אינמיטן נאַכט און פאַר־
נעמען אַלע פּאַפּירן, וואָס געפינען זיך אין אָרעמען צימער...

נאָר פון דער אַנדערער זײַט האָט ער זיך אָפּזאָגן ניט גע־
קענט. בלומפעלד האָט געוווּסט, אַז די צוקונפט געהערט צו די
יאַקאָבּיס, און ביפראַט, אַז ער אַליין איז פול מיט רעוואָליוציָ־
אָנערן פלאַם, און אויב ער שטייט פונווײַטן און נעמט ניט קיין
אַקטיוון אָנטייל אין קאַמף, איז בלויז דערפאַר, ווײַל דאָס „אַרײַנ־
פאַלן" וועט אים שטערן צו שאַפן.

עס זײַנען אָבער געווען מאָמענטן, ווען אויך די מוירע האָט
ניט געשטערט בלומפעלדן צו ווײַזן זיך מיט זײַן רעוואָליוציָאָנערן
גײַסט. און דעמאָלט האָט ער נישט נאָר ניט מוירע געהאַט פאַר
די פּאָלגן, נאָר פאַרקערט, געזוכט די געפאַר און נישט גערעכנט
זיך, וואָס וועט זײַן.

און גייענדיק אַליין אין גאַס, נאָך יאַקאָבּיס פּאָרשלאַג, איז
ער ווי אָנגעשטעקט געוואָרן מיט יענעמס מוט און גע־
וואַגטקײַט.

און ער האָט זיך שוין גענומען וועבן דאָס ליד פאַרן ערשטן מײַ.

דאָס ליד איז אָנגעשריבן געוואָרן פריִער פאַרן טערמין.

בלומפעלד האָט עס געהאַלטן גרייט אין טאַש און ניט גע־
קענט זיך מיט אים שיידן.

דערצו איז ער ניט געווען זיכער, צי וועט דער שטרענגער
יאַקאָבּי אַנערקענען דאָס ליד אַלס גענוג רעוואָליוציָאָנער און
פּאַסיק פאַרן ערשטן מײַ... אויך איז געווען אַ גרויסע שוועריִ־
קײַט ווי אַזוי איבערצוגעבן דאָס ליד. צו יאַקאָבּין אַהיים גיין קען
מען נישט. זײַן וווינונג ווייסן נאָר געציילטע מענטשן, די אויס־
דערווײלטע פון דער באַוועגונג. איבערגעבן עס אים באַם טרעפן
זיך אין גאַס, איז דאָך אַ סאַקאָנע, אַ שפּיאָן קאָן גלײַך באַמערקן,
און די באַווײַזן זײַנען אַפן אָרט.

נאָר אַז דער טאָג פון טערמין איז אָנגעקומען, האָט בלומ־
פעלד דערהערט אַ שטיל, פאָרזיכטיק קלאַפּן אין טיר פון זײַן
צימער. ער האָט זיך געלאָזט גיין שנעל עפענען די טיר, און אין
צימער איז אַרײַן יאַקאָבּי.

האָבן יאַקאָבין אַלס גאַסט באַ זיך אין צימער איז געווען אַ געפּאַר; נאָר די זכיה איז געווען גרעסער, ווי די געפּאַר.

בלומפעלד האָט צוגעקייטלט די טיר און מיט פרייד אָנ־געזאָגט:

— איך האָב עס פאַרטיק — איר ווילט הערן?

— געוויס, עס קען זײַן, אַז עס זאָל נאָך נישט טויגן אויך,— האָט יאַקאָבי געדראָט.

בלומפעלד האָט גוטמוטיק געשמייכלט. ער איז געווען זיכער אין זײַן ליד; ער האָט פאָרגעלעזן...

יאַקאָבי האָט הערנדיק געקנייטשט דעם שטערן, ווי מע וואָלט אים נישט קיין ליד, נאָר אַ שווערן אַרטיקל פאָרגעלעזן; עס האָט אָבער ניט געהייסן, אַז דאָס ליד געפעלט אים ניט. פאַרקערט, ס׳האָט באַטײַט, אַז ער נעמט עס אויף זייער ערנסט.

איצט בלײַבט די פראַגע: ווי זאָל ער זיך אונטערשרײַבן? ער האָט זיך געשעמט פאַר יאַקאָבין צו ריידן וועגן דעם.

דאָך האָט ער געגעבן לײַכט אָנצוהערעניש:

— נו, ווי אַזוי וועט עס זײַן געדרוקט — איך מיין וועגן דעם נאָמען?

— נאַטירלעך, אָן אײַער אונטערשריפט, — האָט יאַקאָבי, וואָס האָט געוווּסט ווי אַזוי צו זײַן קאָנספּיראַטיוו, געענטפערט, — אַנאָנים!..

דאָ האָט בלומפעלדן אָנגענומען אַ גרויסער צאַר — אָט דאָס ליד וועט זײַן געדרוקט אָן זײַן נאָמען! ער איז געוווּנט געוואָרן פאַר יעדן שיין און געלונגענעם וואָרט קריגן גלײַך אָנערקע־נונג... און דאָ וועט מען אַפילע נישט וויסן, וועמען צו רימען פאַר זײַנע געוואַגטע פערזן...

און ער האָט געהאַלטן דאָס שטיקל פּאַפּיר אין האַנט נאָך אָן אַן אונטערשריפט און זיך געשלאָגן מיט דער דייע.

— וואָס, איר האָט מוירע צו געבן? — האָט יאַקאָבי גע־שמייכלט... — קיינער וועט נישט וויסן, אַז עס איז אײַערס, פאַר־לאָזט זיך אַף מיר, איך קען זײַן קאָנספּיראַטיוו...

— יאָ, געוויס, — האָט בלומפעלד געמורמלט — איך געטרוי אײַך, איך וואָלט אָבער געוואָלט...

— וואָס, האָנאָראַר אַוואַדע? — האָט יאַקאָבי געלאַכט.

— ניין, גאָט זאָל אויסהיטן, — האָט זיך בלומפעלד באַליי־דיקט. — איך טראַכט נאָר וועגן דעם, ווי אַזוי גיט מען עס אַוועק אַ ליד גאָר אָן אַן אונטערשריפט...

— אַך, אַזוי גאָר? — האָט יאַקאָבי זיך בייז פאַרקרימט, — איר ווילט דאַפקע אייַער נאָמען? יאָ, באַרימטקייַט איז ניט קיין קליי־ניקייַט באַ אייַך, פּאָעטן. נו, אַ פאָלק, — האָט ער געכוויזעקט. — נאָר איך האָב קייַן צייַט נישט. גיט אַהער דאָס ליד. מע וועט אייַך שוין אַ נאָמען געבן, ווי עס פּאַסט פאַר אייַער ליד. און סייַ־ווי־סייַ, כאַווער, — איז יאַקאָבי פּלוצלינג ליריש געוואָרן, — וואָלט זיך אייַער ריכטיקער נאָמען ניט געפּאַסט. איר זייַט אין אייַער ליד סייַ־ווי־סייַ אַן אַנדערער.

בלומפעלד האָט זיך פאַרשעמט פון דער לעצטער באַמערקונג און געפרעגט:

— וואָס הייסט עס? — האָט בלומפעלד אַף אים אויסגעשטעלט די אויגן...

— אָט־אַזוי איז עס. מיר זייַנען אַלע אַנדערע, ווען מיר טוען עפּעס פאַר דער באַפרייַונג פון דער וועלט. וואָס מיינט איר, אַז דאַפקע אייַער ליד איז דער איקער? אָט וועל איך האָבן דרייַ אַר־טיקלען אין דער מייַ־זאַמלונג, און ווער וועט וויסן, אַז איך האָב זיי געשריבן?

און נאָך אַ פּויזע האָט ער צוגעגעבן נאָך לירישער:

— און ווייסט איר דען, טייַערער, אַז מייַן גאַנצע אַרבעט, וואָס איך אַרבעט, איז נישט אַף מייַן נאָמען? איז דען מייַן נאָ־מען יאַקאָבי? און ווער ווייסט ווי אַזוי מייַן נאָמען וועט זייַן אין אַ וואָך אַרום, ווען איך וועל אַוועקפאָרן אין אַ צווייטער שטאָט?

בלומפעלד האָט אויסגעהערט די ווערטער און אָנגעקוקט יאַ־קאָבין, ווי ער וואָלט אים נישט געקענט. פאַר אים איז נישט געשטאַנען דער געוועזענער רעוואָליוציאָנער, נאָר אַ גוטער, אַ מילדער און א הייליקער...

ער האָט שנעל, אָן קייַן שום באַדינגונגען, איבערגעגעבן דאָס ליד און פייַערלעך געזאָגט:

— טוט מיט דעם וואָס איר ווילט.

ווען די זאַמלונג איז דערשינען, איז שוין יאַקאָבי אין שטאָט ניט געווען. בלומפעלד האָט זי שוין געמוזט באַקומען קאָנספּיראַ־טיוו פון א צווייטן רעוואָליוציאָנער. ער האָט גלייך אופגעמישט דאָס בלאַט, ווו דאָס ליד איז געווען געדרוקט מיט גרעסערע אויסיעס. דידאַזיקע אויסצייכענונג האָט אים געשמייכלט... זיין בליק איז געפאַלן אַף דער אונטערשריפט, וואָס האָט פאַרמאָגט בלויז איין בוכשטאב, און אַזאַ בוכשטאַב, וואָס איז אין זיין נאָ־מען נישטאָ... ער האָט אַ שמייכל געטון און זיך געווענדעט צום כאַווער, וואָס האָט אים די זאמלונג געבראכט:

— ווּעמענס ליד קאָן דאָס זיין?

— ווער קען וויסן; עס איז שטרענג קאָנספּיראַטיוו. נאָר וואָס איז דער כילעק וועמענס עס איז, אַבי עס איז גוט...

בלומפעלד האָט זיך געשטאַרקט נישט אַרויסצוווייזן זיין אי־נערלעכע אופרעגונג, הערנדיק די מיינונג. ער האָט זיך אָבער געפילט געהויבענער ווי שטענדיק, און אין זיין געמיט האָבן זיך שוין געוועבט נייע לידער...

# צוויי פרײַנט

מע האָט אָנגעקלונגען.

ווער קומט עס. אַזוי שפּעט? — האָט דער יונגער מר. היימאַן אַ טראַכט געטון.

ער האָט אופגעעפנט די טיר.

אַפן שוועל האָט זיך באַוויזן א יונגערמאַן פון אַ יאָר עטלעכע און דרײַסיק.

— באָריס! — האָט היימאַן פריילעך אויסגערופן — ווי קומסטו אַהער? אזוי לאַנג זיך ניט געזעען.

היימאן האָט דעם גאסט באַטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס און ענדלעך זיך אָנגערופן:

— ביסט אַלץ דערזעלבער טרעמפּ.

— יאָ, דערזעלבער! — האָט באָריס זיך ניט זשענירט און פרײַ געענטפערט. — און דו, היימאַן?

— איך? — האָט היימאַן איבערגעפרעגט, נעמענדיק דעם אלטן פרײַנט אונטער דער האַנט און אַרײַנפירנדיק אים אין זאל — איך? זעסט דאָך...

— יאָ, איך זע... האָט באָריס, באטראכטנדיק דעם רײַך־מעב־לירטן זאַל, צוגעשטימט — ביסט, ווי מע זאָגט, אָל־רײַט אין אמעריקע.

— נישט נאָר אין אַמעריקע. איך וואָלט אומעטום געווען אָל־רײַט.

— האָסט שיינע מעבל! — האָט באָריס געלויבט, ווארפנדיק בליקן אַף דעם טײַערן דיוואַן, וואָס איז געשטאנען ווי א לעבע־דיקע זאַך, שטאָלץ אָנגעלענט מיטן אויסגעדרייטן רוקן אָן וואַנט.

— אָ, יאָ! — האָט היימאַן זיך אָנגעכאַפּט — דאָס מעבל האָט מיר געקאָסט אַסאַך געלט. איך האָב מיך לאַנג געקווועלט, אָבער איצט, א דאַנק גאָט, איז דאָס מײַנס — איך האָב עס שוין אויס־געצאָלט...

באָריס איז צוגעגאנגען צו דער פּיאַנאָ, א קלאַפּ געטון אַ ביינדל. דאָס ביינדל האָט א יאָמער געטון... באָריס האָט זיך אָנ־גערופן:

— אַ זעלטענע פּיאַנאָ!

— די פּיאַנאָ איז אויך גענומען אף אויסצאָלן... קאָסט אַסאַך געלט... אָבער איצט איז זי שוין מײַנע — אינגאַנצן אַן אויסגע־צאָלטע...

— ביסט אַ באַזאָרגטער מענטש! — האָט באָריס מיט אַ קאַם באמערקטן שמייכל זיך אָנגערופן.

— נו, אָ, גאָט זײַ דאַנק... איך קאָן מיך נישט באקלאָגן... אָט אַלץ, וואָס דו זעסט, איז אייגנס, אויסגעצאָלטס... איצט האָב איך נאָך אויסצוצאָלן א הײַזל, וואָס איך האָב געקויפט אין איסט ניו־יאָרק... אָבער, גאָט צו דאנקען, אינגיכן וועט עס זײַן אן אייגנס... איך וועל עס שוין באלד אויסצאָלן... איך ליב אלץ צו האָבן אייגנס...

— יאָ, יאָ, נאַטירלעך! — האָט באָריס צוגעגעבן.

באַלד האָט זיך אין דערבײַיִקן צימער דערהערט אַ שטיל, אָבער לוסטיק זינגען.

— ווער זינגט עס דאָרטן בא דיר? — האָט באָריס געפרעגט...

— דאָס זינגט מײַן פרוי... זי גרייט פאָר עפּעס... זי איז זייער אַ לוסטיקע... אַך, ברודער, עס איז מיר גענוג שווער אָנ־געקומען צו קריגן זי. א זעלטענע שיינהײַט... זי האָט געהאַט אַסאַך באַלאָנים אַף זיך... אָנפאַנגס האָט זי זיך פארליבט אין מיר, נאָכדעם האָט זי ערפאַרן, אַז איך מאַך ניט קיין סאַך געלט, האָט זי כאַראָטע געהאַט און האָט זיך פארליבט אין אַ צווייטן. יענער איז בעעמעס רײַכער געווען פאַר מיר, א פאַבריקאַנט... איך האָב אָבער אָנגעווענדעט אַלע מיטלען צו קריגן זי צוריק... איך האָב מײַנעם אַ רײַכן דזשולערי־פּעדלער, האָט ער מיר געגעבן אַף אויסצאָלן די בעסטע צירונג. איין בראַסלעט, וואָס איך האָב איר

געגעבן, האָט אָנגעטראָפן איבער טויזנט דאָלאַר, אויסער אויריג־
גען, פינגער־רינגען, אַ קייט... אָבער איך האָב עס אַלעס, גאָט צו
דאַנקען, אויסגעצאָלט... איך האָב זי געקריגן... איצט איז זי
מײַנע, מײַנע.

און איידער באָריס האָט צײַט געהאַט עפּעס צו זאָגן, האָט
זיך די טיר פון קעגניבערדיקן צימער געעפנט און עס האָט ער־
שײַנט אַ יונג, שיין־אויסגעפּאַשעט ווײַבעלע.

היימאַן איז מיט אַ זייער עלעגאַנטער באַוועגונג צוגעגאַנגען
צו זײַן פרוי און, אָנעמענדיק זי פאַר דער האַנט, האָט ער זי צו־
געפירט צו באָריסן און פאָרגעשטעלט:

— דאָס איז מײַנער אַ יוגנט־פרײַנט: באָריס...

און ווענדנדיק זיך צו באָריסן, האָט ער צוגעגעבן, קוקנדיק
אויף דעם ווײַבל:

— און דאָס איז מײַן פרוי...

דאָס ווײַבעלע האָט כיינעוודיק אַ שמייכל געטון און אויס־
געשטעלט אַף באָריסן די שוואַרצע פינקלדיקע אויגן, ווי זי וואָלט
אײַנגעשטימט, אַז אַזוי איז דאָס.

דעמזעלבן שמייכל, דוכט זיך, האָבן אויך געטון די פאָר אוי־
רינגען, וועלכע זײַנען, ווי היימאַן האָט פאַרזיכערט, געווען שוין
אויסגעצאָלטע.

דאָס ווײַבעלע האָט זיך מיט אַ זיס שמייכעלע אַנטשולדיקט,
אַז זי האָט נאָך עפּעס צו ענדיקן אין איר צימער. און זי איז
אַרויס.

היימאַן און באָריס זײַנען ווידער געבליבן אַליין.

— און דו, באָריס? וואָס הערט זיך מיט דיר? ביסט נאָך
אַלץ אַזוי?...

— איך? — האָט באָריס, ווי פאַרטראַכטנדיק זיך, אַרויסגע־
מורמלט — איך, ברודער, האָב נאָך גאָרנישט... נאָך גאָרנישט
אויסגעצאָלט...

— ס׳הייסט, ביסט נאָך אַלץ אַזוי אַ וואַנדער־פויגל... — האָט
היימאַן מיט אַ שטילן פאָרוואָרף געפרעגט דעם פרײַנט, אַרײַנקוקנ־
דיק אים מיט געפיל אין די אויגן.

— יאָ, ברודער, — האָט באָריס צוגעגעבן... — אַלץ אַזוי...

— מיר געפעלט עס נישט — האָט היימאַן ווי געמוסערט... אָט, נעם אַראָפּ אַ בײַשפּיל פון מיר... זיך אײַנגעאָרדנט... האָב אַ הויז, מעבל, אַ פּיאַנאָ, אַ שיין ווײַבל...

— און וואָס נאָך? — האָט באָריס מיט אַ באַהאַלטענעם שמייכל געפרעגט.

— וואָס נאָך? וואָס דאַרף מען נאָך, אייגנטלעך... שפּעטער, האָף איך, וועט זײַן אַ קינד...

— און דאָס גאָר? — האָט באָריס איבערגעפרעגט.

— איז דאָס דען ווייניק? — האָט היימאַן זיך געוווּנדערט.

— אָ, ברודער, דאָס איז אַסאַך... אַסאַך... פאַר מיר אָבער איז דאָס גאָרנישט...

— וואָס וואָלסטו דען געוואָלט? ...

— איך? — האָט באָריס ניט אָן שטאָלץ איבערגעפרעגט. — איך וויל, די גאַנצע וועלט זאָל זײַן מײַנע.

היימאַן האָט ווי דערשראָקן אים אָנגעקוקט:

— די גאַנצע וועלט?... וואָס רעדסטו? ראָקפעלער, ראָטשילד האָט עס אויך ניט...

— און איך האָב עס יאָ... האָט באָריס נאָך שטאָלצער געמאָלדן...—איך האָב פון דער וועלט גאָרנישט גענומען, איך זאָל איר דאַרפן אויסצאָלן, און דערפאַר איז זי אינגאַנצן מײַנע...

און אין אַ ווײַלע אַרום, דערפילנדיק דעם אָפּגרונט, וואָס ליגט צווישן זיי ביידן, האָבן זיך די פרײַנט צעשיידט.

היימאַן איז געבליבן בא זײַן מעבל, פּיאַנאָ און זײַן פרוי, און באָריס איז אַ פרײַער מיט אַ זאָרגלאָזן שמייכל אַרויסגעגאַנגען, ניט וויסנדיק אליין וווּהין...

ענדלעך, איז ער אַרויס אַף אַ ברייטער אַליי, באַזעצט פון ביידע זײַטן מיטביימער, און פון ווײַטן האָבן אים פריילעך צוגעווונקען אַסאַך פײַערלעך...